די רעדאַקציע פֿון „ירושלימער אַלמאַנאַך" שיקט איבער די האַרציקסטע ברכות צו דער באַרימטער יידישער זינגערין, קולטור-און-כלל-טוערין

## עמא שייוועך

צו איר ווערן אַ בת שמונים ביז הונדערט און צוואַנציק.

מיר פֿאַראייניקן זיך צו די הונדערטער באַגריסער, סײַ די וואָס באַגײַסטערן זיך מיט איר ווונדערלעך געזאַנג און סײַ יענע יחידים און קולטור-אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן גע-שטאַרקט זייער שעפֿערישקייט אַ דאַנק עמאַס ברייטהאַרציקער וווילטעטיקייט.

מיר ווינטשן איר לאַנגע געזונטע יאָר פֿון פֿרייד נחת און ווײַטערדיקע מעשים טובים!

# ירושלימער

# אַלמאַנאַך

16

1985

ייִדישע שרײַבער-גרופּע אין ירושלים
פֿאַרלאַג „אײגנס"

JERUSHALAIMER ALMANACH

YIDDISH WRITERS GROUP
IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר: **יוסף קערלער**
מיטרעדאַקטאָרן: **מאיר חרץ, אפֿרים שעדלעצקי**

ערשטער מיטרעדאַקטאָר: **דוד ספֿאַרד ז״ל**

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון הסוכנות היהודית בא״י
און דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.





נדפס בישראל 1985
בדפוס ״צור־אות״, ירושלים

# אינהאַלט:

## קיום



## פון יענער זיַיט וועלט



*

**אויף דער וואַך פון זכרון**



**שרייַבער און ווערק**

# קיום

## יאָסל בירשטיין

## ניין קליינע מעשיות

### צווישן טאַנצנדיקן עולם

איך האָב געבעטן דעם פּאַליציאַנט ער זאָל מיר אָנווײַזן די ריכטונג צו דער יעלין־גאַס אין מקור ברוך, ירושלים, און ער האָט מיר באַגלייט ביז אַהין צו דעם גאַנצן וועג. מען האָט דאָרט געפּײַערט חנוכת ספר־התורה און איך בין געגאַנגען אַהין קוקן אויפֿן פֿריילעכן עולם. דער פּאַליציאַנט איז געגאַנגען אַהין אים צו צעטרײַבן.

נאָך אַ לאַנגן און שווערן טאָג אַרבעט, האָט ער זיך באַקלאָגט, ווען ער איז שוין געווען אויפֿן וועג אַהיים, האָט מען אים געשיקט בודק זײַן דעם רוישיקן עולם וואָס איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן אָן אַ דערלויבעניש. דער פּאַליציאַנט האָט נישט אָנגעהויבן פֿאַרשטיין וואָס מען האָט דאָס צו זײַן אַזוי פֿריילעך אין מיטן ווינטער. און נאָך אין דרויסן דערצו. אַ קעלט. אַ מיאוסער ווינט. ס'האָט געדראָט מיט רעגן אַ ליאַדע מינוט און ס'איז שוין אויך געווען גוט פֿינצטער.

דער פּאַליציאַנט האָט צוגעזאָגט דעם שאָפֿער אין דער טאַקסי, וועלכער איז געבליבן שטעקן אין אָנהויב פֿון דער יעלין־גאַס און נישט געקענט פֿאָרן ווײַטער, אַז באַלד וועט דער וועג ווערן פֿרײַ. דאָס מאָל וועט דער פּאַליציאַנט זיך נישט שפּילן מיט קיינעם. ער וועט אַלעמען שנעל צעטרײַבן, אָן חכמות.

אָבער דורכן הילכער האָט מען אָנגעזאָגט די פֿאַרזאַמלטע, מען זאָל זיך נישט צעגיין. צו ערשט אויף ייִדיש און נאָך דעם אויף העברעיש האָט מען צוגעזאָגט די קינדער אַז באַלד וועט מען טיילן צוקערלעך, קיכלעך און נאָך נאַשוואַרג. אַ קליין מיידל פֿון אַ יאָר נײַן, האָט, דאָס דערהערנדיק, זיך געלאָזט לויפֿן אַהיים רופֿן איר ברודערל און זי איז פֿון אײַלעניש אַרײַן צווישן די פֿיס פֿון פּאַליציאַנט.

„הירש־הײַמל!‟ האָט זי גערופֿן.

דער פּאַליציאַנט האָט זיך פֿון איר אָפּגעשאָקלט. ער האָט אַרויסגעצויגן פֿון זײַן לעדערן טעשל דעם פּנקס צו פֿאַרשרײַבן אַ פּראָטאָקאָל און ער האָט זיך געשטופּט צום פּלאַץ פֿון וואַנען די קולות האָבן זיך געטראָגן, צום שוואַרצן, פֿאַר־

מאַכטן וואָגן מיטן הילכער אויפן דאַך. אויפן וואָגן איז געווען אָנגעמאָלט מיט ווייַסע אותיות אַ פּסוק פון תהילים און דער אַדרעס פון דער חברה־קדישא. אויפן דאַך, העכער נאָך פאַרן הילכער, האָט מען אַרויפגעשטעלט אַ פּראָזשעקטאָר וואָס האָט זיך געוויגט אין ווינט און געוואָרפן דאָס ליכט אַרויף און אַראָפּ.

דעם פּאַליציאַנט איז נישט געלונגען זיך דערשטופן צום וואָגן. ער איז אַרייַנגעכאַפּט געוואָרן אין מיטן פון טאַנץ, אין דעם טומלדיקן געווירבל פון שטרייַמלעך, קאַפּאָטעס, בערד און קאַפּעליושן, כמעט אַלץ אין שוואַרץ. דער פּאַליציאַנט האָט אָנגעכאַפּט בייַ די אַקסלען אַ געלן חסיד וואָס האָט געטאַנצט מיט דער ספר־תורה אין זייַנע אָרעמס, און פאַרלאַנגט דעם נאָמען און משפחה־נאָמען. אָבער דער געלער חסיד האָט צוריק געשריגן אַז ער וועט אויסזאָגן זייַנעם אויב דער פּאַליציאַנט וועט פריער אָנגעבן זייַן אייגענעם און אויך זייַן טאַטנס נאָמען. מען האָט געשטופּט דעם פּאַליציאַנט פון אַלע זייַטן אָבער מיט אַ מאָל איז די ספר־תורה געווען אין זייַנע אָרעמס און דורכן הילכער האָט זיך געהערט דאָס קול פון געלן חסיד ווי ער רופט מיט אַ ניגון דעם פּאַליציאַנט צו דער עליה:

״יעמוד השוטר אברהם־משה בן נח־נפתלי!״

דער פּאַליציאַנט האָט אַרומגענומען פעסטער די ספר־תורה, דער חסיד האָט אים געהאָלפן אַרייַנשטופן דעם פּנקס צוריק אין טעשל אַרייַן, ער האָט אויך גלייַך געמאַכט דאָס היטל אויפן פּאַליציאַנטס קאָפּ, און די גאַס האָט זיך אויף ס׳נייַ צעטאַנצט אין דער גאַנצער ברייט פון הייַזער צו הייַזער אין אַ קרייַז נאָך אַ קרייַז, ביז דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיטן פּאַליציאַנט בראש צום בית־הכנסת אויפן נאָמען פון ״ישיבת הבנים השבים״.

ערשט דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן צעטיילן די צוגעזאָגטע צוקערלעך. קינדער זענען געשפּרונגען צווישן די פיס ווי היימישע עופות און געכאַפּט דאָס נאַשוואַרג.

ווען דער וועג איז געוואָרן פרייַ האָט דער שאָפער פון דער טאַקסי, בייז און ביטער, זיך פאַרדרייט אין עק פון גאַס מיט אַ שנעלקייט אַזש די רעדער האָבן געסקריפּעט. אין אַט דער רגע איז אָנגעלאָפן אַנטקעגן אויפן טראָטואַר דאָס קליינע מיידל וואָס האָט פריער זיך פאַרפּלאָנטערט צווישן די פיס פון פּאַליציאַנט. אויך זי האָט אַ פאַרסאָפּעטע זיך געטאָן אַ פאַרדריי, כמעט אַזוי שנעל ווי די טאַקסי.

״שנעלער! הירש־חייַמל!״ האָט זי גערופן איר ברודערל וועלכער איז געלאָפן נאָך איר, און זי האָט זיך ראַפּטום פאַרהאַלטן לעבן שוואַרצן וואָגן פון דער חברה־קדישא.

ווייַט אַוועק, בייַם סוף פון דער גאַס האָבן זיך נאָך אָנגעזען שאָטנס פון טאַנצנדיקן עולם. זיי זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצטערניש, און דאָ אויפן דאַך פון פאַרמאַכטן וואָגן, האָט דער פּראָזשעקטאָר זיך נאָך אַלץ געוויגט אין ווינט, אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און ממשיך געווען אויף דער אויסגעליידיקטער גאַס דעם שטילן טאַנץ פון ליכט און שאָטן.

מסתמא צוליב אונדזערע נעמען פאַרטוישט מען אונדז ביידן, מײַן חבר דעם מאַלער יאָסל בערגנער און מיך. זײַענס אַ שכנה אויף רחוב ביַלו, תל־אביב, האָס אים איין מאָל פאַרהאַלטן און געזאָגט אַז יעדן דאָנערשטיק שטעלט זי אָן דעם ראַדיאָ צו הערן די מעשה וואָס ער דערציילט דאָרט אַלע וואָך. ווען ער האָט איר געזאָגט אַז זי מאַכט אַ טעות, ס'איז נישט ער, האָט זי אויסגערופן בייזלעך:

"וואָס, דו שעמסט זיך?"

דער אמת איז, אַז שוין גאָר לאַנג ווי עפּעס פון מײַן חבר האָט זיך עס צוגעקלעפּט צו מיר. פיר יאָר האָבן מיר אָפּגעווווינט אין איין געצעלט אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין דער אויסטראַלישער אַרמיי.

שוין אויפן וועג קיין אויסטראַליע, אין דער שטאָט אַלזשיר, האָב איך געוווּסט, אַז איך וועל אים אַנהייבן נאָכטאָן. ס'איז געווען ווען די פראַנצויזישע שיף האָט פאַראַנקערט אין פּאָרט און מיר זענען אַראָפּ אַ קוק טאָן אויף דער שטאָט. אַ בחור האָט אונדז אָפּגעשטעלט, אַנגעטײַט אויפן מגן־דוד וואָס ער האָט געטראָגן אויפן האַלדז, געזאָגט אַז ער איז אַ וועג־ווײַזער און געפּרעגט צי מיר האָבן עפּעס געלט. ווען מיר האָבן אויסגעליידיקט די קעשענעס, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דאָס געלט פון אונדזערע הענט און אַנטלאָפן.

"כאַפּט דעם גנב!" האָב איך געשריגן אויף יידיש און געווען אַ שפּאָר ביסל פאַרצווייפלט, ווײַל מער האָבן מיר נישט פאַרמאָגט און מיר האָבן דאָך געהאַלטן בײַם אָנהויב פון אונדזער נסיעה, וואָס האָט זיך געצויגן אַרום זעקס חדשים. אָבער יאָסל האָט זיך נישט געשפּירט באַליידיקט. ער האָט אויך נישט געשריגן, נאָר נאָכגעקוקט ווי יענער אַנטלויפט און נאָך דעם געזאָגט אַז דער גנב האָט אַ קרומען פוס:

"ס'איז געווען צום לאַכן אין זײַן לויפן", האָט ער צוגעגעבן.

אין ביאַלע־פּאַדלאַסק, ס'קליינע שטעטל, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן און דאָרט אָפּגעלעבט זעכצן יאָר איז מיר נישט אויסגעקומען צו זען אַ מענטש זאָל שמייכלען נאָך דעם ווי מען האָט אים באַגזלט. אַז מען האָט וועמען באַגנבהט האָט ער געוויינט און געשריגן און געמאָנט גערעכטיקייט אויף דער וועלט. מײַן מאַמע האָט אַמאָל געחלשט ווען זי האָט דערזען אַ צווייטע אויף דער גאַס טראָגן איר צוגעגנבהט קליידל. שטיין אַ באַגנבהטער און קוקן פאַרשמייכלט ווי דער גנב אַנטלויפט גאָכשלעפּנדיק אַ קרומען פוס?

דאָס בילד איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן, ווען איך בין אָנגעקומען אויף הערשל אָרלאָנסקיס לוויה. אַ מענטש וואָס האָט געלעבט אין ביאַלע, געשטאָרבן אין מעלבורן און געקומען צו קבורה אין תל־אביב. איך האָב אים געקענט פון ביידע מקומות, בין איך, נאָכן איבערלייענען די מודעה אין צײַטונג, אַוועק אויף דער איכילאָוו־גאַס אין הויף פון די לוויות. דאָרט בין איך געבליבן צעטומלט, ווײַל מע האָט זיך געגרייט צו עטלעכע לוויות און איך בין נישט געווען זיכער ווער

ס'איז דאָרט ווער. איך האָב נישט דערקענט קיינעם פון מײַנע לאַנדסלײַט. האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין הויף צווישן די געזעמלעך אבלים און זיך אונטער־געהערט ווי מען רעדט. אין ביאַלע האָט מען זיך באַניצט מיט שיינע ווערטער. אַ 'שרײַבער' איז געווען אַ באַליידיקונג. עפּעס אַ 'שרײַבערל'. געזאָגט האָט מען, אויף צו לויבן "אַ ליטעראַט". אויף פּאַר אַ מאָלער האָט מען געהאַט אַ שענער וואָרט.

איך האָב זיך שוין כמעט ווי מייאש געווען האָט מיך ווער פּלוצלינג אַרומ־געכאַפּט און נישט אויפגעהערט קלאַפּן אין דער פּלייצע. אַ סימן אַז ער קען מיך. האָב איך געטאָן דאָס זעלבע. ס'איז נישט אויסגעקומען צו פרעגן ווער ער איז. אָבער אַ ווײַבל דערנעבן האָט געפרעגט:

"אַברום־מוישה, מיט וועמען האָסטו זיך אַרומגעכאַפּט?"

"ווייסט נישט ווער דאָס איז?" האָט אַברום־מוישה צוריק געַרופן און מיך שטאַרקער אַרומגענומען, "ס'איז דאָך יאָסל בערגנער".

"איך בין נישט ער. איך הייס יאָסל בירשטיין", האָב איך זיך אָנגערופן און אים ווײַטער געקלאַפּט אין דער פּלייצע.

"האָסט געביטן דײַן נאָמען?" האָט ער געפרעגט און מיך אָפּגעשטופּט. ער האָט מיך צוגעהאַלטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט און מיך באַקוקט פון אַלע זײַטן:

"דו ביסט עס נישט יאָסל בערגנער דער באַרימטער דעקאָראַטאָר?"

איצט האָב איך שוין געוווּסט אַז איך בין אויף דער ריכטיקער לוויה.

## דער איטאַליענער

וואָס איך האָב געטאָן די ערשטע צײַט אין אויסטראַליע ווען איך בין אָנגעקומען אַהין, אַ זעכצן־יעריקער בחור אין די דרײַסיקער יאָרן? איך האָב אַרײַנגעגנייט קעשענעס אין מאַנטלען און געלייענט ביכער צו פאַרטרײַבן דעם לאַנגווײַל. אין די פרימאָרגנס בין איך געפאָרן צו דער אַרבעט מיט דער שטאָטישער באַן און אין די אָוונטן פלעג איך אַ מאָל פאַרלייענען פאַר מײַן באָבען אַ ליד אָדער צוויי וואָס איך האָב אויפגעשריבן. זי האָט פאַרגעלייגט איך זאָל זיי ווײַזן אַ שרײַבער. אין מעלבורן, האָט זי געהערט, איז דאָ אַזאַ איינער, פנחס גאָלדהאַר, אָבער זי האָט נישט געוווּסט, ווו ער וווינט. ער זיצט זיכער אין דער "קדימה"־ביבליאָטעק, האָט זי געזאָגט, און ער קוקט אַרײַן אין ביכער.

איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון נאָכפרעגן אויף פּנחס גאָלדהאַר בײַ דעם אַלטן ביבליאָטעקאַר, וואָס סײַ איז ער געווען טויבלעך און ער איז אויך נישט געווען פרײַנטלעך צו מיר, מחמת איך האָב אים צופיל מטריח געווען מיט טוישן ביכער. ער איז נישט געווען צוגעוווינט צו אַזאַ מין שנעלן לייענער. אַלע לייענער, לרוב זקנים, האָבן זיך אַנדערש אויפגעפירט. זיך באַוויזן איין מאָל אָדער צוויי מאָל אַ יאָר און אויסגעבאָרגט בלויז דיקע ביכער ס'זאָל זײַן וואָס צום לייענען. איך בין

נישט געווען קיין איבערקלייבער. אין די טעג ווען די ביבליאָטעק איז געווען אָפן, צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך, האָב איך געלײען וואָס נאָר ס'איז מיר אַרײַנגעפאַלן אין די הענט אַרײַן אָבער פּנחס גאָלדהאַרן האָב איך דאָרטן נישט געטראָפן.

מײַן באָבע האָט זיך געוווּנדערט אויף אים און אויך אויף זיך אַליין. אָדער זי האָט שלעכט געהערט אָדער ער איז נישט קיין אמתער שרײַבער אויב ער זיצט נישט אָפּ זײַנע טעג צווישן ביכער. זי האָט באַמערקט מײַן צעשטרײַטקייט און מײַן אומעט. כ'בין געוואָרן אַ שווײַגער. געשטאָכן מיט אַ פינגער אין אויער. זיך גע־גראַבלט צווישן די פיס. ס'האָט מיך אויפגערעגט אין דער שטאָטישער באַן דער גוי וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן איטאַליענער. יעדן טאָג איז ער געזעסן לעבן מיר און אַרײַנגעקוקט אין ביכל וואָס איך האָב געלייענט. עד האָט אָנגעשטעלט אויף מיר, אַ־בער זײַנע ברילן, אַ שווערן בליק און געקוקט מיט ווונדער ווי איך מיש די בלעטער פאַרקערט, פון רעכטס אויף לינקס. אַ סך מאָל האָב איך געהאַלטן דאָס ביכל כמעט צוגעמאַכט, זאָל ער שטרעקן, דער איטאַליענער, זײַן האַלדז און פּלאַצן פאַר נײַגער.

די ביכער, וואָס איך האָב געלייענט האָבן נישט פאַרטריבן דעם לאַנגווײַל אין מײַן לעבן, האָב איך אָנגעפילט העפטן מיט לידער אָבער פּנחס גאָלדהאַרן האָב איך נישט געטראָפן.

"אפשר איז גאַר נישטאָ אַזאַ איינער", האָב איך איין מאָל געזאָגט דער באָבען, ווען מיר זענען ביידע געזעסן אין אַ ווינטער־אָוונט לעבן פײַער און געלייענט; זי — איר "צאינה־וראינה", און איך — אויך זייער אַ דיק בוך. ווײַל איך האָב זיך אָנגעשטעקט פון די אַנדערע לייענער אין דער "קדימה"־ביבליאָטעק און אָנגעהויבן אויסבאָרגן ביכער מיט בײַכיקע רוקנס.

דערפאַר האָט דער טעות נישט אויסגעזען צו גרויס אין מײַנע אויגן, ווען איך האָב אויף צו מאָרגנס דערזען, ווען איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין דער שטאָט־באַן אויף מײַן שטענדיק אָרט לעבן פענצטער, אַז אַנשטאָט מײַן ביכל האָב איך גענומען מיט זיך מײַן באָבעס סידור. האָב איך אַ מיש געטאָן דאָ און דאָרט און זיך אָפּגעשטעלט לייענען דעם פּרק "מעיין טהור", דאָרט ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן די דינים פון אַ ווײַב נאָך דער חתונה. דאָס מאָל האָב איך געהאַלטן די 'צאינה־וראינה' ברייט צעעפנט, זאָל ער הנאה האָבן דער איטאַליענער לעבן מיר, פון די קאַנט־קע אותיות, פון די פּינטלעך און פּאַסיקלעך, זאָל ער קוקן וויפל זײַן האַרץ גלוסט.

ער האָט טאַקע געקוקט דעם גאַנצן וועג פון נאָרט־קאַרלטאָן ביז כמעט אין שטאָט אַרײַן. פאַר דער לעצטער סטאַנציע, האָט ער אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף דעם אָפענעם סידור און געזאָגט אַז ער קען זיך מער נישט אײַנהאַלטן. חדשים האָט ער געשוויגן און זיך נישט אַרײַנגעמישט כאָטש מײַן לייענען האָט אים שיעור נישט משוגע געמאַכט. ער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ מין לייענער איך בין. אַ מאָל לידער, אַ מאָל אַ שונד־ראָמאַן, אַ ביכל וועגן גאַנדי און זײַן פילאָזאָפיע, אַרטיקלען וועגן האָלץ אין אַ יאָר־בוך פון אַרגענטינע, און מיט אַ

מאָל בלויז דיקע ביכער. נעכטן, האָט ער געטענהט, האָט ער אַרויסגעכאַפּט עטלעכע שורות "די פרוי און דער סאָציאַליזם" פון אויגוסט בעבעל, און היינט, מיט אַ מאָל — ווײַבערשע דינים פון די "צאינה־וראינה". ס'האָט אים אַרויסגעבראַכט פון די כלים און ער האָט סוף סוף געוואָלט וויסן ווער איך בין. ער האָט מיר אויך געזאָגט זײַן נאָמען: פּנחס גאָלדהאַר.

עפּעס וועגן פּאָעטיק

איך בין אַ מאָל געשטעלט געוואָרן פאַר אַזאַ מין ברירה: גיין צו מײַן חופּה אָדער אויף אַ לעקציע פון ליטעראַטור.

ס'איז געווען אין מעלבורן נאָך דעם ווי אין יידישן וואָכנבלאַט "די אויסטראַ־לישע נײַעס", האָט זיך אָפּגעדרוקט מײַן ערשט ליד, און דער לערער יעקב גיליגיטש האָט מיך פאַרבעטן צו אים אין שטוב אַרײַן אויף אַ שמועס. איך זאָל נישט פאַרגעסן מיטנעמען מײַנע כתב־ידן, האָט ער מיר אָנגעזאָגט. נאָכן איבערבלעטערן אַ בינטל לידער האָט ער אומגערן באַוויליקט אַרויסזאָגן זײַן מיינונג. ער האָט פאַרשטעלט דעם נאָגל פון זײַן גראָבן פינגער, איבערגעלאָזט עפּעס אַ קלייניקייט, און צורוקנדיק נאָענט פאַר מײַנע אויגן, אָנגעוויזן אויף דער גרייס פון מײַן טאַלאַנט. אַ מילימעטער נאָגל.

"ייִנגל", האָט ער מיך גערופן ווײַל איך בין דעמאָלט נאָך נישט אַלט געווען קיין אַכצן יאָר. ער האָט מיר צוריק געגעבן דאָס בינטל לידער און געפרעגט צי איך האָב ווען עס איז געהערט וועגן דעם אַנאַפּעסט. דאָס האָט מיך נאָך מער צעטומלט. איך בין שוין אַזוי אויך געווען געגנוג בײַ זיך געפאַלן און געטראַכט אַז מיט אַזאַ קליינעם טאַלאַנט און אָן אַן אַנאַפּעסט וועל איך שוין ווײַט אין דער פּאָעזיע נישט דערגיין.

אָבער דער לערער גיליגיטש האָט אַרויסגעוויזן רחמנות און געזאָגט, אַז ער וועט מיך אויסלערנען, בחינם אָן געלט, די געזעצן פון פּאָעזיע און אירע אייביקע פּרינציפּן. זאָל איך קומען צו אים אויף לעקציעס דעם אײנציקן אָוונט אין דער וואָך ווען ער איז געווען פרײַ, אין די מוצאי־שבתים, ווען אַלע תושבים אין מעלבורן, און אויך איך מיט מײַן מיידל, האָבן פאַרבראַכט אין די קינאָ־הײַזער פון שטאָט. גיליגיטש האָט געמיינט אַז אַ יונגער פּאָעט ווי איך, וואָס שטרעבט צו פאַרגרעסערן זײַן טאַלאַנט, טאָר זיך נישט קווענקלען און דאַרף מיט פרייד ברענגען אַ קרבן אויפן מזבח פון דער פּאָעזיע.

איך בין אײַנגעגאַנגען דערויף, אויך מײַן מיידל, און איטלעכן מוצאי־שבת — נישט קיין קינאָ נאָר פּאָעזיע.

אָבער איין מאָל אין אַ מוצאי־שבת האָט מען געשטעלט אונדזער חופּה. אָבער איך האָב נישט געהאַט די העזה אויסזאָגן מײַן לערער יעקב גיליגיטש אַז איך, אַ

יונגער פּאָעט, וואָס האַלט נישט פון די אַלע בירגערליכע מנהגים, און וויל אוועק־מאַכן מיטן איינגעשטעלטן סדר פון דער וועלט, וועל גאָר גיין און אָפּטאָן אַזאַ מעשה נורא און חתונה האָבן כדת וכדין. דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן, מיין מיידל און איך, אַז מ׳ר וועלן דאָס טאַקע פאַרשוויַיגן. מיר וועלן זיך איינטיילן מיט דער זאַך. מיין מיידל וועט מוצאי־שבת גיין צו דער חופּה און איך — צו דער לעקציע פון ליטעראַטור.

אין יענער תקופה האָט שוין דער אַנאַפּעסט געקלונגען היימישלעך אין מיין אויער. און אַזוי אויך, פאַרשטייט זיך, דער טראָכיי, דער דאַקטיל, דער יאַמב און דער אַמפיבראַכוס.

אין דער שעה ווען מען האָט געוואָרט אויף מ׳ר אין דער שול מיט דער חחופּה, בין איך געזעסן ביי יעקב גיליגיטשן אין שטוב, געבויגן איבער אַ ליד פון לייב נייַדוס, אַ פּאָעט וואָס האָט מקריב געווען זיין יונג לעבן אויפן מזבח פון דער פּאָעזיע, און ס׳איז אים זייער געלונגען מזווג־זיין דעם אַנאַפּעסט מיטן יאַמב אין זיינע לידער.

וואָס איז מיין קרבן? האָב איך זיך געפרעגט, אין פאַרגלייַך מיט זיינעם, און איך האָב מיט נאָך מער אייפער, פאַרקאַשערט אַן עק פון דעם טישטוך און מיט אַן איינגעבויגענעם פינגער אויסגעקלאַפּט אויפן הילצערנעם ט׳ש דעם ריטמישן טראַפּ פון די זילבן אינעם ליד.

איך האָב געוווסט, אַז דאָרט, אין דער שול, אין קאַרלטאָן, אַ געוועזענער יידישער קוואַרטאַל אין מעלבורן, האָט מען שוין אויפגעשטעלט די חופּה און מע וואַרט אויפן חתן. איך האָב אויך געוווסט אַז מיין חבר, דער מאָלער יאָסל בערגנער, וועט אויפהאַלטן דעם רב מיט פאַרשידענע מעשיות. אין ערגסטן פאַל וועט ער אַרויסנעמען דאָס רינגל און זיך שטעלן אויף מיין אָרט אונטער דער חופּה. האָב איך ווייַטער געקלאַפּט אויפן הילצערנעם טיש די טראָכייען און די אַנאַפּעסטן מיט דער האָפענונג אַז עס וועט קומען אַ טאָג, איך וועל ברענגען מיין לערער יעקב גיליגיטשן אַ ניי ליד און ער וועט עס לייענען און נאָך דעם מער גאַרנישט פאַרשטעלן. ער וועט אויפהייבן פאַר מיינע אויגן זיין גראָבן פינגער און איך וועל דערזען פאַר זיך מיין טאַלאַנט — אַ פולער נאָגל.

אָון ווו איז דער טייַך?

דער שרייַבער א. מ. לאַקס איז שוין געווען אַ זקן ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט אים אויף אַ שפּאַציר איבערן לאַנד. ווען מיר זענען אַרויס פון קיבוץ צרעה האָט ער אויפגעהויבן זיין שטעקן, געטייַטלט אויף דער סביבה וואָס האָט זיך צעעפנט פאַר אונדזערע אויגן און געשטעלט דעם וועג־ווייַזער אַ שאלה וואָס אויך איך האָב חשק געהאַט צו פרעגן.

אונדזער וועג־ווײַזער איז געווען יוסף ווײַץ, דער וועלכער איז געשטאַנען אין די פּופּציקער יאָרן בראש פון קרן קיימת, און דאָס האָט ער טאַקע אונטערגענומען און אָרגאַניזירט דעם שפּאַציר פון ייִדישע שרײַבער איבערן לאַנד. יוסף ווײַץ האָט דערציילט, וואָס די מדינה טוט אויף, וואָס זי וועט אויפטאָן אין דער צוקונפט און ער האָט אויך דערמאָנט דעם אַמאָל. אין באר־שבע — אברהם אבינו. אין סדום האָט עד איבערדערציילט אַ וו״ץ וועגן לוט און זײַנע טעכטער כדי אַרויסצורופן אַ שמייכל ביי די ייִדישע שרײַבער.

אָבער א. מ. לאַקס איז פאַרבליבן אין אַ פאַרפינצטערטער שטימונג. די באַציונג פון קרן הקיימת צו אים אויפן שפּאַציר, איז אים פאָרגעקומען נישט צו בכבודיק. אַ העברעיִשן שרײַבער, האָט ער זיך אַראָפּגערעדט פאַר מיר פון האַרץ, וואָלט מען אַזוי נישט אָרומגעפירט. מע וואָלט אים פאַרבעטן אין אַ גרויסאַרטיקן האָטעל אין תל־אביב, מע וואָלט געשטעלט אַ טיש פון כל־טוב, און מע וואָלט אויך געלאָזט הערן עפּעס אַ פײַערדיקע רעדע. אַפילו צוויי. און קיין קורצע ברכות וואָלטן אויך נישט געפעלט. אָבער ייִדישע שרײַבער — נאָר געשאָקלט און געטרייסלט אַזוי אַ גאַנצן טאָג. כאָטש דער אויטאָבוס פון „אגד" איז געווען צו דערלײַדן און די געזעסן — גאַנץ באַקוועם, אָבער ווּהין האָט מען זיי דאָס פאַרפירט די ייִדישע שרײַבער ? קיין סדום. זאַמד און מדבר. נישט קיין פויגל, נישט קיין מענטש און מען זאָגט אַפילו אַז אַן איינציקער פיש אויף אַ רפואה איז אויך נישט בנמצא אין ים־המלח.

„מען שעמט זיך מיט אונדז, מיט די ייִדישע שרײַבער", האָט א. מ. לאַקס טרויעריק געזאָגט.

דעם גאַנצן וועג אין נגב איז מיר נישט געלונגען אָפּשוואַכן זײַן פאַרשעמט געפיל. און איך האָב געפּרווט אויפאַײַטערן זײַן געמיט אויף פאַרשידענע דרכים. איך האָב אים געזאָגט אַז איך האָב געלייענט אַלע זײַנע ביצער. אויך די מעשיות וואָס ער האָט אויף דער עלטער איבערגעשריבן אויף ס׳ביי. ווען ער איז עולה געווען קיין ישראל און זיך באַזעצט אין חולון, האָט ער זיך גענומען איבערמאַכן די געמיינע געשטאַלטן אין זײַנע ביכער אויף גאָטספאַרכטיקע לײַט כדי צופרידן שטעלן די קריטיקער אין דער ייִדישער ליטעראַטור וועלכע האָבן אים פאַרוואָרפן אַלע יאָרן מיט טענות הלמאי ער שטעלט פאַר פאַר די גויים ייִדן פון דער אונטערוועלט. אַ פּראָסטיטוטקע וואָס כאַפּט אַרײַן אַ קליענט אויפן וועג צו איר חופּה. אַ התן, שוין אונטער דער חופּה, גנבהט אַראָפּ בײַ זײַן שוויגער אַ גאָלדן קייטל פון איר האַלדז. א. מ. לאַקס האָט דעם גנב געמאַכט פאַר אַ שופר־בלאָזער און די זונה האָט ער געמאַכט זי זאָל טראָגן די פאָן פון סאָציִאַליזם און גלײַכהייט.

די שט מונג בײַ לאַקסן האָט נאָכגעלאָזט און זײַן געמיט האָט זיך געהויבן נאָך דער געשמאַקער סעודה אין חדר־האוכל פון קיבוץ צרעה. ווען מיר זענען אַרויס פון דאָרטן האָט יוסף ווײַץ פאָרגעשטעלט פאַר אונדז די בערג פון יהודה אין ווײַטן האָריזאָנט. דאָס געפיל פון פרעמדקייט וואָס האָט אונדז באַהערשט אין מדבר האָט זיך אויסגעוועפּט בײַ לאַקסן און בײַ מיר און מיר האָבן זיך ביידע דערשפּירט

ווי אין דער היים. איטלעכס בערגל אין דער געגנט האָט אויפגעלעבט פאַר אונדזערע אויגן אַן אַנדער העלד פון דער תורה. שמשון הגיבור. דוד המלך. און וועך נישט ?

מיר האָבן זיך אויך דערמאָנט אין די העלדן פון שמ״ר׳ס אַ דראַמע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָ אין די בערג פון ירושלים. דער אַלטער שמ״ר וואָס אין זײַן צײַט איז ער געווען זייער באַרימט און הײַנט איז ער זייער פאַרגעסן געוואָרן. מיר האָבן זיך דערמאָנט, א. מ. לאַקס און איך, ווי אַזוי בר־כוכבא אין דער דראַמע שפּאַצירט געאַרעמט מיט זײַן אויסדערוויילטער לענג אויס דעם טײַך, וואָס שלענגלט זיך צווישן די בערג פון יהודה. ווי בר־כוכבא דערקלערט זיך אויף דײַטשמעריש אין אייביקער ליבע דער טאָכטער פון רבי עקיבא, דער וווּנדער־שיינער שולמית, און אַן עדות איז די פּולע לבנה וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין די שטילע כוואַליעס פון טײַך.

א. מ. לאַקס האָט זיך נאָכגעפרעגט בײַ מיר וועגן דעם טײַך אַרום ירושלים וואָס זעט זיך עפּעס נישט אָן צווישן די בערג, אָבער איך האָב אויך נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, האָט ער פאַרהאַלטן דעם שטעקן אויף אונדזער וועג־ווײַזער, אַנרירנדיק מיטן עק זײַן פּאַסיק פון די הויזן און געזאָגט אַז אַלץ איז טאַקע זייער פײַן און ווויל וואָס יוסף ווײַץ דערציילט, אַז אויף יעדן בערגל אַרום ירושלים שטעלט מען זיך פאַר אַ געשטאַלט פון אַ מאָל און אַ יישוב אין דער צוקונפט, אָבער ווו איז דאָ אַרום ירושלים, האָט לאַקס געפרעגט:

״דער טײַך, אדון ווײַץ, דער טײַך ?״

## געדולד

געזען אַז עס נעמט נישט קיין סוף צו דעם, האָב איך צוריק גענומען פון פאַרלאַג מײַן כתב־יד. פיר יאָר איז ער דאָרטן אָפּגעלעגן, אין דער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון א. מ. דיק, אין תל־אביב, און מען האָט אים אַפילו נישט אויפגעעפנט אַ קוק צו טאָן אויפן שער־בלאַט. ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער פאַר־וואַלטער פון פאַרלאַג, שלום קעזלאַנד, פלעגט מיר פון צײַט צו צײַט אָנקלינגען און זיך נאָכפרעגן אויפן נאָמען פון ראָמאַן. אויך אַ חודש נאָך דעם ווי איך האָב שוין געהאַט צוריק גענומען דעם כתב־יד, האָט ער נישט באַמערקט אַז עפּעס פעלט אים און זיך ווידער אָנגעפרעגט אין טעלעפאָן אויפן נאָמען און אויף דער לענג פון דער זאַך. ער האָט מיר געהייסן זײַן רויק און טאָמער עס איז מיר ביז איצט נישט געלונגען צונויפקלײַבן די הוצאות אויף אַרויסצוגעבן דאָס בוך, וועט ער עס טאָן. אויף זײַן אחריות. ער וועט זיך פאַרבינדן מיט די פאָנדן געשאַפן פאַר דעם צוועק, ער וועט אַ שמועס טאָן מיט די פאַרטיילער פון ליטעראַרישע פרײַזן אין לאַנד. ער פירט שוין פון לאַנג אַ משא־ומתן מיט אַ ייִד פון אורוגווײַ, אַ ליבהאָבער פון ייִדיש, יענער זאָל אַרײַנשרײַבן אין זײַן צוואה דאָלאַרן פאַרן בוך.

„ער איז שוין אַלט צוויי און נײַנציק יאָר!" האָט ער אַרײַנגעשריגן אין טרײַבל אַרײַן.

וועגן דעם אורוגווײַערס צוואה האָב איך געהערט ווען יענער איז נאָך געווען אַ ביסל יונגער. ניַין און אַכציק. אַלע מאָל ווען קעזלאַנד האָט מיר געקלונגען זענען זײַנע שאלות געווען די זעלבע: נאָמען, לענג פון ראָמאַן, בלויז די עלטער פון אורוגווײַער תושב האָט זיך געענדערט פון יאָר צו יאָר. געוואָרן נײַנציק. איין און נײַנציק. צוויי און נײַנציק. איידער יענער איז געוואָרן דריי און נײַנציק בין איך אַרײַנגעפאָרן קיין תל־אביב זיך אַ שטעל טאָן פנים צו פנים מיט שלום קעזלאַנד און אים זאָגן אַז מען דאַרף נישט מער. דער כתב־יד איז בײַ מיר. אַ שאָד דאָס געלט אויף טעלעפאָנען. און פאַרוואָס זאָל אי־ך עפּעס וואַרטן אויפן טויט פון אַ ייִד וואָס האָט ליב ייִדיש. זאָל ער ווײַטער לעבן אין אורוגוויַ ביז הונדערט אין צוואַנציק יאָר.

ווײַל יענער ליבהאָבער איבערן גרויסן ים איז מיר אַרײַן אין קאָפּ און איך האָב אים נישט געקענט אַרויסטרײַבן פון געדאַנק. אין דער פרי ווען איך בין אויפֿגעשטאַנען פון שלאָף. אין מיטן דער אַרבעט. פאַרנדיק אין אויטאָבוס. איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיט אים. איך האָב אים געפרעגט וואָס וועט זײַן? אויף וואָס וואַרט מען? און צי די דאָלאַרן זענען שוין אין זײַן צוואה? ס'האָבן מיר אָנגעהויבן באַפאַלן ספקות צי ס'איז גאָר פאַראַן אַזאַ איינער אין יענעם לאַנד. קען זײַן אַז שלום קעזלאַנד האָט אים אויסגעטראַכט. קעזלאַנד האָט ווײַסע האָר, פּעטע ליפּן, ער קושט זיך הויך און רעדט שטיל. ער איז אפשר מסוגל צו טאָן אַזאַ זאַך.

איך האָב אים אָנגעטראָפן אויף אַ גאַס אין תל־אביב. איך בין געווען אויפן וועג צום פאַרלאַג און קעזלאַנד איז געשטאַנען אין אַ ריי און געוואַרט אויף אַן אויטאָבוס. ער האָט געפּאַכעט צו מיר איך זאָל שנעלער אונטערלויפן איידער דער אויטאָבוס קומט אָן. לויפנדיק האָב איך געטראַכט אַז דאָס מאָל וועל איך אים זאָגן: גענוג מיט טעלעפאָנען. אַז איך וויל נישט מער טראָגן קיין כעס נישט אויפן פאַרלאַג אין תל־אביב און נישט אויפן ייִד אין אורוגווײַ.

מ־ר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט. קעזלאַנד האָט מיך געקושט האָב איך צוריק געקושט. הויך און רעשיק אַזוי ווי ער. אַרומגענומענע האָבן מיר זיך גערוקט פאַרויס צום אויטאָבוס ווײַל פון הינטער אונדז האָט מען געשטופּט. ווען ער איז אַרײַן אינעווייניק האָט ער פאַרראַכטן דאָס היטל אויפן קאָפּ וואָס האָט זיך פאַררוקט אַן אַ זײַט און געפרעגט אויפן נאָמען פון מײַן ראָמאַן:

„דער זאַמלער", האָב איך אויסגערופן.

„און וויפל זײַטלעך פאַרמאָגט ער?" האָט ער אַרויסגעפרעגט פון אויטאָבוס.

„דרײַ הונדערט!" האָב איך אַרײַנגעשריגן אינעווייניק.

דער אויטאָבוס האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט. אָבער קעזלאַנד האָט דורכן אָפענעם פענצטער אַרויסגעשטעקט אַ האַנט מיט אַ האַלבן קאָפּ און געשריגן קלאָר אָבער זייער שטיל:

„דרײַ און נײַנציק יאָר! געדולד, יאָסל, האָב געדולד!"

מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אַריבערגייענדיק די הערצל־אַלייען. האַלבוועגס, אויפן אינדזל, איבערוואַרטנדיק דאָס רויטע ליכט, האָט ער מיר דערציילט די געשיכטע פון זײַן לעבן. געווען אַ באַאַמטער, אַרויס אויף פּענסיע, זיך אויסגעזוכט אַן עסק. קוקן ווי מען פּאַרט.

זאָל איך אויך אַ קוק טאָן, אויב איך שטיי שוין אויפן אינדזל און וואַרט ס׳זאָל ווערן גרין, אויפן יונגן פּאַרפּאַלק אין דעם אָפּענעם ספּאָרטקאַר, און זען ווי זייערע לאַנגע האָר בלאָזן זיך אין ווינט, בלאָנד און שוואַרץ. אַזוי ווי עס שרײַבט זיך אין די שיינע ראָמאַנען וואָס לאָזן זיך אויס מיט די ווערטער:

״און זיי האָבן ביידע אָפּגעלעבט זייערע יאָרן רײַך און גליקליך״.

ער האָט מיך פּאַרבעטן צו קוקן ווײַטער.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף אים. העכער פּאַר מיר. אַ ברייטער. אַ סך אָנזעון. נאָכגעשלעפּט אַ פוס. אָבער דער שטעקן אין זײַן האַנט און דאָס פּאַרפּוצטע בערדל — ביידע צוליב רושם. און די ווײַסע בלום פּאַרשטעקט אין זײַן לאַץ — ס׳זאָל אויסזען ווי אַ יום־טוב. מיט אַ ביסל פּאַנטאַזיע, האָט ער מיר דערקלערט, קען די גאַנצע פּאַרערײַ אינעם געוויינטלעכן טאָג, ווערן אַ פּײַערלעכער פּאַראַד. אָט דעם צעמענט־מישער, למשל, וואָס איז נאָר וואָס פּאַרבײַ מיט אַ גערודער ווי אַן אמתער טאַנק. די ערד אונטער אונדז האָט אויפגעציטערט. און דער גרינער פּאַס האָט זיך געדרייט ווי אַ גלאָבוס אַרום זײַן אַקס. ס׳איז אַ שאָד, האָט ער געזאָגט, וואָס נאָך מענטשן טוען נישט ווי ער. מען אײַלט זיך פּאַרזאָרגט צוליבן מאָרגן, פּאַרדאגהטע מיט נעכטיקע מחשבות, מען יאָגט זיך צו דער אַרבעט און מען זעט גאָרנישט וואָס עס קומט פּאַר.

״עינים להם ולא יראו״, האָט ער ציטירט אַ פּסוק פון דאַווענען. מע האָט אויגן און מע בלײַבט בלינד, און ער האָט אַ טײַטל געטאָן מיט אַ פינגער אויף צוויי שאָפערן וואָס האָבן, פּאַרנדיק, אַרײַנגעכאַפּט אַ שמועס דורך די האַלב־צעעפנטע פענצטער פון זייערע אויטאָבוסן. אַ שמועס מיט די פינגער. אַ פראַגע. אַ פראַגע אויף אַ פראַגע. צוויי ענטפערס מיט איין מאָל נאָך עפּעס אַן אונטערשאלה און צוויי טרומייטן האָבן פּאַרהילכט די גאַס.

ס׳איז געווען וואָס צו הערן. און היינט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, האָט זיך אויפגעשטעלט גאָר אַ ספּעציעלער טאָג. ווײַל נישט אַלע מאָל איז געווען דאָס זעלבע. פּאַראַן אַזוי און אַזוי. אויך אין לעבן איז נישט אַלע מאָל פריילעך, האָט ער געמיינט, און צוגעגעבן פּרטים וועגן זײַן פּאַרגאַנגענהייט: ס׳ווײַב איז אים אַנטלאָפן מיט יאָרן צוריק. אַ זון האָט זיך גענומען דאָס לעבן. אָבער איצט איז דאָס אַלץ נישט געווען צום ענין און ער האָט זיי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, כדי נאָכצוקוקן אַן אַלטן לאַסט־וואָגן וואָס איז פּאַרבײַגעפּאָרן מיט גרויס שאָקלעניש און געשאָסן הינטער זיך קנוילן רויך. דער וואָגן איז געווען אָנגעלאָדן מיט לאָבנס ברויט, וואָס האָבן אָפּגעגלאַנצט אין דער ווינטערדיקער זון. אויפן ברויט איז געלעגן אַ

מענטש מיטן פנים צום הימל, זײַן קאָפּ פאַרוואָרפן אַביסל אָן אַ זײַט, זײַנע הענט — צעשפּרייט אין דער ברייט, און זײַנע פיס — אויסגעצויגן און באָרוועס.

"ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַראָפּ פון צלם", האָט דער פּענסיאָנער געזאָגט, טײַטלענדיק מיט זײַן שײַנעם שטעקן אויפן וואָגן מיטן ברויט, און ער האָט מיר געהייסן גיין ווײַל ס'איז געוואָרן גרין. ער אַליין איז געבליבן שטיין אויפן אינדזל און נאָכגעשריגן איך זאָל געדענקען אונדזער באַגעגעניש ווען איך וועל אַרויס אויף פּענסיע.

## דער אַקציאָנער

ווען יהודה בראַמבערגן וואָלט איך געזאָגט אַז ער האָט זײַן קאַריערע אויף דער בערזע אָנגעהויבן אונטער דער ערד. בײַם רייניקן די קאַנאַליזאַציע האָט ער געפונען אַ פּאָרע־פּושטן בויגן פּאַפּיר מיט אַ געציקלטן שריפט און ער איז גלײַך פון דאָרט געקומען צו לויפן אין באַנק אַרײַן פרעגן וואָס דאָס איז. ער האָט געהאַט אַ חשד אַז עפּעס איז עס ווערט אָבער נישט אַז ער איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַן אייגנטימער פון הונדערט נאָמינאַלע למוכ"ז־אַקציעס פון דער באַרימטער וואָלפסאָן־פירמע; אַקציעס וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ שטענדיקן טומל מיט זייערע ירידות און עליות אויף דער בערזע אין תל־אבֿיבֿ, אָבער צו יהודה בראַמבערגן אונטער דער ערד צווישן די אָפּפיר־רערן איז זייער קלאַנג נישט דערגאַנגען. זײַן מראה האָט זיך געביטן פון חידוש צו חשד, ווען איך האָב אים דאָס אַלץ דערציילט, און ער איז אוועק אַ היים זיך איבערטראַכטן.

ס'האָט געדויערט עטלעכע וואָכן ביז ער איז צוריק געקומען מיך אויספרווון און זען צי ס'איז אמת וואָס איך האָב אים געזאָגט. ער וועט פאַרקויפן די אַקציעס און שפּירן צי די באַנקנאָטן קנאַקן צווישן זײַנע פינגער. דאָס מאָל איז ער געווען אָפּגעגאָלט, אָנגעטאָן שבתדיק און אויך אויפן בויגן פּאַפּיר זענען געווען ווייניקער פלעקן. דורך דער צײַט איז אויך דער קורס פון די אַקציעס געשטיגן, זיך פאַרטאָפּלט אין ווערט, און ווען בראַמבערג האָט געציילט דאָס געלט האָט אַ שײַן געפינקלט אין זײַנע אויגן. די זאַך איז אים אַרײַן אין קאָפּ און ער האָט געמאַכט אַ קײַלעכדיקן חשבון, פאַרגלײַכנדיק דעם רווח פון סך־הכל איין חודש מיט די שכירות פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס ער האָט אָפּגענומען בײַם רייניקן די קאַנאַלן. אַפילו זײַן איינציקער צאָן וואָס האָט אויסגעזען ווי מע וואָלט אים נאָר וואָס אַרויסגעצויגן פון זאַמד, האָט עטלעכע מאָל אויפגעבליצלט אין בראַמבערגס צעעפנט מויל, און אַ געלעכטערל האָט זיך אַרויסגעקאָלערט פון דאָרט ווי פון אַ טונקעלער הייל.

פון דעמאָלט אָן איז בראַמבערג געקומען כמעט טאָג־טעגלעך צו אונדז אין באַנק אַרײַן זיך אויסשמועסן מיט אַ צווייטן קליענט און זיך אונטערהערן וואָס אַנדערע זאָגן. נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן געבן עצות די פאַרוואַלטונגען פון אַקציע־פירמעס ווי אַזוי זיי זאָלן פירן זייערע געשעפטן. ער איז געקומען אויף

די יערלעכע אסיפות, און מע האָט אים געמוזט אַריַינלאָזן מחמת ער איז געווען אַ בעל־אַקציעס פון דער פירמע, געבעטן אַ וואָרט אין די וויכוחים, געהאַלטן רעדעס קורץ און לאַנג און אַלץ אויף דעם איין־און־איינציקן צאָן אין זיַין מויל.

"ווער האָט ציַיט זיך צו דאָקטערן?" האָט ער מיר איין מאָל געזאָגט.

אין סעזאָן פון די יערלעכע אסיפות האָט יהודה בראַמבערג אויפגעלעבט אָבער מען האָט זיך אָנגעהויבן היטן פאַר אים וויַיל מע האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. איין פירמע האָט צוליב אים מבטל געמאַכט אַן אסיפה.

נאָך דער לעצטער מפלה אויף דער בערזע האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף יהודה בראַמבערגן אין צפון תל־אביב. פאַרשמוציקט, נישט ראַזירט, האָט ער זיך געאיַילט צום הויף פון די שטאָטישע לוויות אויף דער איכילאָוו־גאַס. יאָרן ווי מיר האָבן זיך נישט געזען. וויַיל איך האָב פאַרלאָזט די באַנק און ער האָט געביטן די שטאָט.

"ווי גייט עס מיט די געשעפטן?" האָבן מיר ביידע געפרעגט מיט איין מאָל און ער האָט מיר געענטפערט:

"מע גיט זיך אַן עצה".

ער האָט פאַרשפּילט זיַין גאַנץ פאַרמעגן אויף דער בערזע. אויך זיַין דירה. זיַין משפחה האָט אים שוין פון לאַנג אויפגעגעבן און דערפאַר האָט ער זיך געדונגען אַ צימערל לעבן שטאָטישן בית־עולם כדי צו שפּאָרן געלט. ער האָט נישט באַדאַרפט קויפן קיין בילעטן אויף די "אגד"־אויטאָבוסן. ער האָט זיך מיטגעכאַפּט מיט די לוויות הין און צוריק. בחינם. מע וואָלט געקאָנט זאָגן אויף אים אַז ער איז דער איינציקער פריילעכער פּאַסאַזשיר אויף דעם וועג.

"מע אַרבעט?" האָב איך אים געפרעגט.

בראַמבערג האָט אַ טיַיטל געטאָן זיַין גראָבן פינגער צו דער ערד. אַ סימן אַז ער האָט צוריק אַראָפּגענידערט רייניקן די קאַנאַלן.

"וואָס זשע וועט זיַין?" האָב איך געפרעגט.

בראַמבערג האָט איבערגעקערט דעם גראָבן פינגער צום הימל און אַ געלעכטערל האָט זיך אַרויסגעקאָלערט פון זיַין פינצטער מויל:

"איך וועל נאָך צוריק אַרויף".

## נישטאָ קיין צוטרוי

פון וואַנען ווייסט דער שריַיבער וואָס עס טראַכטן די מענטשן וועלכע ער באַשריַיבט אין זיַינע ביכער?

מיַין שכנה וואָס קען נישט שריַיבן און לייענען, האָט געוווּסט וואָס איר שוועגערין אין רומעניע וועט טראַכטן נאָכן דערהאַלטן דעם בריוו.

"זי וועט פּלאַצן פאַר קנאה", צוליבן אינהאַלט און צוליב די געדרוקטע אותיות.

דאָס האָב איך טאַקע אָנגעשריבן דעם בריוו אויף דער שריַיב־מאַשין. מיַין

שכנה האָט געהערט אַז אין דער קעלער־דירה האָט זיך אַרײַנגעצויגן אַ נײַער שכן, האָט זי זיך געמאַכט פֿאַרבײַגיין, אַרײַנגעקוקט אין פֿענצטער, זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פֿון דער שרײַב־מאַשין און געבעטן אַ טובֿה.

איידער איך האָב זיך אַרײַנגעצויגן אַהער, דאָ אויף רחוב זאַנגוויל, קרית היובל, האָט זי געהאַט אַן אַנדערן שכן, אויך אַ זקן, וועלכער האָט געשריבן פֿאַר איר מיט דער האַנט בריוו צו איר שוועגערין קיין רומעניע. יענער האָט שוין געוווּסט פֿון אויסנווייניק וואָס צו שרײַבן, אָבער ער איז, נעבעך, געשטאָרבן.

מיט מיר איז עס בײַם אָנהייב פֿון בריוו צוגעגאַנגען אַ ביסל שווערלעך. זי האָט געהאַט אַ סך וואָס צו שרײַבן אָבער מען האָט באַדאַרפֿט וויסן ווי אַזוי דאָס צו זאָגן. וויפֿל מאָל קען מען איבערחזרן די ווערטער "מײַן טײַערע שוועגערין זאָל לעבן און געזונט זײַן?" איז טאַקע אַ מזל וואָס מײַן שכנה האָט דעם טאָג אײַנ־געקויפֿט אויפֿן מאַרק אין מחנה יהודה, צוויי פּולע קיישלעך מיט פּרוכט און גרינסן פּריש און ביליק, אַז עס איז כדאַי איר שוועגערין אין רומעניע זאָל וועגן דעם וויסן.

"שרײַב אַלץ אַרויס", האָט זי געזאָגט.

אויסרעכענענדיק אײנס בײַ אײנס האָט מײַן שכנה זיך דערמאָנט אַז ערשט נישט לאַנג צוריק האָט זי געמאַכט אַ גאַנצע קניה אין שטאָטישן סופּערסאַל, טאָ פֿאַרוואָס זאָל זי אויך וועגן דעם נישט אָנטאָן דער שוועגערין אַ נחת? פֿון דעם סופּערסאַל זענען מיר אַרײַן אין "משביר", וווּ מײַן שכנה האָט דעם לעצטן פּסח אײַנגעקויפֿט כמעט אַלץ וואָס זי האָט באַדאַרפֿט אויף יום־טובֿ. וואָס איז דאָרט נישט געווען צום קויפֿן? אַ וועלט מיט וועלטעלאַך. און אָט אַזוי זיצנדיק לעבן מיר איז זי נאָך אַמאָל געגאַנגען אין געדאַנק פֿון שטאָק צו שטאָק און איך האָב פֿאַרשריבן בויגן נאָך בויגן אַלץ וואָס זי האָט דאָרטן געזען. האָט איר אויסגעפֿעלט אַ וואָרט אין ייִדיש האָט זי עס פֿאַרביטן אויף רומעניש, רוסיש אַפֿילו אויף העברעיִש. און ס'איז אַרויס אַ לאַנגער בריוו ממש זיך איבערצוגעמען.

און מיר האָבן זיך טאַקע איבערגענומען. אויך נאָך דעם ווי די בריוו איז אַוועק מיט דער פּאָסט איז זי פֿאַרבליבן אַ טעמע צווישן אונדז. בעת מיר האָבן זיך אָנגעטראָפֿן אין הויף, בעתן אַרויסטראָגן דאָס מיסט, לעבן בריוו־קעסטל, אָפּ־וואַרטנדיק דעם פּאָסטשטער:

"זי וועט זיך דאָרטן אויפֿעסן".

ס'וואָלט טאַקע געווען טשיקאַווע זײַן בײַ דער שוועגערין אין שטוב, ווען יענע וועט עפֿענען דעם בריוו און זיך צוקוקן ווי דאָס בלוט גייט איר אַ קריך אין קאָפּ אַרײַן. זי האָט דאָך נישט אָנגעזען אין איר גאַנץ לעבן קיין האַלבן פּראָצענט פֿון דעם וואָס אין אים איז אויסגערעכנט. און מײַן שכנה האָט נאָך דאָרטן אין רומעניע זיך געבעטן בײַ איר שוועגערין זי זאָל נישט בלײַבן זיצן ווי אַ וואָרעם אין כריין אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם רומענישן דערפֿל נאָר עולה זײַן צוזאַמען מיט איר קיין ישׂראל. אָבער די שוועגערין האָט זיך געקווענקלט און פֿאַרבליבן. איצט וועט זי אײַנפּאַקן אירע בעבעכעס, אַ נעם טאָן די פֿיס אויף די פּלייצעס און קומען צו לויפֿן.

„ווארט״, האָט די שכנה מיר געזאָגט, „זי וועט קומען״.

געקומען איז אַ בריוו. אַ בלעטל אַרויסגעריסן פון אַ העפט און דרײַ פיר שורות בלויז. די שוועגערין האָט געענטפערט דער שכנה זי זאָל זיך אויסזוכן אַן אַנדערן שכן, אַזוי ווי יענער וועלכער איז געשטאָרבן, אויף צו שרײַבן די בריוו מיט דער אייגענער האַנט, און נישט קיין נאָטשאַלסטווע אויף אַ שרײַב־מאַשין:

„אויב דו ווילסט איך זאָל דיר גלייבן״.



## פעריאָדישע זאַמלונגען

### „יהודי ברית המועצות״

„יהודי ברית־המועצות״ — איז אַ זאַמל־בוך געווידמעט דעם סאָוויעטישן יידנטום, אַן אויסגאַבע וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורכן וויסנשאַפטלער־קאָמיטעט ביים געזעלשאַפט־לעכן ראַט לטובת דעם סאָוויעטישן יידנ־טום, אין ראַם פון די פובליקאַציעס וועגן סאָוויעטישן יידנטום, רעדאַגירט פון דוד פּריטל. ביז איצט זענען דערשינען אַכט בענד. דער אַכטער באַנד וואָס איז אַרויס פון דרוק דעם פאַרגאַנגענעם חנוכה (תשמ״ה), איז דערשינען לכבוד אברהם הארמאַן, פּרעזידענט פון געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט פאַר סאָוועטישע יידן, צו זיין ווערן אַ בן־שבעים.

דאָס איז אַ באַזונדערס רייכער העפט (240 זייטן) און פאַרמאָגט אַ שפע אַרבעטן וואָס וואַרפן אַ שיין אויפן לעבן און קאַמף פון אונדזערע ברידער אין סאָוועטן־לאַנד.

באַזונדערס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן די היסטאָרישע אַרבעטן פון פּראָפ׳ שמואל עטינגער, יעקב רואי, יעקב לבבי א.א.

פון אַ ספּעציעלן אינטערעס זענען די מעמוארן פון יוסף קערלער „דער אַנהייב פון סוף״, וואָס ווערן באַגלייט מיט אַ מאמר פונעם רעדאַקטאָר וועגן „יוסף קערלער און זיין וועג צום ציוניזם״.

אַ טייל פון די פאַרעפנטלעכע אַרבעטן אין דעם העפט זענען צוגעשיקט געוואָרן דורך אַקטיוויסטן אין ראַטנפאַרבאַנד גופא — על פי רוב געשריבן אין העברעישן מקור. דאָס זענען אַרבעטן פון העכסטן דאָקומענטאַרן ווערט. פון באַזונדערער חשי־בות זענען אויך די אַרבעטן געשריבן דורך אַקטיוויסטן־עולים „ביי וועלכע זייער אינ־דיווידועלע דערפאַרונג פון עבר גייט גע־פּאָרט מיט דער יכולת אויף ס׳ניי אָפּצושאַצן פאַקטן נאָך דער נייער עליה אין לאַנד אריין״, ווי עס באַמערקט מיט רעכט דער רעדאַקטאָר אין זיין אַריינפיר צו דער זאַמ־לונג, דערמאָנענדיק באַזונדער דעם טאָג־בוך פון וויטאַלי רובין ז״ל, וואָס איז עולה־געווען אין 1976 און געלעבט דאָ מיט אונדז ביז 1981, ווען ער איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־אַקצידענט.

פיל פון די פאַרעפנטלעכטע שאַפונגען אינעם דאָזיקן העפט פאַרדינען אויך איבער־געזעצט צו ווערן אויף אַנדערע שפּראַכן, און באַזונדערס אויף יידיש.

מאיר חרץ

## אַ רינגל

ווען דו קויפֿסט אַ גאָלדן רינגל
פֿאַר אַ צאַרטן מיידל-פֿינגער
און אַ צאַפּל טוט דאָס צינגל
פֿון דער וואָג, דאָס צאַרטע צינגל —
שווערער-גרינגער, שווערער-גרינגער,

טוט דאָס האַרץ דיר אויך אַ צאַפּל —
פֿרייד און טרויער, פֿרייד און טרויער
און דו ציטערסט צו אַ קאַפּל
פֿון די ווערטער, פֿונעם פּלאַפּל —
פֿרייד און טרויער, פֿרייד און טרויער.

און דו פּרוּווסט די ווערטער איבער
מיט דער צונג און מיטן גומען.
דו צערעדסט זיך ווי פֿון פֿיבער
און דו גייסט דערנאָך אַריבער
אין אַ מורמלען אין אַ פֿרומען.

אין אַ דאַווענען, אַ בענטשן,
אין אַ הלל, לויבגעזאַנגען
סײַ צו גאָט און סײַ צום מענטשן,
וואָס האָט אויסגעשטעלט דאָס בענטשן
און צו לויבגעזאַנג דערגאַנגען.

פֿליגל פֿילסטו פֿון אַ זינגער
אויף די פּלייצעס — ביסט אַ יינגל
און דו טוסט איר אָן אַ רינגל
אויף איר צאַרטן מיידל-פֿינגער —
שווערער-גרינגער, שווערער-גרינגער.

ירושלים, 31סטער יאַנואַר, 1985.

## דאַנקען גאָט

אַ רויטע שקיעה און אַ בלאָער טרוים
און גרינע ניס אויפֿן נוסנבוים.

אין שײַן פֿון דער שקיעה דער נוסנבוים לעשט
זיך אויס אין מערב פֿון מאַרקולעשט.

און טיף אין מזרח איז שוין נאַכט
און שטערן הענגען ווי אויסגעטראַכט

און קומען נענטער און נענטער צו
און בלינצן און וויגן זיך אײַ־ליו־ליו.

און טאָמער, חלילה, פֿאַלט אַראָפּ
אַ שטערן פֿון אויבן אויף עמעצנס קאָפּ,

איז בענטשט מען גומל, איז דאַנקט מען גאָט,
וואָס דאָס איז געשען אין אַן אַנדער שטאָט

און אונדזער שטעטל איז גאַנץ אַרויס
און מיטן שטעטל אויך אונדזער הויז.

ירושלים, 2טער פעברואַר, 1985.

## אויפן זעלבן שטח פון זכרון

אויפֿן זעלבן שטח פֿון זכרון
קומען צו אַלץ מער און מערער יאָרן,
ביז מע הייבט אָן בויען אַ גאָרן אויף אַ גאָרן.

שטייען גאַסן פֿון דער צײַט געבויטע,
אויך די בתי קברות מיט די טויטע
שלענגלען זיך אַרײַן מיט זייערע פּלויטן.

שנײַדן איבער דאָרט די ברייטסטע גאַסן,

פֿאַרט מען איבער זיי צוערשט געלאָסן,
נאָך דעם אַלץ געוואַגטער איבער גאַניקעס, טעראַסן.

נאָך דעם הייבט מען אויף זיך אין די הייכן,
נאָך דעם העכער, העכער אויף צו גרייכן
צו די ברעגעס פֿון פֿאַרשטיין, צו די ברעגעס פֿונעם שכל.

פֿאַלט מען צוריק אַראָפּ אין די אָרעמס פֿונעם בענקען,
גיט מען אָפּ זיך דעם געפֿיל, הערט מען אויף צו דענקען
און דאָס נײַע צו באַנעמען און דאָס אַלטע צו געדענקען.

ירושלים, 30סטער יאַנואַר, 1985.

* *
*

מײַן גאָט,
איך וועל דיך נישט גנבענען פֿון קיין סידור,
פֿון תּפֿילות אַרויס און אַרײַן אין מײַן ליד.
נישט הייליק זענען זיי מײַנע לידער —
און אויך קיין פֿרומע גניבות ניט.

איך וועל דיך פֿון פֿרעמדע מײַלער נישט מאָלן,
דערנאָך דיך פֿאַרקויפֿן ווי מײַנס אַ ווערק
און וויפֿל מע זאָל מיר נישט ווען באַצאָלן
אויף אַלע גרויסע און רוישיקע מערק,

וועל איך קיין סוחר פֿון תּורות נישט ווערן,
כאָטש תּורה די בעסטע סחורה איז,
וועל בעסער בענטשן דײַנע שטערן
און דײַנע נאָר, קיין אַנדערע נישט.

ווײַל אַלע שטערן זענען דײַנע
און אַלע גראָזן און יעדער בוים
און אַלע נאָענטע שטערן שײַנען
און ווײַטע שטערן זענען אַ טרוים.

און טרוימען מעג איך זיי, ווי מיר ווילט זיך,
ווי זונען גרויס, ווי פּונקען קליין,
סע ווענדט זיך ווי ווײַט מײַן טרוים צעשפּילט זיך,
גרויס און מעכטיק, צי קליין און שיין.

איך וועל דיך נישט גנבענען פֿון קיין סידור,
פֿון תּפֿילות אַרויס, מײַן גרויסער גאָט,
נאָר פֿראַנק און פֿרײַ דיר זינגען לידער
פֿון "גרינעם ווינטער", פֿון "פֿיפֿטן ראָד".

ירושלים, 2טער פעברואַר, 1985.

## אַ רחמנות

אַ רחמנות אויף די גוייִם, וואָס קענען מײַנע לידער נישט לייענען,
א גרויס רחמנות אויף ייִדן, וואָס קענען נישט קיין ייִדיש,
און נאָך אַ גרעסער רחמנות אויף די, וואָס קענען ייִדיש און קענען לייענען
און ווילן נישט קענען לייענען און ווילן נישט קענען קיין ייִדיש.

זיי לעבן זיך אויס דאָס לעבן אָן כאָטש איין מאָל פֿאַרזוכן
דעם טעם פֿון אַ וואָרט פֿון חרצן, דעם טעם פֿון ייִדישע ווערטער,
זיי קענען דעם טעם פֿון הערינג, זיי קענען דעם טעם פֿון קוכן
און לאָזן איבער די ווערטער פֿאַר דעם, וואָס וועט אַ מאָל זוכן
דעם טעם פֿון אַ וואָרט פֿון חרצן, דעם טעם פֿון ייִדישע ווערטער.

ירושלים, 2טער פעברואַר, 1985.

## מיינע שכנים ווילן מיך נישט לויבן

מײַנע שכנים ווילן מיך נישט לויבן,
זיי פֿאַרשטייען נישט דאָס לשון, וואָס איך שרײַב,
קענען זיי נישט לויבן, האָב איך אָנגעהויבן
זיך אַליין צו לויבן צוליב צײַט-פֿאַרטרײַב.

נאָר די צײַט פֿאַרטרײַבן קען מען דאָך אין קאָרטן

שפּילן מיט די שכנים, קען מען דאָך אין שאַך
שפּילן מיט די זקנים אין אַ זומערגאָרטן
אונטערן פֿרײַען הימל, אונטער גרינעם דאַך.

האָב איך אָבער מורא, אַז זיי וועלן טרײַבן
חוזק פֿון מײַן שפּילן, פֿון מײַן ערשטן שריט.
— קאָרטן שפּילן איז דיר נישט קיין שרײַבן
לידלער-שמידלער — כאַפּ איך גלײַך אַ שניט.

אויך די שאַך-שפּילער, די גרויסע וועלט-חכמים
שפּילן נישט אין קאָרטן נאָך דער שפּיל אין שאַך.
יעדער גאַנג באַזונדער האָט בײַ זיי אַ נאָמען
און די אַלע נעמען בילדן זייער שפּראַך.

מײַנע שכנים ווילן מיך נישט לויבן
זיי פֿאַרשטייען נישט דאָס לשון, וואָס איך שרײַב,
קענען זיי נישט לויבן, האָב איך אָנגעהויבן
זיך אַליין צו לויבן צוליב צײַט-פֿאַרטרײַב.

ירושלים, 27סטער יאַנואַר, 1985.

## אַז מײַן מאַמע

אַז מײַן מאַמע איז אַ סאַרווערין געווען,
ווייסט איר דאָך שוין לאַנג פֿון מײַנע לידער.
אַז איר לעבן איז אַ ביטערס, איז אַ שווערס געווען,
ווייסט איר דאָך שוין אויך פֿון מײַנע לידער.

נאָר דעם לעקער האָט מײַן מאַמע אָפּגעהיט,
ער זאָל זײַן אי זיס, אי שיין און אויפֿגעגאַנגען
און בײַם שטרודל האָט מײַן מאַמע זיך געמיט,
אַז ער איז זיך ממש אינעם מויל צעגאַנגען

און בײַם קנעטן שפּעט בײַם לעמפּל-שײַן
האָט זי זיך געהיט מיט אירע טרערן,
ס'ברויט זאָל נישט, חלילה, צו געזאַלצן זײַן
און איר פֿרייד די איינציקע צעשטערן.

פֿרייד פֿון קוקן ווי דער עולם עסט
און געניסט דעם טעם פֿון די געקעכטסן,
פֿרייד פֿון הערן ווי דער עולם קרעכצט
פֿון הנאה, מיט הנאה-קרעכצן.

ווי מײַן מאַמע קוק איך אויך אין מויל אַרײַן
פֿון מײַן לייענער, ווען ער שעפּטשעט מײַנע לידער
און פֿון ווײַטן וויל איך זען, ווי עס צינדט זיך אָן אַ שײַן
אין די אויגן זײַנע פֿונעם טעם פֿון מײַנע לידער.

נישט קיין שווערע תורות, נישט דערבאַקן, נישט דערקאָכט,
האַרט צום קייען, טערפּקע פֿאַרן גומען,
יעדער תורת אמת איז אין תוך
אויסגעקריצט מיט קלאָרע אותיות, אויסגעבאַקן, אויסגעקאָכט
אין דער היץ און אין דער שײַן פֿון טויזנט זונען.

אַז מײַן מאַמע איז אַ סאַרווערין געווען,
ווייסט איר דאָך שוין לאַנג פֿון מײַנע לידער.
וואָס מיטן בן יחיד אירן, מיט איר זון געשען,
ווייסט איר דאָך אוודאי פֿון די . . . לידער.

ירושלים, 27סטער יאַנואַר, 1985.

## נישט קיין איי קיין אָפּגעשיילטס

נישט קיין איי קיין אָפּגעשיילטס
וויל איך, זאָלסט אין מויל מיר לייגן,
נישט קיין גליק קיין אָפּגעטיילטס
בלויז פֿאַר מיר, פֿאַר מײַנעט וועגן.

נאָר אַ וועג אָן שטרויכלונגען
וויל איך, זאָלסט פֿאַר מיר באַשערן,
איך זאָל וויסן, ווו און ווען
עפּענען זיך טירן גערן.

איך זאָל וויסן, ווען און ווו

איז דאָס אָרט, וווּהין צו קומען
און דאָס גיין אַהין צו צו
זאָל צעגיין זיך אויפֿן גומען.

איך זאָל פֿילן דעם געשמאַק
פֿון דער פֿרייד, זיך קענען פֿרייען
נישט בײַם האַקן מיט אַ האַק,
נאָר בײַם שנײַדן נאָכן זייען.

גלײַך מיט אַלע נאָכן שניט
זינגען בײַ דעם בינדן גאַרבן
און זיך צוגרייטן אַ ליד
אויף נאָך הונדערט יאָר בײַם שטאַרבן.

ירושלים, 25סטער נאָוועמבער, 1984.



## נײַע ביכער

**אברהם לים**: "שמועסן בכתב". פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, תשמ"ה 1985. פּאָרטרעט געצייכנט פון מ. בערנשטיין. 235 זײַטן.

**משה יונגמאַן**: "שטערן דערקענען דיך". לידער. עפנט זיך מיט אַ ליד פון אברהם סוצקעווער "לזכר משה יונגמאַן". פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1985.

## יצחק יאַנאַסאָוויטש

# אברהם זאַק ז״ל

אברהם זאַק איז געווען אַ פּיל־זשאַנערדיקער שרײַבער. ער האָט געשריבן לידער, דערציילונגען, זכרונות און אפילו זשורנאַליסטישע טאָג־גראַמען און פעליעטאָנען. דאָך איז ער אין זכרון פון ייִדישן לייענער פאַרבליבן, דער עיקר, ווי אַ פּאָעט, אַן אָנגעהעריקער צו דער זעלביקער ראָמאַנטישער שולע, צו וועלכער עס האָט געהערט לייב ניידוס, ז. סעגאַלאָוויטש און אַנדערע.

אויב עמעצער וועט זיך אײַנשפּאַרן און זאָגן אַז אברהם זאַקס גרעסטע ליטע־ראַרישע דערגרייכונג דאַרף מען זוכן אויפן פעלד פון פּראָזע (זײַן מלחמה־ווערק ״אונטער די פליגל פון טויט״ און זײַן בוך ״קנעכט זענען מיר געווען״ — מעמואַרן פון די סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן) וועט ער נישט האָבן געמאַכט קיין טעות, ער וועט אָבער אומבאַדינגט אָפּווײַכן פון דעם אַלגעמיין־שעפערישן אימאַזש וואָס האָט זיך געשאַפן וועגן אברהם זאַק אין משך פון זײַן לאַנג און פרוכטיק לעבן.

צי איז עס געשען דערפאַר ווײַל אברהם זאַק האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּאָעט אין די יונג־ראָמאַנטישע יאָרן ווען אונדזער ליטעראַטור איז נאָך קיין 50 יאָר נישט אַלט געווען און עס האָבן נאָך געלעבט און פּערזענלעך געווירקט אין דער ליטעראַרישער סביבה די קלאַסיקער מיט י. ל. פּרצן אין דער שפּיץ? אָדער אפשר האָט מען אים געקרוינט מיט דער קרוין פון שירה וזימרה, ווײַל דער לייענער האָט אַרויסגעפילט, אַז הינטער אַלע זשאַנערן זײַנע איז ער אין תוך אַ פּאָעט (״אַ פּאָעט ווערט מען נישט, אַ פּאָעט איז מען)? סײַ ווי — די דאָזיקע פראַגע וועלן מיר איצט נישט פאַרענטפערן. ס׳איז אָבער זייער וויכטיק צו געדענקען אַז זאַק האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּאָעט און האָט ווי אַ פּאָעט פאַרענדיקט זײַן לעבן, כאָטש אין צווישן האָט ער, ווי שוין געזאָגט, אויך אָנגעשריבן אַ ריי וויכטיקע ווערק סײַ אין פּראָזע און סײַ אין אַנדערע זשאַנערן וועלכע מיר האָבן פריער דערמאָנט.

אין זײַן אַרײַנפיר־ליד (פּרעלוד) צום בוך ״פון אַלע מײַנע יאָרן״ (בוענאָס איירעס 1975) זינגט דער דיכטער וועגן זיך און זײַן שאַפערישן אָפּשפּאָר:

״פון אַלע מײַנע יאָרן
וואָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט?
האָב אָפּגעשפּאָרט נאָר לידער,
נאָר דאָס אינטימסטע וואָרט.״

דאַ מערקן מיר, בכן, אַז נישט נאָר די ייִדישע לייענערשאַפט האָט געזען אין אברהם זאַקן — דער עיקר — דעם ראָמאַנטישן פּאָעט, דעם זינגער פון געמיט און דעם אַנטפּלעקער פון אינטימען געפיל, נאָר אַז אויך דער דיכטער גופא האָט זײַן שעפערישע מי געזען רעאַליזירט אין זײַן פּאָעזיע און ער האָט געהאַלטן אַז דאָס וויכטיקסטע וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון זײַן שעפערישן לעבן, איז דאָס ליד, דאָס אינטימע וואָרט וואָס דערוועגן איז ער גורלדיק באַזאָרגט (ווי ער זינגט עס אין דעם ציטירטן ליד) און ער האָט פּײַניקנדיקע ספיקות וואָס נוגע זײַנע יורשים פון אָט דעם פאַרמעג — אַ מאָטיוו וואָס חזרט זיך זייער אָפט איבער אין די פּאָעטישע שאַפונגען פון אברהם זאַקן נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה.

אברהם זאַק, אַ געבוירענער אין דעם שטעטל אמדור נעבן גראָדנע, אין יאָר 1891, האָט דעביוטירט אין דער ווילנער אויסגאַבע "דער טאָג אויף שבת" מיט אַ ליד וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם פּערז "וואָס ציט מיך אַזוי צו די וויסטע מקדשים ?" דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין יאָר 1908 און פון דעמאָלט אָן איז זאַק שוין כסדר טעטיק אין דער ליטעראַטור און אין דער ייִדישער פּרעסע וואָס האָט אין יענער צײַט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען און איז אויסגעוואַקסן צו אַ גאָר גרויסער קולטור-פּאָזיציע אין ייִדישן לעבן.

אברהם זאַק איז געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַרײַן אין די יאָרן וועלכע מען רופט סכעמאַטיש אָן "די יאָרן פון דער קאָנטררעוואָלוציע" און דאָס מיינט צו זאָגן: די יאָרן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון יאָר 1905, ווען אויך אין דער רוסישער ליטעראַטור האָבן זיך באַוויזן נײַע ריכטונגען וואָס מען האָט זיי גערופן "דעקאַדענטישע", אָבער אין דער אמתן זענען זיי געווען ביז גאָר פאַרדינסטפולע פאַר דער קונסט און פאַר דער אַנטוויקלונג פון נײַע ריכטונגען אין אַנטפּלעקונגען אויפן געביט פון שעפערישן וואָרט. אויך אין דער ייִדישער ליטע-ראַטור זענען יענע יאָרן געווען מזל ברכהדיק און זיי האָבן געבראַכט אַ ריי נײַע דיכטער און אַ ריי נײַע דיכטערישע שטרעמונגען, וואָס אָן זיי איז זיך שווער פאַרצושטעלן די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליריק, סײַ אין אייראָפּע און סײַ אין אַמעריקע.

אַלע ווייסן ווי שווער עס קומט אָן צו דעפינירן די אונטערשיידן צווישן איין ליטעראַרישער ריכטונג און אַ צווייטער אויף דער ייִדישער גאַס. די ייִדישע ליטע-ראַרישע ריכטונגען זענען גאַנץ אָפט לגמרי נישט ענלעך צו די ריכטונגען אויף דער נישט-ייִדישער גאַס, הגם זיי באַנוצן זיך אָפט מאָל מיט די זעלביקע טערמינען. אַזוי, למשל, איז מען געוווינט געווען אויף דער נישט-ייִדישער גאַס צו באַצייכענען אַ ראָמאַנטיקער ווי אַזאַ איינעם וואָס אַנטלויפט פון דער ווירקלעכקייט כדי אין חלום צו געפינען נאָוואַליסעס "בלויע בלימל". אויף דער ייִדיש-ליטעראַרישער גאַס איז דער דאָזיקער מין ראָמאַנטישער דיכטער כמעט ווי נישט געווען בנמצא, ווײַל ביי ייִדן איז אויך דער ראָמאַנטיקער נישט געווען קיין ווירקלעכקייטס-אַנטלויפער און זײַן ראָמאַנטיציזם איז גאָר באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט געקעמפט פאַר דער רעכט פון זעלבסט-אויסדרוק, אָדער, בעסער געזאָגט, פאַר דער רעכט צו

באַטראַכטן דעם אייגענעם ״איך״ ווי אַ פּריזמע דורך וועלכער ער זעט און נעמט אויף די וועלט, אין דער בחינה פון ״מבשרי אחזה״... כלומר: איך, דער מיקראָ־קאָסמאָס בין די אָפּשפּיגלונג פון מאַקראָקאָסמאָס און דעריבער איז דאָס פּאַרטיפן זיך אין זיך נישט קיין אַנטלויפן פון דער וועלט, נאָר אַן אופן פון דערקענען די וועלט, ווי עס האָט, אגב, געזאָגט די דיכטערין עלזא לאַסקער שילער: ״איך שרייב וועגן זיך, ווייל זיך קען איך צום בעסטן״.

אברהם זאַק איז אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַ צייט וועלכע האָט געבראַכט פיל חידוש און שפע דעם יידיש־ליטעראַרישן שאַפן. מען האָט די דאָזיקע צייט טאַקע גערופן ״די עפּאָכע פון דעקאַדענץ״, אָבער אין דער אמתן האָט די דאָזיקע ״דעקאַדענץ״ ביי יידן, פונקט ווי ביי נישט־יידן, געבראַכט מיט זיך אַ באַנייונג אין דער דיכטונג און אַ שעפערישן פּאַרויסגאַנג. ביי יידן איז דאָס געווען די צייט ווען אין דער ליטעראַטור באַווייזן זיך מיט דער פולער קראַפט די דריי דודס: דוד האָפשטיין, דוד איינהאָרן און דוד בערגעלסאָן. (אגב, פון מיינע מלחמה־יאָרן אין מאָסקווע געדענקט זיך מיר, אַז דוד בערגעלסאָן פלעגט זייער אָפּט אַרויסטרעטן קעגן דעם ״דעקאַדענט״ דוד איינהאָרן, וואָס איז לויט אים, מיט דרייסיק יאָר צוריק אַוועק צום רעאַקציאָנערן דעקאַדענטיזם). אברהם זאַק, זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, א. אלמי, י. פּראַפּוס, לייב ניידוס און נאָך אַנדערע זענען שוין געקומען עטוואָס שפּעטער און זענען שוין געווען אַ ווייטערדיקער שריט פון דוד איינהאָרן, הגם אין אַ סך אַנדערע פּרטים האָבן זיי זיך נאָך געהאַלטן ביי דעם ראָמאַנטיזם פון היינען, פון וועלכן אפילו י. ל. פּרץ האָט בשום אופן נישט געקענט פּטור ווערן ווי נאָר ער האָט זיך גענומען צו פּאָעזיע. אַ טייל פון זיי זענען אויך מושפּע געוואָרן פון דעם דיכטער נאַדסאָן, אַ ייד וואָס האָט געשריבן רוסיש, האָט משפּיע געווען מיט זיין ווייטנדיקן ליריזם און איז פון זיין צייט באַאיינפלוסט געוואָרן פון נעקראַסאָוון און אַנדערע פאָלקס־דיכטער.

בכל אופן קען מען זאָגן אַז אברהם זאַק האָט געהערט צו דער גרופּע דיכטער פון דער איבערגאַנגסצייט. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט עס געהייסן: צו דער גרופּע וואָס האָט דורך דעם אימפּרעסיאָניזם פון האָפשטיין און איינהאָרן (אין אייראָפּע), ווי אויך פון מאַני לייב, זישע לאַנדוי, ראובן אייזלאַנד (אין אַמעריקע) זיך דערוואָרט אויף דעם פוטוריזם פון משה בראָדערזאָן און אויף דעם עקספּרעסיאָ־ניזם פון פּרץ מאַרקיש, אורי צבי גרינבערג און מלך ראַוויטש. צוליב איר ספּעצי־פישער לאַגע פון געפינען זיך צווישן די בופאָרן פון דער לויפנדיקער ליטעראַטור־באַן זענען די דיכטער פון דער דאָזיקער גרופּע אָפּט פאַרשטויסן געוואָרן אין אַ זייט און געווען אפילו צייטן ווען מען האָט זיי גאָר ווייניק אַנגעזען און מען האָט זיך מיט זיי ווייניק גערעכנט אין דער יונגער יידישער ליטעראַרישער־גאַס.

צוריק דערוואָרבן אויפמערקזאַמקייט מיט זייער שאַפן האָבן די דיכטער פון דער דאָזיקער גרופּע (סעגאַלאָוויטש, זאַק און אַנדערע) ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, דאָס הייסט נאָך דעם חורבן פון יידישן לעבן וואָס היטלער, ימח שמו, האָט גורם געווען. אַזוי איז עס געשען מיט ז. סעגאַלאָוויטשן וואָס האָט זיך באַוויזן

מיט אַ נײַער שעפֿערישער פּאָעטישער קראַפֿט נאָך דער שואה, ווען ער האָט באַוויינט דאָס אומגעקומענע ייִדישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע און אַזוי איז עס געשען אויך מיט אברהם זאַק, וואָס האָט זײַן דיכטעריש שאַפֿן געשטעלט אונטערן צייכן פֿון אבֿילות, פֿון חורבן און האָט דעריבער געגרייכט צו אַזאַ אויסדרוק און צו אַזעלכע אויפֿרודערנדיקע טענער, וואָס ער האָט פֿריִער בשום אופֿן נישט געקענט געפֿינען אין דעם דיכטערישן רעגיסטער פֿון זײַן פּאָעטישער קלאַוויאַטור.

אברהם זאַק איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געוועזן זייער שעפֿעריש. ער האָט כמעט יעדעס יאָר אַרויסגעגעבן אַ בוך. צווישן די דאָזיקע ביכער (על פּי רוב פּאָעזיע) האָבן זיך אויך געפֿינען די צוויי בענד זכרונות פֿון די סאָוויעטישע לאַגערן א. ב. "קנעכט זענען מיר געווען" וואָס זענען אומבאַדינגט (צוזאַמען מיט זײַן מלחמה־ראָמאַן "אונטער די פֿליגל פֿון טויט") דאָס וויכטיקסטע און דאָס ווערטפֿולסטע וואָס איז אַרויס פֿון זײַן פּראָזע־פֿעדער. זאַק איז געשטאָרבן אַ באַלאָדענער מיט שעפֿערישע פּירות אין אַלערליי זשאַנערן, אַפֿילו אין איבער־זעצונגען (ער האָט אַרויסגעגעבן איבער 30 ביכער), אָבער ס'איז נישט פֿאַראַן קיין שום צווייפֿל אַז "קנעכט זענען מיר געווען" פֿאַרנעמט אַ גאָר באַזונדערע פּאָזיציע אין זײַן שאַפֿן און שליסט זיך אײַן אויף אַ גאָר בכבודיקן אופֿן אין דעם אינטער־נאַציאָנאַלן ליטעראַרישן שאַפֿן פֿון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַ שאַפֿן וואָס האָט גורם געווען אַ ליטעראַטור־שטראָם אין איין באַשטימטער הומאַניסטישער ריכטונג, הגם אין פֿאַרשידענע שפּראַכן און אין פֿאַרשידענע פֿאָרמען.

מאָדנע זענען די וועגן פֿון די שעפֿערישע מוזעס. דווקא דעם ליריש־עלעגישן דיכטער אברהם זאַק דעם ראָמאַנטיקער וואָס האָט זיך געהיט אין זײַן פּאָעזיע אויפֿצוהייבן צו הויך דאָס קול, דווקא אים האָט דער גורל אָנגעטרויט צו זײַן צווישן די, וואָס האָבן די ערשטע מיט אַ הויכער שטים פּראָטעסטירט קעגן דעם מלחמה־אומזין בעת דער ערשטער וועלט־שחיטה אין אָנהייב פֿון 20סטן יאָר־הונדערט און אים האָט דער גורל אויך באַשטימט צו זײַן צווישן די ערשטע וועלכע האָבן אין ייִדישן לשון אַנטפּלעקט פֿאַר דער וועלט דעם גרויל פֿון סטאַלינס שקלאַפֿן־לאַגערן אין וועלכע ער איז פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן אַלס מלחמה־פּליט בעת דעם צווייטן וועלט־קריג. אוודאי איז אברהם זאַק נישט געווען דער ערשטער — אוודאי נישט דער איינציקער — וואָס האָט אויפֿגעהויבן דעם פֿאָרהאַנג איבער דעם דאָזיקן קאָמוניסטישן פֿאַרברעכן, אָבער מען טאָר נישט לייקענען, אַז אין מאָמענט ווען ער איז אַרויסגעקומען מיט זײַנע זכרונות וועגן די סטאַליניסטישע שטראָף־לאַגערן, וועגן די תּפֿיסות און פֿאַרשונגס־סיסטעמען פֿון די קאָמוניסטישע מושלים, האָט מען תּיכּף ומיד דערפֿילט, אַז דאָ רעדט אַ מענטש וואָס דערציילט דעם אמת; אַ מענטש, וואָס האָט דאָס אַלץ אַליין איבערגעלעבט; וואָס איז נישט מגזים; וואָס זײַנע אָבסערוואַציעס זענען אויטענטישע און דערפֿאַר האָט מען זיך אַזוי צוגעהערט צו דעם וואָס ער דערציילט און מען האָט געגלויבט, אַז ער איז אמת און זײַנע רייד זענען אמת.

געווען אַ צײַט — נאָך כרושטשאָווס רעוועלאַציעס וועגן סטאַלינס מערדער־

מַעשים אויפן 20סטן קאָנגרעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד — ווען מען האָט געמיינט, אַז די קאַטאָרגע־לאַגערן אין סאָוויעטן־לאַנד געהערן שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט ; אַז זיי זענען פאַרשווּנדן צוזאַמען מיטן סטאַלין־קאָשמאַר. געווען אפילו אַ יונגער שרײַבער — וואַסילי אַקסיאָנאָוו, האָט ער געהייסן, האָט ער אָנגעשריבן אַ ראָמאַן מיטן נאָמען ״מאַראַנצן פון מאַראָקאָ״, אין וועלכן ער האָט געשילדערט ווי אויפן אָרט פון די אַמאָליקע שקלאַפן־לאַגערן געפינען זיך שוין כלומרשט היינט שטעטלעך פון פרײַוויליקע אַרבעטער, וואָס פאַרדינען זייער גוט און ס׳גייט זיי מער נישט אָפּ ווי נאָר די דאגה צו באַקומען די זויערע מאַראַנצן פון מאַראָקאָ. גאָר גיך האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז ווײַט נישט אַזוי. אַ סאָוויעטישער הערשער גייט און אַ קאָמוניסטישער הערשער קומט אין די קאַטאָרגע־לאַגערן, די וויכטיקסטע און שאַרפסטע בײַטש פון קאָמוניסטישן טעראָר, בלײַבט. ס׳איז בכן געווען אומזיסט די ״שרעק״, אַז זאַקס אויסגעצייכנטע שילדערונג פון קאַלטן גיהנום אין סיביר ; אין ווײַטן צפון, אין קאַלימאַ, צי אַנדערע אַזעלכע ערטער, זאָל ווערן אויס אַקטועל. פאַרקערט, פון דעם וואָס מען הערט, פון דעם וואָס מען ווייסט ווערט קלאָר אַז די פּלאָג פון די שטראָף־לאַגערן אין רוסלאַנד איז נאָך שאַרפער ווי פריער. אברהם זאַקס בוך, ווי אַנדערע ביכער פון דעם מין זענען נאָך אַלץ אַקטועל, סאָוועטישער מאַסן־טעראָר בלײַבט נאָך אַלץ די מוראדיקסטע חרפּה פון דער צײַט.

זאַק שילדערט אין זײַן בוך ״קנעכט זענען מיר געווען״ דעם שטראָף־לאַגער ווו עס געפינען זיך מענטשן, וועלכע האָבן זיך מיט גאָרנישט פאַרזינדיקט. ס׳קומט שיער נישט אויס, אַז די אמתע זינדיקע זענען דאָרט, אויף דער פרײַ. דאָ אין לאַגער, אין דער ״ווײַסער פאַרפאַלנקייט״, ווי עס האָט דעם ״גולאַג״ אָנגערופן אַ צווייטער יִדישער שרייבער, יחיאל האָפער, ע״ה, געפינען זיך אומשולדיקע, די מענטשן וואָס ווערן אונטערדריקט דורך די אוממענטשן פון סטאַלינס רעזשים. דערבײַ איז כדאי אונטערצושטרײַכן אַז זאַק שילדערט און דערציילט אויך וועגן די אויפבליצן פון מענטשלעכקייט אין דעם טאָל פון אוממענטשלעכקייט און מען זעט בפירוש ווי עס קאָסט אים פיל געזונט וואָס ער מוז ווי אַ שרײַבער עדות־זאָגן קעגן דעם מין מענטש, וואָס מען האָט אים דערפירט צו דער מדרגה, ווען ער איז ערגער פון אַ חיה. און נאָך עפּעס : אפילו אין דער האַרטער, אומברחמנותדיקערווירקלעכקייט פון לאַגער־לעבן, אין הונגער, אין פאַרמאַטערטקייט פון דער שקלאַפן־אַרבעט, אין קויט און אין שמוץ, זענען פאַראַן רירנדיקע מאָמענטן וועלכע דער מחבר פאַרצייכנט מיט סאָטיספאַקציע. דאָס זענען די מאָמענטן ווען דער לאַגער־אַרעסטאַנט וואָס ווערט אַזוי גערודפט און געפּלאָגט כדי אים צו אַנטמענטשן, ווײַזט גאָר פּלוצים אַרויס אַן אויפבליץ פון אויפגעוואַכטער מענטשלעכקייט, ווײַזט אַרויס דעם געטלעכן ניצוץ וואָס דערהייבט דעם געפּײַניקטן איבער זײַן פּײַניקער, ווי דאָס איז, למשל, אין דעם אויפרודערנדיקן עפּיזאָד וועגן דעם קאָנצערט אויף דער לאַגער־שיף.

אברהם זאַק איז געווען אַ יוגנט־חבר פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם דיכטער לייב ניידוס. אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס ניידוס איז געבליבן אַ

פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זאַק האָט געזאַמלט זײַנע שריפטן, זיך מתעסק געווען מיטן אַרויסגעבן זיי און ער האָט אויך אָנגעשריבן זײַן ביאָגראַפּיע. אפילו אין דער טיפער עלטער האָט זאַק נישט פאַרגעסן זײַן יוגנט־חבר און ער פלעגט בײַ יעדער געלעגנהייט שרײַבן וועגן אים, דערמאָנען אים, נישט לאָזן אים פאַרגעסן. דאָס איז אַ חסד של אמת, וואָס קיין סך בײַשפּילן אַזעלכע האָבן מיר נישט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז כדאי אַז מיר זאָלן אברהם זאַקן אויך דעם זכות געדענקען.

אברהם זאַק האָט געהאַט אפשר פאַרעלטערטע אָנשויונגען וועגן פּאָעזיע, ווי וועגן קונסט בכלל. ערשט נישט לאַנג צוריק האָב איך געלייענט אַ מאַמר פון יעקב גלאַטשטיין אין וועלכן ער פּאָלעמיזירט מיט זאַקס צוגאַנג צו פּאָעזיע און צו זײַן פאָדערונג וועגן ריטם און גראַם אינעם ליד. אוודאי איז יעקב גלאַטשטיין געווען גערעכט אין דער דאָזיקער פּאָלעמיק, אָבער ס׳איז קיין שום ספק נישט, אַז אברהם זאַקס ליטעראַרישן זכות דאַרף מען זוכן אין זײַן שאַפן און אויך טאַקע אין זײַן פּראָזע־שאַפן. זײַן דערמאָנטער אַנטי־מלחמה ראָמאַן ״אונטער די פליגל פון טויט״ און זײַן ווערק ״קנעכט זענען מיר געווען״ וועלן בלײַבן אפילו די צײַט וועט צען מאָל ענדערן אירע טעאָרעטישע שטעלונגען צו די פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט:

אין איינעם פון זײַנע לעצטע לידער, געשאַפן אין בוענאָס איירעס אין יאָר 1974, שרײַבט אברהם זאַק:

״איך בין געבליבן ווי אַ קדיש־זאָגער
נאָך אַ פאַרגאַנגען טויטער וועלט״.

קוים עטלעכע יאָר פאַרבײַ און ס׳קומט שוין אויס אויך דעם קדיש־דיכטער אַרײַנצונעמען אין די רשימה פון די, נאָך וועלכע עס ווערט קדיש געזאָגט. יאָ, היינע האָט זיך נישט אומזיסט געקלאָגט אַז ״מען וועט נאָך מיר קיין מעסע נישט זינגען, מען וועט נאָך מיר קיין קדיש נישט זאָגן״. נאָך אברהם זאַק זאָגט מען קדיש אין דעם קרײַז פון ייִדישע שאַפער און כל זמן עס וועט זײַן אַ ייִדיש־ליטעראַטור, וועט מען אין טאָג פון זײַן יאָרצײַט פון אַלע זײַטן הערן דעם נצחדיקן אַלט־ייִדישן: יתגדל ויתקדש...

## אברהם זאַק

## ישראל-מאָטיוון

### א. כ׳קום ווידער

כ׳קום ווידער איצט צו דײַנע ברעגן,
צו דער פֿאַרהייליקט אַלטער ערד,
אויף דײַנע הויכקייטן און טאָלן
צו שפּרײַזן איז מיר נאָך באַשערט;

מתייחד זײַן זיך מיט דײַן שיינקייט,
זיך אָנטרינקען מיט הימלס בלוי,
מיט גרינקייט פֿון באַלעבטן מדבר
און מיט דער פֿרישקייט פֿונעם טוי;

פֿאַרנעמען דעם געזאַנג פֿון שניטער
אויף תבואה-פֿעלדער, וואָס צעשפּרייט,
געזייט מיט בלוט, געזייט מיט טרערן —
איז קומט דאָך שנײַדן איצט מיט פֿרייד.

אין וועלט פֿון האַס, אין וועלט פֿון שנאה —
אַ ליכטיק פּינטעלע אויף דר׳ערד.
איז גלוסט זיך פֿון דײַן ליבשאַפֿט שעפּן,
דײַן טרייסט-רוף כ׳האָב אין פֿרעמד דערהערט.

כ׳קום ווידער איצט צו דײַנע ברעגן;
עס גריסט דער כרמל שוין פֿון ווײַט,
ער ברענגט דעם גרוס פֿון חדר-יאָרן,
פֿון שיינער ליבער חומש-צײַט — — — —

**חיפה, אפּריל 1960**

## ב. ירושלים

ירושלים, מאָסט באַריירט אין מיר די דינסטע סטרונעס,
נאָך איידער, איידער כ׳האָב געזען דייַן ווונדער אויף דער וואָר.
איצט גיי איך אַ פֿאַרחלומטער אויף דייַנע שטילע גאַסן,
אַ יעדן טאָג מיך וועקט די בלויקייט אויף פֿון דייַן קאַיאָר.

ווי נאָנט מיר דייַנע שטיינער, דייַנע בערגלדיקע געסלעך,
די גרויע בערג די פֿעלדזיקע וואָס רינגלען דיך אַרום.
פֿון הר-ציון דער מגדל דוד רעדט צו מיר אַריבער
מיט חומש-שפּראַך רמזימדיק פֿון דורות לאַנג שוין שטום.

איך בלאָנקע אום, מיך ציט, מיך לאָקט אין די הרי-יהודה,
איך זע דאָ איצט באַשײַמפּערלעך, איך זע דאָ דעם אַמאָל.
פֿון אָט די הויכקייטן געגנידערט האָבן די נביאים
מיט פֿײַערדיקן וואָרט יהוהס, מיט זייַן הייליק קול.

אַז אומעטום ווו כ׳גיי און שטיי — איך שפּיר די טריט פֿון אָבות,
פֿון זין געלײַטערט אין געראַנגל פֿאַר דער אייגן ערד.
ויהי . . . געווען אַמאָל . . . ס׳רעדט אומעטום דער אַלטער עבר
און מיר איז אויף די וועגן דאָ צו טרעטן איצט באַשערט.

אויך זין און טעכטער הייַנטיקע געגאַנגען אין די שפּורן
פֿון יענע חשמונאים-זין, מיט זעלבן קדושה-פֿלאַם.
אַן עדות די מצבות פֿיל דאָ אויפֿן הר-הזיכרון
פֿון העלדן פֿון געפֿאַלענע פֿאַר ארץ און פֿאַר עם.

**ירושלים, מיי 1960**

# ירושלימער אַלמאַנאַך

## אויסגעצייכנט מיט דער אברהם זאַק-פּרעמיע

דער באַוווסטער דיכטער און דערציילער אברהם זאַק ז״ל האָט פֿאַר זײַן פּטירה געשאַפֿן אַ ליטעראַטור־פֿאָנד כדי צו פּרעמירן די בעסטע ווערק אין יידיש פֿאַרן לויפֿיקן יאָר. דער דאָזיקער פֿאָנד ווערט אַדמיניסטרירט דורך דער פרוי פֿאַני זאַק און דעם אַרגענטינער אָפּטייל פֿון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס.

צו דער פערטער יאָרצײַט פֿון אברהם זאַק ז״ל, אין 1984, איז אין דער פערטער פּרעמיע־פֿאַרטיילונג אויסגעצייכנט געוואָרן אונדזער אויסגאַבע — דער ״ירושלימער אַלמאַנאַך״. די זשורי איז באַשטאַנען פֿון די שרײַבער שלמה סוסקאָוויטש, יעקב פֿאַלאַטיצקי, שמואל צעסלער, פֿאַני זאַק און מאַטיע מײַזליש.

מיר דאַנקען האַרציק דער זשורי פֿאַרן גרויסן כבוד וואָס אונדז איז צוגעטיילט געוואָרן.

כדאַי צו דערמאָנען, אַז ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ ווערט שוין צום צווייטן מאָל פּרעמירט — אין 1977 האָבן מיר באַקומען דעם אַטראַן־פּרייז פֿון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

### פֿון ״די פּרעסע״ — בוענאָס-איירעס

## גײַסטרײַכער געדענק-אָוונט אין קולטור-קאָנגרעס

### פֿאַרטיילט ״אברהם זאַק-פּרעמיע״ דעם ״ירושלימער אַלמאַנאַך״

זייער אַ גרויסער עולם האָט איבערפֿולט דעם אַקטן־זאַל פֿון קולטור־קאָנגרעס, כדי צו באַערן דעם אָנדענק פֿונעם גרויסן דיכטער און שרײַבער אברהם זאַק ז״ל צו זײַן פֿערטן יאָרצײַט און די פֿאַרטיילונג פֿון דער ״א. זאַק פּרעמיע״ פֿאַרן ״ירושלימער אַלמאַנאַך״.

דעם אָוונט האָט דערעפֿנט דער סעקרעטאַר פֿונעם קולטור־קאָנגרעס יעקב פֿאַלאַטיצקי, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די וויכטיקסטע עטאַפּן פֿון דעם דיכטערס לעבן און שאַפֿן.

זאַק איז געווען זייער אַקטיוו אין פֿאַרשיידענע קולטור־אינסטיטוציעס, דער־הויפּט אין קולטור־קאָנגרעס, רעדאַקטירט יזכור־ביכער און צײַטשריפֿטן, געווען אַן אומדערמידלעכער קעמפֿער פֿאַר ייִדיש לשון און האָט זײַן וויי אויסגעדריקט אין שריפֿט און אין וואָרט. זײַנע ווערק וועלן אויף אייביק בלײַבן ווי ווערטפֿולע בײַטראָגן צו דער וואַקסנדיקער קולטור פֿון אונדזער פֿאָלק.

דער שרײַבער און רעדנער מרדכי קויפֿמאַן האָט אין זײַן וואָרט אונטער־געשטראָכן די וויכטיקייט פֿון צוטיילן אַ פּרעמיע נישט נאָר אַ יחיד, נאָר אויך פֿאַר

אַ ליטעראַריש גייסטיקן זשורנאַל פון אַ גאָר הויכער מדרגה, ווי דאָס איז אין דעם פאַל דער "ירושלימער אַלמאַנאַך", וועמענס רעדאַקטאָר עס איז דער דיכטער יוסף קערלער.

ווען מען לייענט דעם זשורנאַל האָט מען דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ זכרון־זשורנאַל, אין וועלכן די סאָוועטיש־ייִדישע פען־מענטשן, וואָס האָבן דורכגעבראַכן אַלע צוימען כדי פאַרלאָזן דעם סאָוועטישן גיהנום, דערציילן דער פרייַער וועלט וועגן דער פאַרניכטונג פון דער ייִדישער קולטור־שאַפונג און די רדיפות קעגן ייִדן.

אַוודאי זענען געווען יידישע שרייַבער אַנוסים וואָס האָבן פון צייַט צו צייַט געמוזט צאָלן צינזן דעם רעזשים, אָבער אין זייערע שאַפונגען האָט מען געפילט אַז פון זיי ריזלט אַרויס ייִדיש־נאַציאָנאַלער אינהאַלט.

דעריבער איז דאָס צוטיילן די "א. זאַק פרעמיע" פאַרן "ירושלימער אַלמאַנאַך" אַ סטימול פאַר די דאָזיקע פען־מענטשן, כדי זיי זאָלן קענען ממשיך זייַן זייערע ליטעראַרישע שאַפונגען און באַרייַכערן די ייִדישע ליטעראַטור און קולטור.

די פרוי פאַני זאַק דאַנקט דער זשורי, די רעדנער וואָס האָבן אין זייערע ווערטער אַרויסגעהויבן זאַקס שאַפונגען און זיין אַקטיוואַציע אין היגן געזעלשאַפט־לעכן לעבן.

א. זאַק האָט ביי זייַן לעבן באַקומען זיבן פרעמיעס און איר איז שטאַרק צום האַרצן, וואָס די זשורי האָט צוגעטיילט די פרעמיע אַן אַלמאַנאַך, ווו עס פאַר־עפנטלעכן זייערע ווערק סאָוועטיש־ייִדישע שרייַבער מיט וועלכע זאַק האָט געהאַט פערזענלעכע באַציִונגען און גרויס רעספעקט.

פרוי זאַק פאַרענדיקט איר וואָרט האָפנדיק, אַז פון ירושלים וועט אויך קומען דער רענעסאַנס פון ייִדיש און ייִדישער קולטור וואָס וועט מיט זייַנע שטראַלן באַלייַכטן די תפוצות.

דער דיכטער שמואל צעסלער האָט זייער האַרציק פאַרגעלייענט זאַקס פאָעזיע און די באַליבטע פאָלקס־זינגערין רבקה קליניצקי־ווייַנער אונטער דער פּיאַנאָ באַגלייטונג פון דבורה רייזמאַן האָט מיט אַ סך געפיל געזונגען זאַקס לידער "פון וואַרשעווער געטאָ ביז מלכות ישראל", "צוויי חברים", "אונטער בלוי ווייַסע פאָנען", מיט מוזיק פון חיים פערשקאָ.

צום שלוס דערמאָנט י. פּאַלאַטיצקי די איניציאַטיוו פון פרוי ערנא גוראלי צו שאַפן אַ פאָנד א.ב. פון א. זאַק און ער לייענט פאַר אַ דאַנק־אויסדרוק פון רעדאַקטאָר פון "ירושלימער אַלמאַנאַך", יוסף קערלער, וועלכער דריקט אויס די צופרידנקייט און כבוד וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן דעם זשורנאַל, דורך צוטיילן די "א. זאַק־פרעמיע".

## א. שעדלעצקי

### מי מכיר, מי יודע?

**(בלעטלעך פון צייט-אַלבאָם)**

אַ היסטאָרישע דאַטע האָבן מיר אָפּגעמערקט. פערציק יאָר זענען פאַרביי זינט עס איז פאַרענדיקט געוואָרן די צווייטע וועלט־מלחמה, די ערגסטע צווישן אַלע מלחמות, די גרויזאַמסטע פאַר אונדזער פאָלק, די ביטערסטע פאַר יעדן ייִד באַזונדער.

די אַ מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט מיט גאַנצע פיר יאָרצענטליק צוריק, אָבער מיר — די רעשטלעך — לעבן נאָך מיטן דאָזיקן נעכטן, מיט זיין פּיין און לייד. מיר פילן נאָך די רעזולטאַטן אויף אונדזער געביין און אין אונדזער געמיט, — ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך, אפשר ביזן סוף פון אונדזער לעבן. מיר ציילן נאָך אַלץ די פאַרלוסטן, מאַכן סך־הכלען פון דעם וואָס מיר האָבן געהאַט און פאַרלוירן, מער נישט אָפּצוגעפינען...

און דאָס קודם־כל אין דער ענגער סביבה פון יעדן איינעם פון אונדז, — מיר געדענקען און פאַרגעסן נישט קרובים און נאָענטע וואָס זענען פון אונדז אוועקגעריסן געוואָרן און זיי זענען נאָך אַזוי לעבעדיק פריש אין אונדזער זכרון.

די ערשטע אַרבעט נאָך דער באַפרייונג האָבן מיר דאָך געזוכט, מיר האָבן געזוכט אונדזערע נאָענטע, און הלמאי זאָלן מיר לייקענען: אַ סך פון אונדז האָבן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט זיי צו זוכן, האָבן נאָך אַלץ נישט אָפּגעשלאָסן דאָס קאַפּיטל און זיך אין גאַנצן מייאש־געווען. פאַרט אפשר וועט געשען אַ נס, און עמעצער פון די פאַרלוירענע און פאַרפאַלענע וועט זיך אָפּגעפינען.

און אַזעלכע ניסים זענען דאָך געשען, און געשעען ביזן הײַנטיקן טאָג.

„מי מכיר, מי יודע?", ווער ווייסט, ווער קען — דאָס איז, דאַכט זיך, געווען די צום מייניסטן פּאָפּולערע און געלייענטע רובריק אין דער נאָכמלחמהדיקער ייִדישער פּרעסע. אָט דאָס ווינקל פון זוכן קרובים און באַקאַנטע איז נאָך אַלץ נישט נעלם געוואָרן פון אונדזערע צייטונגס־שפּאַלטן און ראַדיאָ־כוואַליעס.

### יגעת מצאת...

איך געדענק: נאָך איידער די מלחמה האָט זיך אָפיציעל פאַרענדיקט, אַ שיינע פּאָר וואָכן פריער, ווען מיר זענען אין באַפרייטן לאָדזש צוגעטראָטן אַרויסגעבן דאָס

באַנײַטע יידישע וואָרט, די צײַטונג "דאָס נײַע לעבן" (ערשטער נומער דערשינען שוין אין אַפּריל 1945!), האָבן מיר אין ערשטן נומער פון דער קליינער אַכט־זײַטיקער צײַטונג געווידמעט אַ סך פּלאַץ אונטערן קאָפּ "מען זוכט". אַלע וואָס האָבן זיך געפּאָרעט בײַם אַרויסגעבן די צײַטונג האָבן שוין פון ערשטן נומער אָנגעהויבן זוכן זייערע נאָענטע. אויך איך האָב געזוכט. אמת — דעם רוב פון מײַנע נאָענטע האָב איך געוווּסט, אַז איך האָב נישט וואָס צו זוכן. ווי דער רוב פון די לעבנגעבליבענע בין איך געווען דער עדות. אָן איינציקע שוועסטער מײַנע איז אָבער מיט איר מאַן אַוועק בײַם מלחמה־אויסברוך קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, און נאָך אין געטאָ האָבן מיר געהאַט פון זיי בריוו פון ווײַטן סיביר. זיי, האָב איך געהאָפט, האָב איך וואָס צו זוכן, פאַראַן גוטע אויסזיכטן אַז זיי לעבן. האָב איך אָפּגעדרוקט די מעלדונג מיט דער אויסזיכט, אַז אפשר וועט די צײַטונג צו זיי דערגיין, כאָטש דער סוף מלחמה־כאַאָס איז נאָך געווען גרויס.

עס זענען קוים פאַרבײַ עטלעכע חדשים און איך האָב טאַקע באַקומען אַ קאַרטל אויף מײַן אָנגעגעבענעם אַדרעס אין לאָדזש, אַ קאַרטל געשריבן אייגנהענטיק דורך מײַן שוועסטער!

יאָרן שפּעטער בין איך נישט מ״ד געוואָרן אויסצוהערן די געשיכטע ווי אַזוי די צײַטונג — דער ערשטער נומער פון לאָדזשער "דאָס נײַע לעבן" — איז דער־גאַנגען זומער 1945 צו מײַן שוועסטער.

אַ שותּף צו דעם איז געווען דער באַקאַנטער עסקן ד״ר שאול לאַנגנאַס, וואָס איז דעמאָלט געווען באַזונדערס אַקטיוו אין פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. ער איז גראָד געווען אויף דער היסטאָרישער באַגעגעניש פון פּוילישע יידן אין מאָסקווע, ערב דער רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע בירגער, ווי עס זענען גראָד אָנגעקומען עטלעכע נומערן פון דער צײַטונג, וואָס איז צעטיילט געוואָרן בלויז צווישן עטלעכע פּאַרטרוילעכע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָנען. די איינציקע צײַטונג וואָס ער האָט באַקומען האָט ער מיטגענומען מיט זיך אַהיים, קיין ראָסטאָוו בײַם שוואַרצן ים, ווו ער האָט דעמאָלט געווױנט טאַקע אין שכנות פון מײַן שוועסטער מיט איר מאַן, מיט וועלכע ער איז געווען באַפרײַנדעט. נאָך פון די צײַטן פון זייער געמיינזאַמער פאַרשיקונג. נאָך אין מאָסקווע האָט ער די צײַטונג איבערגעלייענט עטלעכע מאָל, און אָנטרעפנדיק צווישן די געזוכטע אויפן נאָמען פון מײַן שוועסטער מיט איר מאַן, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען אַז ער ברענגט מיט זיך פאַר זיי אַ גרויסע בשורה. דאָס פּראָבלעם איז אָבער געווען, נאָכן אָנקומען קיין ראָסטאָוו, ווי אַזוי די בשורה אָנזאָגן מײַן שוועסטער, וואָס האָט זיך גראָד געפינען נאָך אַ שטאַרקן האַרץ־אַטאַק. דאָס איז נישט געווען אַזוי פּשוט. אַ שיינע פּאָר טעג האָט מען געמוזט גייען אַרום און אַרום. שמועסן און צוגרייטן די שוואַר־קראַנקע צו אַזאַ שטאַרקן סורפּריז, — און דאָס בײַ דער אָנוועזנהייט פון אַ דאָקטער וואָס זאָל איר גלײַך קאָנען געבן ערשטע הילף...

ד״ר לאַנגנאַס פלעגט מיר דאָס שילדערן — יעדעס מאָל ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט — פריער נאָך אין לאָדזש און דערנאָך דאָ אין ירושלים ווו ער האָט

געאַרבעט אין דער ייִדישער אַגענץ און דערנאָך אין תל־אביב, ווו ער האָט געוווינט ביז זײַן פּריצײַטיקן טויט.

ד״ר לאַנגנאָס לעבט שוין נישט אַ שיינע פּאָר יאָר. אויך מײַן שוועסטער און שוואָגער זענען יונג אַוועק פון אונדז נאָך זייערע שווערע איבערלעבענישן אין די מלחמה־יאָרן, אָבער איך לעב נאָך אַלץ מיט יענעם ציטער פון ווידערבאַגעגעניש נאָכן חורבן, און געמיינזאַמען באַוויינען אַלע אַנדערע נאָענטע וואָס מיר האָבן אין דער מלחמה פאַרלוירן.

יאָ, פערציק יאָר זענען פאַרבײַ און מיר זוכן נאָך אַלץ. איך פערזענלעך זוך נאָך מענטשן וואָס, מיר דאַכט זיך, אַז עס זענען פאַראַן אויסזיכטן זיי צו באַגעגענען, און מיר ווילט זיך דאָס אַזוי שטאַרק. דאָס זענען אמת נישט קיין משפּחה־מיטגלידער, דאָס זענען אָבער מענטשן, וואָס הגם איך האָב זיי קיין מאָל נישט געזען, פיל איך אַ באַדערפעניש צו שמועסן כאָטש איין מאָל מיט זיי פּנים אל פּנים, כדי זיי אויסצופרעגן וועגן פערזאָנען און סיטואַציעס וואָס האָבן אַ שייכות מיט מײַנע איבערלעבונגען אָדער מיטן גורל פון מײַן געבוירנשטאָט, מיט אַלע מײַנע נאָענטע. אַ שיינע פּאָר יאָר בין איך עוסק אין דעם. ווער זענען זיי דאָס און פאַרוואָס זוך איך זיי, און וואָס וויל איך בײַ זיי געוווּיער ווערן וואָס איך ווייס נאָך נישט, וואָס איז מיר נישט אין גאַנצן קלאָר — וויל איך דאָ מגלה־זיין און האָף, אַז דער פּרסום וועט מיר דערין העלפן...

## ווער ווייסט עפּעס וועגן דיאַנאַ קאַגאַן ?

דעם נאָמען האָב איך ערשט נישט לאַנג צוריק אויסגעפונען אין די אַרכיוון פון ״יד ושם״ אין ירושלים, אָבער איך בין שוין אויף אירע שפּורן אַ שיינע פּאָר יאָר. ווי געזאָגט, איך האָב זי מסתמא קיין מאָל נישט געזען, כאָטש זי איז געווען בײַ אונדז אין שטאָט בעת דער מלחמה כמעט צוויי יאָר צײַט, און געווען אַן עדות פון אונדזער פּײַן אין געטאָ און דערנאָך פונעם אומקום פון דער שטאָט ייִדן, און געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען דאָס אַלץ פון יענער זײַט געטאָ־דראָטן, ווי אַ כשרע ״אַריערין״, בעת איך האָב דאָס אַלץ נישט געקענט זען און זיך געמוזט אויס־באַהאַלטן.

אָבער לאָמיר דערציילן פּאַדראָבנע, מיט אַ סדר, ראשון און אחרון אחרון.

שוין מיט אַן ערך צען יאָר צוריק בין איך צוגעטראָטן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך נאָך אונדזער הרוב־געוואָרענער קהילה (דאָס בוך איז דערשינען דאָ אין ישראל אין יאָר 1977). בײַם זאַמלען מאַטעריאַל פון פאַרשידענע מקורות, האָב איך לסוף — ממש ווען דאָס בוך איז שוין געווען אויסגעזעצט — אָנגעטראָפן אין ערשטן באַנד פון דרײַ־בענדיקן ווערק פון מיכאל באָרוויטש ״אַרישע פּאַפּירן״ (אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, בוענאָס־

איירעס 1955) אויף ציטאַטעס פון אַ גבֿית־עדות אויפגענומען בײַ אַ ייִדיש מיידל פון וואַרשע וואָס האָט געלעבט אין אונדזער שטאָט ווי אַן "אַריערין", ווי אַ פּאָלקע, און געאַרבעט אין קרײַז־ראַט ("לאַנדראַט") בײַ די דײַטשן. לאָמיר ציטירן וואָס איך האָב דעמאָלט געגנבֿעט געלייענט אין באַרוויטשעס בוך (זײַטן 133־134), און אויך געבראַכט אין אונדזער יזכּור־בוך, אָן אָנצוגעבן דעם נאָמען פון מחבר פון דאָזיקן גבֿית־עדות:

"דעם 25סטן נאָוועמבער 1940 האָט מען פאַרשלאָסן דאָס געטאָ אין וואַרשע. כ'בין אַנטלאָפן פון געטאָ, כ'האָב געשמוגלט פלייש און געהאָלפן מײַן משפּחה. אַ פּאָליאַק וואָס איז מיט מיר געפאָרן אין צוג, האָט מיר געעצהט צו פאָרן אין מינסק־מאַזאָוויעצק. דאָרט האָב איך באַקומען אַ פּאָסטן אין דער סטאַראָסטווע, ווי אַ באַאַמטין אין דער שטײַער־אָפּטיילונג. מאַטעריעל איז מיר זייער שווער געווען. פון די 150 זלאָטעס האָב איך געמוזט האָבן אויף לעבן און אויף דער דירה. נאָך אַ חודש האָט מען מיך איבערגעטראָגן אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, ווו ס'איז מיר שוין בעסער געגאַנגען. יעדן זונטיק בין אַ ך געפאָרן אין וואַרשעווער געטאָ. פון דאָך פון אַן "אַריש" הויז פלעג איך אַריבערשפּרונגען אויף אַ געטאָ־דאַך, דערנאָך בין איך דורך געדרייטע שטיגן צוגעקומען צו מײַנע (אַ פאָטער, שוואָגער, שוועסטער). דער טאַטע איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, לונגען־אָנצינדונג, מוח־אָנצינדונג און ער איז געשטאָרבן.

"אין מינסק־מאַזאָוויעצק האָב איך קענען־געלערנט דעם פּרעזעס פונעם יודענראַט — קראַמאַרזש. כ'האָב זיך מיט אים קאָנטאַקטירט און באַזאָרגט פאַר ייִדן גרעסערע צוטיילונגען. דערפאַר האָט ער געבראַכט קיין מינסק מײַן שוועסטער און שוואָגער.

"מײַן שוועסטער האָט געוווינט אין געטאָ (זי האָט געהאַט אַ "שלעכטן אויסזען"), און דער שוואָגער איז געפאָרן קיין וואַרשע "אויף אַרישע פּאַפּירן". אַן אוניווערזיטעט־חבֿר האָט אים דערקענט... (מײַן שוואָגער האָט געהייסן ד"ר קאַזשימיעזש ראָזענבערג פון וואַרשע, אַ פילאָלאָג פון דער קלאַסישער גימנאַזיע). מען האָט אים גענומען אויפן קאָמיסאַריאַט... איך ווייס נישט וואָס עס איז מיט אים געשען."

עד כאן עפּעס וועגן זיך און איצט לאָמיר לייענען וואָס דער עדות דערציילט וועגן אומקום פון אונדזער שטאָט:

"דעם 21סטן אויגוסט (1942), אַזייגער 8.30 אין דער פרי איז צו מיר אין דער סטאַראָסטווע געקומען דער פּרעזעס קראַמאַזש און וויצע־פּרעזעס בריקס — און מיר איבערגעגעבן, אַז די וואַרשעווער געסטאַפּאָ איז געקומען בכדי דורכצופירן אַן "אַקציע". כ'האָב געבעטן קראַמאַרזשן ער זאָל זיך נישט צוריקקערן אין געטאָ און זיך באַהאַלטן בײַ מיר, — בפרט אַז דער סטאַראָסטע איז געווען איבערגעקויפט און ער וואָלט געשוויגן. קראַמאַרזש האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן; ער האָט געגלויבט, אַז אים וועט געלונגען איבערצוקויפן די דײַטשן און אָפּצוראַטעווען די ייִדן. נאָך אַ שמועס מיטן סטאַראָסטע ד"ר ביטריך (אַ דײַטש), וואָס האָט צוגעזאָגט

אַן אינטערוועגץ, האָט קראַמאַרזש זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. פון מיר האָט ער דערהאַלטן דעם צוזאָג, אַז אין פאַל פון זײַן טויט וועל איך זיך פאַרנעמען מיט זײַן 13יעריקן זון און אים דערציִען ווי אַ גוטן ייִד.

„בעת דער אַרבעט האָב איך געהערט שאָסן. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז די „אַקציע" האָט זיך אָנגעהויבן. כ'האָב געבעטן מײַן רעפערענט, אַ דײַטש, ער זאָל מיך באַפרײַען אויף אַ שעה, ווײַל כ'האָב אַ קלייד בײַ אַ ייִדישער נייטאָרין, און איך מוז עס אָפּנעמען נאָך פאַר דער „אַקציע". ער האָט מיך באַפרײַט. האַלב לעבעדיק בין איך געלאָפן צו מיר אַהיים. דאָרט איז שוין געווען מײַן שוועסטער. ס'איר געלונגען צו אַנטלויפן דורך אַ געשעפט וואָס האָט געהאַט צוויי אויסגאַנגען: אַן „אַרישן" און אַ ייִדישן. קראַמאַרזש און זײַן זון זענען נישט געווען. כ'בין אַרויס אויפן רינגעק. דאָרט זענען שוין געווען פאַרזאַמלט די ייִדן. די ייִדישע דירות זענען שוין געווען אויסגעליידיקט. אין איין העלפט פון ריגעק זענען געווען מענער — און אין דער אַנדערער — פרויען. אַלע זענען געזעסן קניענדיק, ענג, איינער בײַם צווייטן. אַ היץ נישט צום אויסהאַלטן. כ'בין געשטאַנען בײַ דער מויער מיט אַ גרופּע אַריער. קראַמאַרזש איז צו מיר צוגעגאַנגען. ער איז געווען שרעקלעך בלאַס און מיר געזאָגט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן, אַז ער גייט צום טויט. ער האָט מיך נאָך געבעטן, אַז איך זאָל תמיד בלײַבן אַ ייִדישע. מען האָט זיי דאָרט (די ייִדן אין מאַרק) געהאַלטן ביז 8 אָוונט. די אַריער האָבן צוגעוואָרפן פאַר די ייִדן פלעשלעך מיט סאָדע־וואַסער. טויזנטער הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט נאָך וואַסער. די עס־עס האָט צו זיי געשאָסן. נאָך דעם האָבן זיי זיך געריִמט: „איך האָב דערשאָסן 30 מאַן", „און איך 48", אאַ"וו.

דאָס בערך איז געווען אַלץ וואָס איך האָב געלייענט אין באַרוויטשעס „אַרישע פּאַפּירן", און איז איבערגעדרוקט אין אונדזער יזכור־בוך.

די ערשטע פראַגע בײַם לייענען דעם דאָקומענט איז געווען ווו געמט מען דעם אָריגינאַל פון דער דאָזיקער גביית־עדות. אפשר זענען דאָרט פאַראַן נאָך פּרטים וואָס זענען נישט געווען רעלעוואַנט פאַרן מחברס בוך. אָבער פאַר אונדז זענען די פּרטים זייער וויכטיק. איך האָב גלײַך אָוועקגעשיקט אַ בריוו צו ד"ר באַרוויטש קיין פּאַריז, און ער האָט מ־ר געענטפערט, אַז אַלע גביית־עדות אויף וועלכע זײַן בוך שטיצט זיך זענען פאַרפּאַקט אין פאַרמאַכטע קאַסטנס אין אַ קעלער אין פּאַריז און דאַרפן אין גיכן אַריבערטראַנספּאָרטירט ווערן קיין ירושלים, פאַרן „יד ושם", און אַז דאָס וועט אָנקומען אַהין וועט זײַן לײַכט צו געפינען דאָרט דעם כתב־יד פון דער דאָזיקער גביית־עדות מיט וועלכער ער האָט זיך באַנוצט אין בוך אַן אָנצוגעבן דעם נאָמען.

אין „יד ושם" אין ירושלים האָט מען מיר באַשטעטיקט, אַז אין פּאַריז געפינט זיך טאַקע אַ היבשע צאָל פאַרמאַכטע קאַסטנס מיט מאַטעריאַלן וואָס דאַרפן אָנקומען קיין ירושלים, אָבער דאָס וועט נאָך דויערן אַ שטיקל צײַט. היות ווי איך בין דערווײַל פאַרטיק געוואָרן מיט אונדזער יזכור־בוך, האָב איך באַשלאָסן נישט אָפּצולייגן דאָס דערשײַנען פון בוך. געהאָפט האָב איך דערביי, אַז נאָכן פאַר־

עפנטלעכן די גביית־עדות אין אונדזער בוך וועט אפשר די פרוי זיך אָפּרופן, און מיר וועלן קאָנען דערוויסן זיך מער פּרטים וועגן איר זײַן אין אונדזער שטאָט.

דאָס יזכור־בוך איז, ווי געזאָגט, דערשינען אין 1977. די פרוי פון דער גביית־עדות האָט זיך נישט אָפּגערופן. אויך האָט קיינער פון אונדזערע לאַנדסלײַט, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אין געטאָ, נישט געוווּסט וועגן דעם פאַל, אַז אין לאַנדראַט האָט געאַרבעט אַ יידיש מיידל פון וואַרשע, וואָס האָט געהאָלפן דעם געטאָ מיט שפּײַז. דאָס איז, ווײַזט אויס, געווען דער סוד פון בלויז יחידים. אַ סך ווייסן אמת, אַז אין די ערגסטע צײַטן פלעגט דער יודענראַט באַקומען געוויסע צוגאָבלעכע שפּײַז־צוטיילונגען. קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט ווי אַזוי די צוטיילונגען זענען אַרויסבאַקומען געוואָרן בײַ די דײַטשן.

האָבן מיר געוואַרט מיט געדולד דער טראַנספּאָרט דאָקומענטן זאָל אָנקומען פון פּאַריז קיין ירושלים, און אַז נאָך אַ שטיק צײַט איז דער טראַנספּאָרט אָנגעקומען האָט מען געדאַרפט וואַרטן די אַלע דאָקומענטן זאָלן אויפגעפּאַקט און סעגרערירט ווערן. דערווײַל זענען געלאָפן די יאָרן, אַ שיינע פּאָר יאָר זענען פאַרבײַ, און אָט האָב איך אין מײַן האַנט אַ פאָטאָקאָפּיע פונעם דאָזיקן דאָקומענט. דאָס איז די גביית־עדות פון דיאַנאַ קאַגאַן וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין 1946. דיאַנאַ קאַגאַן איז דעמאָלט אַלט געווען 26 יאָר. פּאַך — בוכהאַלטעריז. איך לייען דעם דאָקומענט, איבערגעשריבן אויף אַ מאַשין, אין פּויליש, און דערוויס זיך טאַקע מער פּרטים וועגן אומקום פון אונדזער שטאָט יידן, און באַזונדערס וועגן אומקום פון יודענראַט מיט משה קראַמאַרזש בראַש, וואָס די דײַטשן האָבן פאַרהאַלטן בײַ זיך און נישט געלאָזט זיי אַוועק מיט דער גאַנצער עדה אַרויסגעפירטע יידן צום טויט.

לאָמיר ציטירן נאָך עטלעכע פּרטים וועגן פאַרלויף פון דער אַקציע:

״אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געשאָסן. מען האָט געזוכט באַהאַלטענע יידן אין די וועלדער. די צאָל דערשאָסענע אין שטאָט איז געווען אַנדערהאַלבן טויזנט. די יודענראַט־מיטגלידער האָט געזאָלט נעמען די פירמע ״וואָלפער און געבעל״ (אַ בוי־אונטערנעמונג), אויף אַרבעט, אָבער אין לעצטן מאָמענט האָבן זיי זיי נישט גענומען צו זיך אויף אַרבעט ווי זיי האָבן דאָס געטאָן מיט אַנדערע געזונטע יידן. מען האָט זיי דעריבער געטריבן אין גאָרטן פון ״זאַנדערדינסט״, אין די קאַרטאָפל־בייטן. מען האָט בײַ זיי אַלץ צוגענומען, געלאָזט אין די בלויזע אונטערוועש און אויסגעשטעלט לויטן עלטער. אין שפּיץ — משה קראַמאַרזש און נאָך אים זײַן פּאַרטרעטער בריקס, ווײַנבערג, און אַזוי ווײַטער (14 מאַן). מען האָט זיי באַפוילן קניען און אַראָפּבייגן די קעפּ. מען האָט זיי געשאָסן אין קאַרק אַרײַן. יעדער בלויז איין קויל, — אַ שאָד די קוילן״, האָבן געזאָגט די דײַטשן. די שוואַכע זענען גלײַך געוואָרן טויט. קראַמאַרזש דאָקעגן האָט זיך געפּײַניקט פיר שעה צײַט — זיי האָבן אים נישט געוואָלט גיבן נאָך אַ קויל. אַרום 11 פרי, צומאָרגנס נאָכן אַרויספירן די יידן מיט דער באַן קיין טרעבלינקע, איז געקומען אַ פורל און צוגענומען די דערשאָסענע קערפּערס און זיי אַוועקגעפירט אויפן יידישן בית־עלמין, וווּ מען האָט זיי באַגראָבן אין איין קבר.״

דיאַנאַ קאַגאַן דערציילט, אַז בערך צוויי וואָכן נאָך דער אַקציע האָט מען נאָך אַלץ געפונען יעדן טאָג איינצלנע ייִדן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין געטאָ. די דײַטשן האָבן זיי דערשאָסן. וועגן איינער אַ ייִדיש מיידל וואָס זי האָט געקענט און מען האָט זי געבראַכט צו די דײַטשן שרײַבט זי, אַז דאָס מיידל וואָס איז אַלט געווען 30 יאָר האָט אויסגעזען ווי אַ זעכציקיעריקע פרוי׳ זי מיט נאָך אַ מיידל און אַלטע ייִדן האָט מען געהאַלטן בײַ דערשיסן, האָט זי זיך אָנגערופן צום זשאַנדאַרם, אַז ער קאָן דאָך זיי אָפּשיקן קיין קאַלושין, ווו עס זענען נאָך פאַראַן ייִדן. דער זשאַנדאַר, וואָס האָט זיך געוווּנדערט וואָס זי פּילט מיט מיט די ייִדן, האָט געשאָקלט אויף איר מיט באַדויערן מיטן קאָפּ און זיי אָפּגעפירט אין זשאַנ־דאַרמעריע־פּאָסטערונעק, די עלטסטע זײַנע זאָלן באַשליסן וואָס צו טאָן מיט די ייִדן.

די איבערלעבונגען נאָך דער אַקציע האָבן אויף דעם ייִדישן מיידל פון וואַרשע געמאַכט אַזאַ רושם אַז זי האָט אַרויסגערופן צו זיך אַ פאַרדאַכט, און מען האָט איר בײַ דער אַרבעט אָנגעהויבן חושד זײַן. זי איז דעריבער אַנטלאָפן קיין וואַרשע און זיך אויסגעאַרבעט דאָרט נייע פּאַפּירן אויף אַן אַנדער נאָמען. אין וואַרשע האָט זי מורא געהאַט בלײַבן, עמעצער פון אירע באַקאַנטע זאָלן זי נישט דערקענען. זי איז דעריבער אַוועק קיין לעמבערג, און דאָרט איבערגעלעבט די מלחמה.

לעמבערג איז פאַר איר געווען אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל פון ניסים. דאָ לאָמיר בלויז אָנגעבן פּרטים וואָס קאָנען אונדז אפשר העלפן אויפזוכן די דיאַנאַ קאַגאַן. אין לעמבערג האָט איר געהאָלפן אַן אַלטער אײַנוווינער פון דער שטאָט מיטן נאָמען יוזעף קאַזשילק, ״דזשאַדזשאַ״ האָט מען אים גערופן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז זי איז אַ ייִדישע. נאָך דער מלחמה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געהאָלפן נאָך פיל ייִדן. געאַרבעט האָט זי אין דער פירמע ״ווירטשאַפטסבעראַטער ד״ר שינעלער״ וועלכער האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק, אַז מ׳האַלט איר פאַר אַ ייִדישקע. אויך בײַ אים האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געגעבן אַרבעט זעקס ייִדן וואָס האָבן געוווּסט איינער פונעם אַנדערן . . .

ובכן — זוך איך די דיאַנאַ קאַגאַן — דעם עדות פון חורבן פון אונדזער שטאָט און עדות פונעם מאַרטירער־טויט פון די פּ־רער פון דער קהילה.

איז זי נאָך דער מלחמה געקומען קיין ישראל אָדער האָט זי אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע לענדער מעבר לים ,אָדער אפשר איז זי געבליבן אין פּוילן ? — מי מכיר, מי יודע ?

## הערמאַן

בײַם אָנהייב פון ערשטן מלחמה־ווינטער, אין איינעם אַ טאָג פון אַ בײַסיקן פראָסט און שניי־זאַוויערוכע, זענען מיר אַלאַרמירט געוואָרן: אויף דער באַן־ראַמפּע שטייט אַ צוג געפּאַקט מיט ייִדן, פאַרטריבענע פון די מערב־געביטן וואָס

זענען אַנגעשלאָסן געוואָרן צום "רײַך". דאָרט זיצן פּרויען, קינדער און מענער האַלב־פאַרפרוירן און גייען אויס נאָך אַ ביסל וואַרעמס...

באַלד האָבן ייִדן זיך געלאָזט צו דער באַן־סטאַציע, גרייט צו העלפן די מגורשים. דאָס זענען געווען ייִדן פון קאַליש, שערפּץ, ליפּנאָ און אַנדערע שטעטלעך אין יענער געגנט, וואָס די דײַטשן האָבן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען, אַרײַנגעזעצט אין צוגן וואָס האָבן געפירט אויף דער מזרח־זײַט פון ווײַסל, אָן אַ באַזונדערן ציל. דער צוג וואָס איז אָנגעקומען צו אונדז איז שוין געשטאַנען אַ היפּשע פּאָר שעה, ווײַל דער לאָקאָמאָטיוו איז פאַרפרוירן געוואָרן און נישט געקאָנט פאָרן ווײַטער.

אַרום האָט מען גראָד קיין דײַטשן נישט געזען, האָט מען דעריבער געפּועלט בײַ די פּוילישע באַן־אַרבעטער זיי זאָלן לאָזן די ייִדן אַרויס פון צוג. אַזוי אַרום זענען בײַ אונדז געבליבן אַ שיינע פּאָר צענדליק אַזעלכע פּליטים־משפּחות.

צווישן אָט די צוגעקומענע ווינטער 1939־1940 האָט זיך אויך געפונען אַ ייִד פון דײַטשלאַנד, הערמאַן מאַשקאָוויטש־קלאַוזנער איז געווען זײַן נאָמען. ער איז געווען צווישן די ייִדן פון זבאָנשין, ייִדן פון דײַטשלאַנד וועמענס עלטערן האָבן געשטאַמט פון פּוילן, וואָס זענען אַ יאָר־צוויי פאַר דער מלחמה אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך היטלערן צום דערמאָנטן גרענעץ־שטעטל, און די פּאָליאַקן האָבן זיי בלויז טיילווײַז אַרײַנגעלאָזט, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַ שטיק צײַט זיך געוואַלגערט אין "קיינעמס לאַנד", אונטערן פרײַען הימל אויף דער גרענעץ. פון דאָרט איז הערמאַן אוודאי אָנגעקומען אין איינעם פון די שכנותדיקע ייִדישע שטעטלעך, און אַזוי איז ער פון דאָרט שוין צום צווייטן מאָל פאַרטריבן געוואָרן.

הערמאַן איז געווען אַ זעלטן שיינער מאַן. אויך אין דעם מעמד פון אַ פּליט האָט ער זיך אויסגעטיילט פון אַלע אַרומיקע מיט זײַן עלעגאַנץ און איידעלער באַנעמונג צו מענטשן. ער איז געווען אַליין, אָן משפּחה, אַ בחור אין די ערשטע פערציקער יאָרן. אויפן וועג צו אונדז האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַן אלמנה מיט אַ ייִנגל פון 15־16 יאָר מיטן נאָמען סעגאַל, אויך דײַטשע ייִדן, האָט ער זיי גענומען אונטער זײַן אַפּוטרופּסות, געזאָרגט פאַר זיי ווי פאַר אַן אייגענער משפּחה. מיט זיי האָט ער זיך געהאַלטן די גאַנצע צײַט פון צײַטווײַליקן אַזיל וואָס ער האָט אין דער מלחמה געהאַט בײַ אונדז אין שטאָט.

הערמאַן איז גלײַך אין ערשטן מאָמענט פון זײַן אָנקומען צו אונדז געוואָרן דער ליבלינג בײַ דער יוגנט אין שטעטל — אַ לערער, דערציער. ער האָט געשמעקט מיט אייראָפּע, מיט גרויסוועלט און גרויסשטאָט. ער האָט געהאַט הויכע בילדונג, ער האָט געקענט פּערפעקט ענגליש, שפּאַניש און אַנדערע אייראָפּעישע שפּראַכן. אַזוי, אַז עס איז אים נישט שווער אָנגעקומען אויסצולערנען זיך ייִדיש און אַביסל אויך פּויליש. געשטאַמט האָט ער פון קעלן. דאָרט האָבן זײַנע עלטערן געהאַט אַ וואַרן־הויז, און געווען פאַרמעגלעך ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט. אין אָט דער שטאָט — האָט ער אונדז דערציילט — איז ער געווען אַ טעטיקער מיטגליד אין ציוניסטישן מכבי־קלוב.

אין געטאָ איז אים נישט געגאַנגען שלעכט מאַטעריעל. ער האָט פאַרדינט און אפילו, ווי געזאָגט, געהאָלפן אַנדערע, ער איז געווען "דאָלמעטשער" און "פּראָשעניע"-שרײַבער צו די דײַטשע מאַכט-אָרגאַנען, נישט בלויז פאַר ייִדן נאָר אויך פאַר נישט-ייִדן, און אפילו דער פּוילישער מאַגיסטראַט איז אָנגעקומען צו זיין שרײַבן, וואָס האָט באַזונדערס "אויסגענומען" ביי די דײַטשע באַאַמטע. נישט איינער פון זיי פלעגט זיך וווּנדערן און נאָכפרעגן זיך אויף דעם "שרײַבער" וואָס האָט אַזאַ ריינעם דײַטשן סטיל ווי ער וואָלט געווען אַ געבוירענער, הויכגעלערנטער דײַטש...

אַ צווייטער מקור פון פּרנסה זענען ביי אים געווען די לעקציעס פון דײַטש, וואָס ער פלעגט געבן פּוילישע באַאַמטע. פאַר דעם צוועק האָט ער אויך באַקומען אַ שײַן, אַרויסצוגיין מחוץ דעם שטח פון געטאָ, וואָס איז מיט דער צײַט געוואָרן לחלוטין געשלאָסן.

אין איינעם אַ טאָג איז הערמאַן אַרײַנגעפאַלן צו אונדז, חברה יונגוואַרג אין געטאָ, אַ צעיאָכמערטער, פאַרסאָפּעטער און אין איין אָטעם אונדז דערציילט וועגן זײַן נאָר וואָס מאָדנער איבערלעבונג. ער איז גראָד געגאַנגען צו דער לעקציע וואָס ער גיט דעם פּוילישן אַדוואָקאַט עקעל, אויף דער צענטראַלער וואַרשעווער גאַס, ווו ייִדן האָבן שוין נישט געטאָרט ווױנען. מיט אַ מאָל הערט ער ווי פון דער צווייטער זײַט גאַס רופט צו אים אַ פרוי מיט זײַן פולן נאָמען: — הערמאַן, הער מאָשקאָוויטש־קלאַוזנער!

מיט זײַן אייגנאַרטיקן האַלב-ייִדיש האַלב-דײַטש האָט דער צעטומלטער הערמאַן פאַרגעזעצט זײַן דערציילונג:

— איך גיי אַריבער אויף דער אַנדערער זײַט גאַס, איך גיב אַ קוק אויף דער פרוי און גלייב נישט מײַנע אייגענע אויגן: דאָס איז נישט עמעצער אַנדערש ווי מײַן גובערנאַנטקע פון קעלן, די דײַטשקע וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט אַלע קינדער אין אונדזער שטוב. "וואָס מאַכסטו הירש?" — פרעגט זי מיך, און איך קען קוים פון איבעררראַשונג דאָס מויל עפענען. "איך בין דאָך יודע" — ענטפער איך און ווײַז אָן אויף מײַן אָרעם-באַנד מיטן מגן-דוד. דערזעענדיק דאָס האָט זי זיך אַ ביסל פאַרלוירן, זיך אַרומגעקוקט צי מען זעט זי נישט און איז אַוועק באַוויײַזנדיק מיר בלויז צו זאָגן, אַז זי איז איצט, נישט-מער-נישט-ווייניקער, ווי די פרוי פון "יודען-רעפערענט" בײַם לאַנדראַט, באָטז, דער דײַטש אין וועמענס הענט עס ליגט דער גורל פון אַלע ייִדן אינעם גאַנצן קרײַז!....

*

דער דאָזיקער צופאַל וואָס בלויז אַ שונד-ראָמאַן איז מסוגל אויסצוטראַכטן, האָט אָבער הערמאַנען נישט אַרויסגעפירט פון גלײַכגעוויכט. ער האָט ווידער פאַר־געזעצט דאָס לעבן אין געטאָ מיט אַלע ייִדן צוגלײַך, ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט פּאַסירט. אַ פּאָר טאָג שפּעטער איז אין געטאָ אַראָפּגעקומען אַ שליח פון פרוי באָטז,

אַ פּוילישע באַאַמטין, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט ביי איר אין הויז. זי האָט הערמאַנען געזאָגט: פרוי באַטז גריסט, זי וויל וויסן ווי אים גייט און צי זי קען אים מיט עפּעס העלפן.

"ניין!" — האָט הערמאַן מיט שטאָלץ געענטפערט.

עטלעכע חדשים נאָך דער פּאַסירעניש איז פאַרגעקומען די "אַקציע". די גאַנצע שטאָט ייִדן איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויף טויט קיין טרעבלינקע. עטלעכע הונדערט ייִדן זענען געבליבן "קאַשאַרירט" אויף אַרבעט ביים מיליטער און ביי פאַרשידענע דייטשע אונטערנעמונגען. אין לאַגער פון די "ווערמאַכט"-אַנגעשטעלטע איז אויך אָנגעקומען הערמאַן. דאָ, אין לאַגער, בין איך מיט אים געשלאָפן אויף איין פּריטשע, און ער איז צו מיר געווען ווי אַן עלטערער ברודער מיינער.

אויך אַהער, אינעם אַרבעטס-לאַגער פון שטאָט, האָט נישט אויפגעהערט צו קומען צו אים אָט די "שיקסע", ווי ער האָט גערופן דאָס פּוילישע מיידל, וואָס האָט געאַרבעט ביי פרוי באַטז, די פרוי פונעם ליקווידאַטאָר פונעם געטאָ, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אינעם אַלגעמיינעם רויב און מאָרד צוזאַמען מיט אַלע דייטשן. טייל מאָל האָט זי אַפילו מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פּעקעלע שפּייז. אין איינעם אַ טאָג האָט הערמאַן מיר, זיין פיל-ייִנגערן פריינד, אַנפאַרטרויט אַ סוד: די שיקסע לייגט פאַר אויסצובאַהאַלטן אים, זי גרייט פאַר אים אַ "קריאָווקע"...

— נו — האָב איך געפרעגט — וואָס-זשע וואַרטסטו?

שוין פריער האָבן מענטשן אין לאַגער גערעדט, אַז די שיקסע וואָס אַלע האָבן זי גוט געקענט צוזאַמען מיט איר פאָטער, אַ שוסטער אויף דער הויפּט-גאַס, און אַ שיינע דערצו, אַז זי איז נישט גלייכגילטיק צו הערמאַנען, ווייל זי זיצט מיט אים אָפּ גאַנצע שעהן ביים טויער פונעם לאַגער. איך האָב אים דאָס געזאָגט צוגעבנדיק, אַז אויך איך בין ביי דער מיינונג, אַז זי איז אין אים אַ ביסל פאַרליבט. דערויף האָט ער מיר געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געווען זיכער, אַז דאָס איז די איינציקע סיבה פאַר איר וועלן אים אויסבאַהאַלטן, וואָלט ער אפשר מיט איר אַוועק. "מיר דאַכט זיך אָבער — האָט ער צוגעגעבן — אַז אויך פרוי באַטז ווייסט עפּעס דערפון, קאָן איך דערצו נישט מסכים זיין. איך וויל נישט קיין טובות פון דייטשן!".

קורץ נאָכן דאָזיקן געשפּרעך האָט מיין חבר, לייב ראַכמאַן, געשיקט אַרויס-נעמען מיך פון לאַגער צו זיך אין באַהעלטעניש, וווּ איך האָב איבערגעלעבט די מלחמה. תחילת האָב איך זיך אַ ביסל געוואָקלט, ווייל כמעט יעדן טאָג זענען מענטשן צוריקגעקומען פון אַזעלכע באַהעלטענישן, נאָך דעם ווי די גויים האָבן זיי באַרויבט און צעשלאָגן. הערמאַן איז צו מיר צוגעשטאַנען, אָנגעשריגן ווי אַ פאָטער: זייַ נישט קיין קינד, דו וועסטו אומקומען ביי די סעלעקציעס. יעדער וואָס קען דאַרף אַנטלויפן; מען וועט דאָ אונדז מער לאַנג נישט האַלטן.

ווען איך בין אַרויס מיט מיינע טענות צו אים הלמאי ער אַליין וויל נישט אַרויס, האָט ער לסוף מיר צוגעזאָגט, אַז אויך ער וועט אפשר אַוועק צו דער שיקסע. איך האָב אָבער געפילט, אַז ער זאָגט דאָס בלויז כדי מיך איבערצוציַיגן, איך זאָל מער נישט וואַרטן און אַוועק אין מיין חברס באַהעלטעניש אַריין.

ס'איז שוין געווען האַלב־דעצעמבער 1942. די געטאָס זענען שוין געווען ליידיק. איצט האָבן די דײַטשן "גערוימט" די רעשטלעך, וואָס זענען פאַרבליבן אין די אַרבעטסלאַגערן. יעדן טאָג האָט מען געהערט וועגן אַנדערע לאַגערן, וואָס זענען ליקווידירט געוואָרן, און די יִידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אויף טויט. אַלע סימנים האָבן געוויזן אַז די ריי קומט אויך אויף אונדזער "קאַפּערניק"־לאַגער. יעדער וואָס האָט געקענט איז אַוועק זיך אויסבאַהאַלטן. אַזעלכע מעגלעכקייטן האָבן אָבער געהאַט בלויז יחידים. שלמה מאָרגענשטערן, דער פירער פונעם לאַגער, איז אין איינעם אַ טאָג אויך אַוועק. הערמאַן איז באַשטימט געוואָרן אויף זײַן אָרט. אין פרימאָרגן פון 10טן יאַנואַר 1943, ווען דער "קאַפּערניק" איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער ס.ס. זשאַנדאַרן און פּוילישער גראַנאַט־פּאָליציי, און עס איז געווען קלאָר אַז זיי גייען אַרויספירן די לעצטע 400 יִידן פון מינסק־מאַזאָוויעצק צום טויט, איז הערמאַן אַרויס מיטן רוף: "נישט אַרויסגיין פון הויז, פאַרבאַריקאַדירן זיך, שטעלן אַ ווידערשטאַנד!" ער אַליין איז אַרויס אויפן הויף, זיך געשטעלט פאַרן ס.ס.־ קאָמענדאַנט ניקאָלאַס און אויסגערופן:

— לעבעדיקערהייט וועט איר אונדז פון דאַנען נישט אַרויסבאַקומען!

אַ האָגל פון קוילן האָט צעלעכערט דעם קערפּער פון שטאָלצן הערמאַן, וואָס איז געפאַלן אַ מיט בלוט־באַגאָסענער אויפן פאַרפרוירענעם שניי. אין זעלבן מאָמענט זענען די זשאַנדאַרן באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער און פאַרשידענע חפצים, וואָס די פאַרבאַראַקידירטע יִידן האָבן געוואָרפן פון די אויבערשטע שטאָקן פונעם ציגל־בנין. די דײַטשן האָבן גלײַך פאַרלאָזט דעם הויף, אַרומגערינגלט דעם לאַגער, אים באַשאָסן מיט מאַשין־געווער און פאַרברענט אים צוזאַמען מיט אַלע יִידן.

נישט קיין פולע דריי יאָר האָט געדויערט מײַן קאָנטשאַפט מיטן שטאָלצן מענטש און יִיד פון דער שטאָט קעלן, הערמאַן מאַשקאָוויטש־קלאָוזנער, הי"ד. דאָס איז אָבער געווען אַ צײַט פול מיט נסיונות, אויסצושטיין יעדן טאָג. איך האָב פון אים אַ סך געלערנט, אויך בנוגע דער באַציִונג צום רוצח פון נעכטן. ווען באַקאַנטע האָבן מיר זײַנער צײַט מיט שטוינונג געפרעגט הלמאי איך גיב נישט אָן אויף אינ־ דיווידועלע שילומים (פאַרגיטיקונג), וואָס לעבענגעבליבענע פון חורבן באַקומען פון דײַטשלאַנד, האָב איך געענטפערט מיט הערמאַנס ווערטער, וואָס קלינגען אין מײַנע אויערן ווי אַ צוואה:

"איך וויל נישט קיין טובות פון דײַטשן!".

און איצט צום וויכטיקסטן: וואָס בײַ מיר האָט זיך אײַנגעקריצט שטאַרק אין זכרון איז אַ פאָטאָגראַפיע וואָס הערמאַן האָט בײַ זיך תמיד געטראָגן — אין געטאָ און דערנאָך אין לאַגער. אַ פאָטאָגראַפיע מיט וועלכער ער האָט זיך נישט געשיידט די גאַנצע צײַט. דאָס איז געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון זײַנע צוויי שוועסטערס אין תל־אביב, פאָטאָגראַפירט מיט זייערע קינדער. זײַן חלום איז געווען נאָך דער מלחמה צו פאָרן צו זײַנע צוויי שוועסטערס.

לעבן די צוויי שוועסטערס זײַנע און זייערע משפחות אין תל־אביב? — די

פראגע מאַטערט מיר אַ היפּשע צײַט. איך זוך זיי כדי זיי צו דערציילן וועגן זייער ברודער. אַן איבערלעך טיפער חוב פון וועלכן איך קאָן זיך נישט באַפרײַען.

מי מכיר מי יודע ?

## און נאָך עמעצן זוך איך

אין זעלבן פּליטים־צוג מיט וועלכן הערמאַן איז געקומען צו אונדז אין שטאַט, האָט זיך אויך געפונען אַ מיידל פון ארץ־ישראל. ביים מלחמה־אויסברוך האָט זי זיך גראָד געפינען צוגאַסט ביי קרובים אין פּוילן. עפּעס האָט מיט די קרובים פּאַסירט אין דער מלחמה, און דאָס מיידל איז געבליבן איינזאַם און אַליין.

אין אונדזער שטאָט האָט זי זיך געפינען בלויז געציילטע וואָכן. אַ דאַנק איר אויסלענדישן פּאַס האָט זי לסוף באַקומען פון די דײַטשן אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש.

דאָס מיידל איז נישט בלויז געווען דעמאָלט אַן אָביעקט פון קנאה, וואָס אַט פאַרלאָזט זי דעם עמק הבכה, און פאָרט אין אַ זיכער אָרט. יעדער איינער וואָס האָט געהאַט קרובים אין ארץ־ישראל האָט דעמאָלט מיטגעגעבן גרוסן. זי האָט די אַדרעסן פאַרשריבן און טאַקע די גרוסן אָפּגעגעבן. פון איינעם אַ קרוב איז אפילו אָנגעקומען צו מײַן קוזינקע אַ בריוו אַז ער האָט דערהאַלטן אַ "לעבעדיקן גרוס . . .".

ובכן — אַט דאָס מיידל האָט זיכער אויך אָפּגעגעבן דעמאָלט אַ גרוס הערמאַנס צוויי שוועסטער אין תל־אביב. — זי וואָלט אונדז בכן געקענט אַרויסהעלפן אין אויסגעפינען איצט די צוויי שוועסטערס.

אָבער אויך דאָס מיידל זוך איך, און קאָן נישט געפונען — מי מכיר, מי יודע ?

## רחל בוימוואַל

# נייע לידער

### דער ווינטער-מאַנטל

האָב איך אַ מאַנטל — אויך מיר אַ מאַנטל! —
עפּעס אַ מאָדנע, מאָדערנע געוואַנטל.

אמת, אַ וואַרעמער, אָבער אַ גרינגער.
אויך מיר אַ קראַגן! די ברייט פֿון צוויי פֿינגער . . .

איך בין געווינט אַז אַ מאַנטל דאַרף וועגן,
ווינטער זאָל שווער זײַן אין אים זיך באַוועגן.

זײַן אויף אַן אונטערשלאַק זאָל ער אַ שטאַרקן,
שטיין זאָל דער קאָלנער אויף אים ווי אַ פּאַרקן.

דאָס איז, פֿאַרשטיי איך, אַן אמתער מאַנטל,
וואָס מע פֿלעגט טראָגן אין יעניקע קאַנטן.

ער האָט געדריקט צו דער ערד. נאָר געמינטערט
האָט דער געשמאַקער, דער פֿראָסטיקער ווינטער.

### ווינטערנאַכט

א.

איז מיר ווינציק געוועזן די קאָלדרע,
האָב איך זיך צוגעדעקט מיט דעם באַלקן.

איז מיר ווינציק געוועזן דער באַלקן,
האָב איך זיך צוגעדעקט מיטן דאַך.

איז מיר ווינציק געווען דער דאַך,
האָב איך זיך צוגעדעקט מיט דער נאַכט.

די נאַכט איז דורכויס צעלעכערט פֿון שטערן,
קען איך נאָך אַלץ דערוואַרעמט ניט ווערן.

ב.

פֿליען ווי די ווײַסע פֿליגעלער
ברעקלער וואָל פֿון מײַנע ציגעלער,
וואָס איך האָב אַ מאָל פֿאַרלאָרן
אין דעם טאָל פֿון מײַן זכרון.

ערגעץ אין אַ ווײַטן נעכטן
האָט מען זיי באַוויזן שעכטן.
איז אַ ביסל וואָל פֿאַרבליבן,
וואָס די צײַט האָט עס צעריבן . . .

פֿליען ווי די ווײַסע פֿליגעלער
ברעקלער וואָל פֿון יענע ציגעלער.

ג.

אין דער ווינטערדיקער נאַכט
אַרט מיך שוין ניט וואָס איך טראַכט

ווי ס׳נעמט טאָגן אויף דער גאַס,
ווערן מײַנע שויבן נאַס.

ס׳הערן מיך די שויבן קלערן
און באַגיסן זיך מיט טרערן . . .

* *
*

די צײַט, זי טוט זיך אָפּ דאָס איריקע,
דאָס איז פֿאַר קיינעם ניט קיין נײַס. —
מײַנע האָר די קאַשטאַן-קאָליריקע
זענען געוואָרן זילבער-ווײַס.

אַלע זומערס — דורך זיי פֿאַרגעסענע.
אַט ווי ניט געווען אויף דער וואָר.
בלויז די ווינטערס די איַינגעגעסענע
זענען אַריבער צו מיר אין די האָר . . .

## קער זיך אום!

מייַן איינציקער, נו קער זיך אום!
וואָס זאַמסטו זיך אַזוי?
אָן דיר איז אַלץ דאָ פּוסט און שטום,
און אומעטיק און גרוי . . .

די בענקלעך זענען נאַריש אויס,
עס גענעצן די ווענט,
די חוצפּה פֿונעם לאָמפּ איז גרויס —
ער לויכט ניט, נאָר ער בלענדט.

פֿאַרלעש איך אים און בלייַב בייַם טיש
מיט טונקלעניש פֿאַרשפּינט.
לויפֿט אָן פֿון פֿענצטער יונג און פֿריש
אַ זומערדיקער ווינט.

צי קומט ער ניט פֿון דיר אַ מאָל, —
געטאָן דיך ערשט אַ גלעט
דאָרט, דורכן פֿענצטער פֿון שפּיטאָל,
ביי וועלכן ס׳שטייט דייַן בעט? . . .

## די טערקישע שאַל

דער גאָלדענער דיכטער, דער נאָבעלער האַלקין
פֿון רייַנסטער התפּעלות דעם סוד האָט געוווּסט.
אין יעדער מין פֿרוי פֿלעגט ער זען אַ בת מלכּה,
פֿאַר יעדן שלימזל געפֿינען אַ זכות.

זײַן שטוב איז געווען פֿאַר אַלעמען אָפֿן.
זײַן טיש איז געווען פֿאַר יעדן געגרייט.
אַ שלעפֿעריקן פֿלעגט ער אײַנלייגן שלאָפֿן,
אַן אָפּגעריסענעם — געבן אַ קלייד.

ער פֿלעגט אַזוי גערן געפֿינען אַ מעלה !
(וואָס האָט זיך אַ מאָל אים ניט מער ווי געדאַכט.),
און גלייך זיך באַגײַסטערן : — וואַרט נאָר אַ ווײַלע,
עס איז דאָך באמת אַ זעלטענע זאַך !

געטראָפֿן אַ יידענע עפּעס אַן אַלטע
(אַרײַנזאָגן יעדן פֿלעגט זי אין דער גאַל.)
ער האָט לעבן איר זיך אַ רגע פֿאַרהאַלטן.
עס איז אים געפֿעלן ... איר טערקישע שאַל.

דערזען אויף זײַן פּנים דעם שמייכל דעם ליבן,
איז יענע געוואָרן אַן אַנדער גאָר מענטש.
— ס׳געפֿעלט אײַך ? דאָס איז פֿון מײַן מאַמען פֿאַרבליבן ...
און האָט אים פֿאַר פֿרייד מיט אַ ברכה געבענטשט.

מיר איז נאָך ביז הײַנט ניט אַרויס פֿונעם זינען,
עס האָט וואָס צו זאָגן דער דאָזיקער פֿאַל.
אויב קענסטו פֿאַר איינעם קיין זכות ניט געפֿינען,
דערפֿריי אים און לויב באַטש זײַן טערקישע שאַל ...

## חיים תורן

# די תימנער וועשערין

### (ירושלימער דערציילונג)

„אדון ?" — דאָס איז געווען דאָס שוואַכע קול פון אַ פרוי וואָס איז געשטאַנען הינטער מיַין פלייצע אין אַ ריי צו איינע פון די קאַסעס אין שק"ם. תחילת האָב איך נישט געכאַפּט זיך, אַז זי מיינט מיך, אָבער ווען דאָס קול האָט זיך געהערט אין אַ טאָן סיַי פון אַ פראַגע־צייכן און סיַי פון אַן אויסרוף־צייכן, האָב איך זיך אויסגעדרייט און דערזען פאַר זיך אַן אַלטע, נידעריקע און מאָגערע פרוי מיט אַ פּנים צעאַקערט פון קנייטשן און שמייכלענדיקע אויגן וואָס צעשפּרייטן גוטמוטיקייט. געווען איז זי אָנגעטאָן פּעדאַנטיש און ריין, אַזוי פון די פיס ביזן וויַיסן ווי שניי קאָפּ, פאַרדעקט מיט אַ שוואַרץ געהאָפטן טיכל, און אין האַנט אַ קיישל עסנוואַרג און מיט פאַרשידענע שטוב־זאַכן. לעבן איר איז געשטאַנען אַ יונגטלעכער אין אַ מונדיר פון אַן אָפיציר, אַ הויכער און ברייטפּלייציקער מיט אַ געזיכט פון אַ דערוואַקסן קינד, וואָס שטראַלט מיט גוטמוט און זיכערקייט. איך האָב זיך געוווּנדערט דאָ, וווּהין איך קום אַזוי זעלטן, בעיקר אין אַזעלכע פאַרנאַכט־שעהן ווען אַזוי פיל מענער, פרויען און קינדער טומלען דאָ בקולי קולות.

איך בין זיכער געווען אַז די פרוי מאַכט אַ טעות און האָב געפרעגט: „איר מיינט מיך ? איר קענט מיך ?"

די פרוי האָט זיך ברייט צעשמייכלט, אַ ליַיכטע רויטקייט האָט באַדעקט אירע בלאַסע באַקן און זי האָט געענטפערט מיט אַ זיכער קול: „איר קענט מיך נישט אָבער איך געדענק איַיך זייער גוט, איך האָב דערקענט איַיער קול! האָט איר פאַרגעסן שרה איַיער וועשערקע ? האָט איר שוין פאַרגעסן ווי איר האָט מיר געהאָלפן אַ מאָל און ממש געראַטעוועט מיַין לעבן, דאָרט אין כרם־אברהם־קוואַרטאַל, ווען איר זענט אַ סטודענט געווען ?" און דערביַי האָט זי אָנגעוויזן אין דער ריכטונג פון דער שכונה און הויז, ווי דאָס וואָלט געווען דאָ, אויף יענער זיַיט גאָס. ערשט איצט האָט אַ שוועב געטאָן פאַר מיַינע אויגן דאָס בילד פון אָנהייב ביזן סוף. די מעשה איז געווען אַזוי :

ווי אַ סטודענט אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, און ווי דער שטייגער פון סטודענטן אין יענע יאָרן, האָב איך געוווינט אין דער שכונה כרם־אברהם. אין איינעם אַ טאָג האָט אָנגעקלאַפּט אין מיַין טיר אַ יונגע תימנער פרוי און פאַרגעשלאָגן איך זאָל איר געבן מיַינע וועש צום וואַשן. דערביַי האָט זי מיר דערציילט אַז זי איז נישט לאַנג צוריק געוואָרן אַן אלמנה. איר מאַן, אַ טרעגער

אויף דער הסולל־גאַס, איז פּלוצים אַוועקגעפאַלן און זי איבערגעלאָזט מיט פיר קינדער, בעת דאָס עלטסטע פון זיי איז אַכט יאָר. אַ יונגע און חנוודיקע איז זי דעמאָלט געווען, די תימנער טאָכטער, אָבער פון פיל צער, דחקות און נויט האָט זי אויסגעזען פיל עלטער. קיין פּאַך האָט זי נישט געהאַט, און אַרויסגיין אויף אַרבעט האָט זי נישט געקענט צוליב די פּיצלעך קינדער, האָט זי דעריבער באַשלאָסן צו באַשפּייַזן זיך און אירע קינדער מיט וואַשן וועש פאַר אַזעלכע יונגע בחורים ווי איך. איך האָב גערן מסכים געווען, און זינט דעמאָלט פלעגט זי מיך באַזוכן יעדער צוויי־דריי וואָכן. זונטיק אין דער פרי פלעגט זי באַקומען די וועש און דאָנערשטיק אין דער פרי צוריקגעבראַכט זיי ווונדערלעך ריין, אויסגעפּרעסט, איינגעלייגט. מיט יעדן טאָג זענען אירע קליענטן געשטיגן, וואָרעם גאָלדענע הענט האָט זי געהאַט און זיך געפּלייסט אין איר אַרבעט. לאַנגע חדשים האָב איך נישט געוווּסט אפילו ווו זי וווינט. איין מאָל האָט זי מיר צופעליק דערציילט, אַז זי וווינט אין אַ דירה פון אַנדערהאַלבן צימערלעך אין סנהדריה, נישט ווייט פונעם דעמאָלטדיקן יידישן בית עלמין. איך, נישט בלויז וואָס איך האָב איר אַרבעט רעקאָמענדירט פאַר פיל מייַנע חברים און פרייַנד, בחורים אַזוי ווי איך, נאָר תמיד זיך באַמיט צו ״פאַרקייַלעכן״ איר לוין. אויך זי האָט מיך באַהאַנדלט לפנים משורת הדין. אַז זי האָט באַמערקט אַ לאָך אין העמד, אַן אָפּגעריסן קנעפּל אָדער אַ ריס אין אַ זאָק, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט פאַריכטן און פאַרלאַטען, מיט געדולד און מיט איבער־געגעבנקייט. זי האָט זיך קיין מאָל נישט געקלאָגט אויף איר שווערן מצב, אָבער בלויז דער קרעכץ וואָס פלעגט זיך אַרויסרייַסן ביי איר פון מאָל צו מאָל האָט עדות געזאָגט וועגן אירע געפילן, האָב איך געהאַט מוט און זי געפרעגט וואָס עס מאַכן אירע קינדער, דרייַ זין און איין טאָכטער, האָט זי מיר דערציילט וועגן זיי מיט פרייד און שטאָלץ.

אין איינער אַ פריער מאָרגן־שעה פון אַ פרילינג, אַ זונטיק, האָב איך דערהערט צעשראָקענע קלעפּ אין לאָדן פון מייַן פענצטער, באַגלייט מיט אַ פאַרשטיקט געוויין. איך האָב גלייַך דערקענט דאָס קול פון שרה. ווונדערנדיק זיך וואָס זי קומט פּלוצים, און אַזוי פרי, וואָרעם עטלעכע טעג פריער האָט זי מיר צוריקגעגעבן די וועש און קיין נייַע האָב איך נאָך נישט געהאַט. איך האָב געעפנט די טיר, אָבער איידער איך האָב באַוויזן צו פרעגן האָט זי זיך צוזאַמענגעבראָכן און געפאַלן אין חלשות. איך האָב איר אָנגענומען און מיט מייַנע לעצטע כוחות האָב איך זי אַרייַנגענומען אין מייַן צימער און באַשפּריצט מיט קאַלט וואַסער. פון דאָזיקן גערודער האָבן זיך אויך אויפגעוועקט די אַנדערע בני־בית, אַ יונג סימפּאַטיש פּאָרל וואָס האָבן זיך באַצויגן צו מיר זייער פרייַנדלעך, און זיי האָבן גיך צוגעגרייט וואָרעמע קאַווע. זי, שרה האָט געטאָן עטלעכע זיפּ, און נאָכן קומען צו זיך אַ ביסל איז זי אויס־געבראָכן אין אַ ביטער געוויין. ביסלעכווייַז, און מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן, האָט זי מיר מיט אַ פאַרשטיקט קול דערציילט. ווי דער שטייגער, האָט זי אין דער פרי געבראַכט די וועש פאַרן צאָן־דאָקטער וואָס וווינט אין דער שכנותדיקער גאַס. וואַרטנדיק אויפן לוין פאַר דער אַרבעט, איז ער זי באַפאַלן, געפּרוווט פאַר־

גוואַלדיקן. מיט אירע לעצטע כוחות האָט זי זיך באַפרײַט פון אים, קוים אַנטלאָפן און דעם בײַטל איבערגעלאָזט בײַ אים. דאָס איז געווען אַן אַלטער דאָקטער, אַ נישט־פאַרהײַראַטער, אַ נײַער עולה פון צענטראַל־אייראָפּע, וועמען איך האָב געקענט צוליב די הינט וואָס ער האָט געהאָדעוועט בײַ זיך, וואָס האָבן אים באַגלייט בעת זײַנע שפּאַצירן איבער די גאָסן פון קוואַרטאַל אין די נאַכט־שעהן. די קינדער פון דער שכונה, וואָס האָבן אים נישט באַזונדערס ליב געהאַט, האָבן געשפּאָסט און געפּסקנט אַז ער פאַרברענגט מיט די הינט מער ווי מיט מענטשן, און אַז זײַנע כלבים פאַרשטייען מער עברית ווי זייער באַלעבאָס.

איך האָב געהערט די מעשה און בין אויפגעציטערט געוואָרן. לאַנג נישט געטראַכט, האָב איך געבעטן שרה צו בלײַבן אין מײַן צימער זיך אָפּרוען אַ ביסל ביז איך וועל באַלד צוריקקומען. איך האָב זיך אויף גיך אַנגעטאָן און נאָך איידער איך האָב פאַרטריבן דעם שלאָף פון די אויגן, בין איך אין איין אָטעם אָוועקגעלאָפן און אָנגעקלאַפּט בײַם דאָקטער. די בייזע הינט האָבן לאַנג געבילט און ס'האָט זיך אין טיר באַוויזן דער דאָקטער, וואָס האָט זיך באַמיט די הינט אײַנצושטילן. אין ערשטן מאָמענט האָט ער געמיינט, אַז איך בין געקומען צו אים צוליב צאָן־ווייטיק, אָבער נאָך איידער ער האָט מיך געפרעגט האָב איך אים איבערראַשט מיט מײַן זיכער קול און אין זײַן לשון, אין דײַטש. נאָר וואָס, האָב איך אָנגעהויבן מיט אַ ציטערדיק קול פון כעס, איז דאָ געווען די וועשערין שרה און איר האָט איר געפּרוווט בייז טאָן, שעמט איר זיך נישט ? דער דאָקטער איז בלייך געוואָרן ווי קאַלך, האָט געפּרוווט אָפּלייקענען און געטענהט אַז דאָס איז אַ בלבול, אָבער ווען איך האָב אָנגעוויזן אויפן בײַטל וואָס איז געלעגן אין אַ ווינקל פון צימער און אים דערקלערט קליפּ און קלאָר, אַז איך גיי רופן פּאָליציי, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן. ער האָט אָנגעהויבן ציטערן און בעטן זיך. איך האָב געוואָלט דער פאַרשוין זאָל באַקומען אַ שטראָף, איך האָב זיך אָבער באַרעכנט אַז די גאַנצע פרשה וועט צו פיל צער און חרפה פאַרשאַפן דער אָרעמער תימנערין, דעריבער האָב איך באַשלאָסן צו זײַן אַליין דער ריכטער און דער פּוסק, און האָב אָן שום שהיות דערקלערט: איך בין גרייט די מיאוסע מעשה צו פאַרשווײַגן בתנאי איר זאָלט פאַרגיטיקן דער פרוי מיט אַ סומע פון 25 לירות. הערנדיק אַזאַ סומע האָט ער אויפגעציטערט. אין יענע צײַטן איז דאָס געווען כמעט אַ חודש־לוין פון אַ הויכן באַאַמטן פון דער מאַנדאַט־רעגירונג. די וועשערין האָט אַזאַ סומע נישט פאַרדינט אפילו אין זעקס חדשים, האָט ער זיך אָנגעהויבן דינגען. איך בין אָבער נישט מוותר־געווען, געדראָט מיט אַ פּראָצעס וואָס וועט זײַן פאַר אים אַן אומגליק ווי אַ מענטש און ווי אַ דאָקטער. נאָך דעם ווי ער האָט זיך איבערצײַגט אַז קיין שום טענות וועלן דאָ נישט העלפן, איז ער צוגעגאַנגען צו דער אײַזערנער שאַנק און מיט ציטערדיקע הענט אַרויסגענומען פון דאָרט די באַנקנאָטן און זיי גענומען אויסציילן. איך האָב אָבער נישט אויפגעהערט צו זידלען אים און אים געוואָרנט אַז אויב מען וועט אים נאָך אַ מאָל כאַפּן בײַ אַזאַ שאַנד־טאַט, וועט ער געשיקט ווערן אין תפיסה.

צוריקגעקומען אין מײַן צימער איז שרה שוין געווען באַרויִקט, איז געזעסן מיט אַ שמייכל פון אַ פאַרשעמט מיידעלע. איך האָב איר געגעבן די באַנקנאָטן און דעם בײַטל. איך האָב איר דערציילט וועגן משא־ומתן וואָס איך האָב געהאַט מיטן דאָקטער, און די מאָטיוון הלמאי איך האָב באַשלאָסן נישט איבערגעבן דעם ענין דער פּאָליציי, נישט ווײַל עס איז מיר געווען אַ רחמנות אויף אים, נאָר ווײַל עס איז מיר אַ שאָד איר כבוד און גוטער נאָמען. די סומע, האָב איך צוגעגעבן, וועט זײַן גענוג זי זאָל עטלעכע וואָכן נישט דאַרפן אַרבעטן און קומען צו זיך.

שרה האָט נישט געגלייבט אירע אייגענע אויערן און האָט זיך צעוויינט. זי האָט מיר געגלעט ווי אַ גוטע מאַמע און געזאָגט: ״איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם גוטן טאַט אײַערן. גאָט זאָל אײַך באַלוינען פאַר דעם״. עטלעכע חדשים איז זי נאָך געקומען צו מיר, גענומען און צוריקגעבראַכט די וועש. נאָך דעם ווי איך האָב זיך איבערגעצויגן אין אַ נײַער דירה, איז זי פאַרשווּנדן.

עד כאן די מעשה וואָס איך האָב זיך דערמאָנט. די פאַרלאָפענע יאָרן האָבן זיך געמערקט. שרה איז עלטער געוואָרן, האָט זיך פאַרענדערט נישט צום דערקענען. בלויז אירע אויגן האָבן געלויכטן ווי דעמאָלט. נאָך דעם ווי זי האָט זיך צעשיידט מיט איר אייניקל, דעם זעלנער וואָס האָט זיך געאײַלט צוריקפאָרן אין זײַן מחנה, האָט זי מיר באַגלייט אויף מײַן וועג צו דער אויטאָבוסן־סטאַציע. מיט אַ פאַרשטיקט טיף געריירט קול האָט זי מיר געזאָגט שטיל און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן: ״אַלע יאָרן האָב איך אײַך נישט פאַרגעסן און נישט אויפגעהערט זאָרגן וועגן אײַך. אין מײַנע תפילות אין בית כנסת און בײַם כותל, ווו איך גיי צוויי מאָל אין דער וואָך, האָב איך תפילה־געטאָן פאַר אײַך און אײַער משפחה צוגלײַך מיט דער תפילה פאַר מײַן הויזגעזינד. איך בעט אײַך, קומט אַ מאָל מיך באַזוכן בײַ מײַן טאָכטער. איך האָב, ברוך השם, גוטע קינדער און אַ טוץ אייניקלעך״.

איך האָב געפרעגט פאַרטרוילעך: ״האָט איר נישט געפרווּט די אַלע יאָרן צוריק בויען אײַער לעבן?״

זי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פאַרשעמט און געענטפערט קורץ: ״איך האָב נישט געוואָלט מײַנע קינדער זאָלן האָבן אַ שטיף־טאָטן...״.

זי איז אַוועק, אָבער גלײַך צוריקגעקומען ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט וואָס זי האָט געהאַט פאַרגעסן און געזאָגט: ״קומט מיך באַזוכן. איך האָב פאַר אײַך אַ סורפּריז״.

איך בין געוואָרן נײַגעריק און געפרעגט: ״וואָס אַ שטייגער?״.

זי האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ שמייכל פון אַ פרוי וואָס טראָגט מיט זיך אַ סוד, און געענטפערט: ״געדענקט איר, אַז אין איינעם אַ טאָג האָב איך זיך געקלאָגט פאַר אײַך אַז עס פעלט מיר אַ טיכל, איינס פון דריי טיכלעך וואָס עס האָט פאַר אײַך אויסגעהאַפטן אײַער יונגע שוועסטער ערב אײַער עליה קיין ארץ־ישראל? זעט אויס, אַז דאָס טיכל איז אַראָפּגעפאַלן פון שטריק בעתן טריקענען די וועש, און איך האָב דאָס נישט באַמערקט. איך האָב דאָס טיכל דערנאָך געפונען צווישן די קוסטעס אויפן הויף און אײַך געוואָלט אומקערן, אָבער איר האָט זיך שוין געהאַט

אַרויסגעצויגן פון דער דירה. אַלע יאָרן האָב איך דאָס טיכל געהיטן מיט דער האָפענונג אײַך צוריקקערן עס.

נאָכן צעשיידן זיך האָב איך נישט אויפגעהערט אײַנקוקן זיך אין דער געשטאַלט פון דער נעבעכדיקער ירושלימער וועשערין, געבענטשט מיט אַ גוטער נשמה. איך בין געווען באַרוישט פון דער דאַזיקער פרוי, אַ כשר ייִדיש ווײַבל וועמען דער ביטערער גורל האָט גענוג פאַרביטערט, אָבער זי האָט אירע ליידן געטראָגן שטיל און באַוויזן דערבײַ אויפצוהיטן דעם צלם פון מענטש און כבוד פון דער פרוי; זיך געבויגן אָבער נישט צעבראָכן געוואָרן.

ייִדיש: א. ש.



## פּעריאָדישע זאַמלונגען

### "תּפוצות ישראל"

"תפוצות ישראל" איז אַ סטאַבילע אויס־גאַבע אין העברעיש וואָס צילט צו אינ־פאָרמירן וועגן די יידישע ישובים אין דער גאָרער וועלט, אָן אויסגאַבע וואָס ווערט אַרויסגעגעבן שוין העכער צוואַנציק יאָר דורכן אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט־ביוראָ אין ירושלים, אָנגעפירט דורך ד"ר בערנאַרד רעזניקאָף.

יעדער העפט פאַרמאָגט אַ שפע מאַ־טעריאַלן צו דער געשיכטע און קעגנוואַרט פון פאַרשידענע יידישע ישובים, און באַ־זונדערס וועגן יידישן לעבן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

דער ערשטער רעדאַקטאָר פון אַט דער אויסגאַבע איז געווען יוסף ווענקערט. צום 22סטן יאָר פון דער אויסגאַבע האָט די צייטשריפט (פערטליאָרשריפט) באַקומען אַ נייעם רעדאַקטאָר. דאָס איז דער באַקאַנטער מחנך, שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער אמנון הדרי, וואָס רעדאַגירט אויך די באַ־קאַנטע צייטשריפט אין ענגליש "פאָרום", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורך דער הסברה־אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

לעצטנס איז אויך דערשינען אַ ביב־ליאָגראַפישע רשימה פון די טעמעס וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אין די העפטן וואָס זענען דערשינען אין די יאָרן 1968־1981, אַ רשימה וואָס ווייזט אויף דער בונטקייט פון דער טעמאַטיק און חשיבות וואָס די העפטן האָבן פאַר יעדן פאָרשער און שרייבער.

דער אַדרעס פון "תפוצות ישראל" איז: רחוב אתיופיה 9, ירושלים.

## יוסף קערלער

# אין שטילן שאָטן

### אַ צופֿאַל

...און כאָטש אַרויסגעקראָכן כ׳בין
מיט נישט קיין גאַנצע ביינער, —
איז דאַנק און לויב דעם אויבערשטן —
ס׳איז פֿרי נאָך צו באַוויינען.

צי איז דאָס אַ באַשערטע זאַך,
אַ שפּיל אַזאַ פֿון ״יענעם״ ?
נאָר ס׳וועלן עט-וואָס צוואַרטן
די פֿלאַמען פֿון גיהנום !

מען זאָגט : ס׳וועט זיך פֿאַרהיילן,
מען טאָר זיך נאָר נישט אײַלן

און מוזן מוז מען שטאַרקן זיך,
די וויטיקן דערוואַרגן —
ס׳איז דאָך אַ זינד זיך הרגענען,
כּל־זמן ביסט ניט געהרגעט.

* *
*

צי זענט איר כאָטש
אַ מבֿין אויף אַ טשאַד ? —
דווקא מיך האָט עס געטראָפֿן
ביים סאַמע ראַנד
פֿון יאָר תשמ״ד...

און כאַטש ס׳האָט קיינער נישט
געפֿרעגט בײַ מיר,
צי כ׳וויל דאָס —
פֿון דער מציאה פֿון דער ווילדער
וואָלט איך אפֿשר זײַן צופֿרידן:
אַ סוף אַ עק —
אַבי כ׳זאָל אָפּקומען
פֿאַר אַלע ייִדן! — — —

איר מיינט איך מאַך מיך וויכטיק? —
וואָס אַרט עס אײַך? —
מיין ווייטיק איך פֿאַרליכטיק.

**די זון אין מיטן ווינטער**

אַ ווינטער-טאָג
און ס׳דופֿט די לופֿט מיט בלומען-טוי,
אַ ווינטער-טאָג
און ס׳הימלט לײַכט מיט זומער-בלוי,
אַ ווינטער-טאָג
און ס׳ווינטלט אַזוי שטיפֿעריש און זיס
און שפּערל-צוויטשערײַ
פֿאַלט פּערלדיק צו מײַנע פֿיס —
אַ ווינטער-טאָג . . .

ס׳איז ווינטער-צײַט
און דער פֿרימאָרגן העלט
ירושלימדיק און שטיל,
און ס׳נאַריש ביימעלע
אין פֿרישן בלי
פֿריצײַטיק זיך פֿאַרהילט.

ס׳איז ווינטער-צײַט
און לויטער ווי מײַן ליבשאַפֿט

איז די ווײַט
און כ׳וואַרף אַראָפּ פֿון זיך
די נאַרישקייטן אַלע
פֿון מײַן צײַט —
ס׳איז ווינטער-צײַט.

דערבאַרעמדיקער מײַנער,
כ׳וואָלט הײַנט אַ שפּרייט געטאָן
ווי פֿליגל
מײַנע בידנע קוליעס
און כ׳וואָלט ווי ס׳מינדסטע שפּערעלע
צו דיר געניגונט,
כאָטש בייזער ווייטיק ניכטערט מיך און שרײַט:
— וואָס האָסטו מיצקע דרינען זיך צעהוליעט!
— — — — — —
ס׳איז ווינטער-צײַט...

דעצעמבער, 1984

* *
*

צום אָנדענק פון ד״ר מאיר געלפאַנד ז״ל

וואָס זאָל איך טאָן,
וואָס קען איך טאָן? —
סע שטאַרבט ביי מיר אַן אַלטער פֿרײַנד,
וואָס יינגער איז פֿון מיר...
צוזאַמען האָט מען אונדז געפּלאָגט
אין וויסטן יאָמער-טאָל,
איין שטאַרקע טרייסטנדיקע שײַן
האָט אונדז אַהער דערפֿירט.

וואָס זאָל איך טאָן,
וואָס קען איך טאָן?
פֿאַר וואָס אַ פֿאַל טאָן זאָל אין פּײַן

אַזאַ מין שיינער בוים ?
אַ, טאַטע-פֿאַטער, כ׳קלאָג און מאָן, —
סע שטאַרבט מײַן אַלטער יונגער פֿרײַנד
אין לאַנד פֿון אונדזער טרוים . . .

יולי, 1985

* *
*

איבער שרפֿהענדיקן
שניי און ווײ
געגאַנגען בין איך
באָרוועס
און וויפֿל מאָל דערגאַנגען שוין —
אָט פֿאַל איך.
ניט שרעק מיך, בעט איך,
מיטן מלאך המות
דער מלאך המות
איז דאָך אויך
אַ מלאך,
נישט קיין מענטש.

יוני, 1985

* *
*

קענטיק — מײַן גורל
איז האַרט ווי אַ שטיין
און האַרט ווי אַ שטיין — מײַן געביין.
ווען זיי שטויסן צונויף זיך
שפּריצט פֿײַער :
אַ שמייכל, צעקרימט פֿון געוויין.

* *
*

כ׳ האָב נישט ליב
קיין לידער וועגן לידער
ס׳מאַכט זיך אָבער,
אַז איך זינג זיי אויך...
טאָמער זיין וועט אײַך
די זאַך דערוווידער —
ווייסט, אַז פֿײַער
קומט נישט אָן קיין רויך.

כ׳יאָג פֿון זיך
די לידער וועגן לידער,
ווי דעם רויך,
וואָס אין די אויגן עסט זיך אײַן
ס׳מאַכט זיך אָבער
אַז צו זיי איך נידער
אויסבאַהאַלטן זיך
פֿון צו פֿיל פּײַן.

ירושלים, 1985

**לידער קומען...**

זעלטן קומען לידער,
ווען ס׳איז גוט,
אָפֿטער קומען זיי,
ווען ס׳קלאָגט דאָס בלוט
צו די הימלען —
נישט פֿאַרשטענדלער בלויע,
צו דער אומשולד רייִנער
פֿון די גראָזן-טויען...

לידער זינגט מען
מיינסטנס — אויסגעווייטיקט,

װען װי הימל-בלוי
און װען װי גראָזן-טוי,
װי ברויט און אויך װי אָטעם
זענען לידער נייטיק.

## איך איַיל מיך ניט

איך בין שוין, דאַכט זיך, אין די יאָרן
נאָר לידלען צו פֿיל, — כ׳איַיל מיך ניט,
דאָס לעבן שלאָגט מיט מיר כפּרות
און שלאָגט במילא אויס אַ ליד . . .

איך שװענק זיך היַינט אין שטילן שאָטן
און גלויבט מיר, אַז איך איַיל מיך ניט
אַריַינהויכן מיַין לעצטן אָטעם
אין עפּעס דאָרט — אַ שװאַנען-ליד,

מיט װעלכער ס׳װעלן אַלטע מיידן,
פֿאַסמאַקעװען און קװיקן זיך,
אַז איך זאָל דאָרטן אין גן עדן
פֿון גרויס געלעבטער שטיקן זיך . . .
— — — — — — — — —
מוחל די טובות !

1985

## יעדער איינער . . .

יעדער איינער
איז באַזונדער איינזאַם
יעדער איינער
איז אַליין אַלייניק,
בלויז די ביטערניש,
אונדז אלעמען פֿאַראייניקט.

זעלטן קלערט מען
איינער פֿון דעם אַנדערן,
זעלטן איז דאָס האַרץ
געניײגט צום צווייטן,
בלויז דער זעלבער שאָטן,
בעתן וואַנדערן,
יעדן אין זײַן מידבר-וועג
באַגלייט ער — — —

גוואַלד געשריגן —
זייט זיך נישט מיאש,
אויב די וואַלקנס
קנוילן זיך געדיכטער,
ס׳לאַכן דאָך די קינדער
אין די וויגן,
אויב זיי לאַכן,
מוז דאָך ווערן ליכטיק!

ס׳מוזן ברויזן
קלינגענדיקע זאַפֿטן
אין די אַלטע וואָרצלדיקע שטאַמען...
אויב ס׳איז שוין באַשערט
פֿאַרבלײַבן איינזאַם
לאָמיר מיט געמיינזאַם
דאָס פֿאַרגראַמען!

ירושלים, 1985-1984

צבי אײזנמאַן

# בילדער פֿונעם חלום-שפּיגל

## עס קלינגען ניט מער אין מײַן חלום קײן גלעקער

עס קלינגען ניט מער אין מײַן חלום קײן גלעקער. מען פּרעפֿלט ניט מער מיט פֿרומע ליפּן אין מײַן פּנים קײן בוימלדיקע פּסוקים. מען רוקט מיר ניט אונטער דעם װײַרױך צו דער נאָז. מען זאָגט מיר ניט צו דאָס הימלישע קעניגרײַך. עס שפּילן ניט קײן אָרגלען. מלאכימלעך זינגען ניט הללויה.

מען װאַרפֿט מיר ניט פֿאָר אַז כ'האָב ברונעמער פֿאַרסמט. אַז כ'גנוץ בלוט צו מצה. אַז כ'פֿאַרדאַרב דאָס געװעטעניש. אַז צוליב מיר איז בײַ קי די מילך אַנטרונען און די פֿרױען פֿאַרלירן קינדער פֿאַר דער צײַט. אַז כ'טו צורעדן דאָס פֿאָלק צום ביטערן טראָפּן און אַליין טו איך פּעסער מיט גאָלד אָנפֿראָפּן. אַז כ'בין שולדיק אין פֿאַרפֿלײצונגען, שריפֿות, מגפֿות און אין די פֿאַרשפּילטע מלחמות.

## דער חלום נעמט מיך אָן בײַם אָרעם

מען שלעפּט מיך ניט מער אין װאַגאָנען. מען רײַצט ניט מער אָן די הינט. מען רײַסט מיר ניט די צײן. מען רױבט מיר ניט אָװעק די האָר פֿון קאָפּ. מען צװינגט מיך ניט לעקן מיט דער צונג דאָס פֿאַרגאָסענע ביסל זופּ פֿון די זאָמדן. מען רײַסט מיר ניט די נעגל פֿון די פֿינגער. מען װיקלט ניט מיט שטעכלדראָט מײַנע װוּנדן. מען באַפֿעלט מיר ניט מער, כ'זאָל זיך הײבן און לײגן. לײגן און קניען. קניען און שפּרינגען אויף אַלע פֿיר װי אַ זשאַבע און אין בלאָטע פֿאַרלירן די הילצערנע שקראַבעס.

אין חלום זוך איך ניט מער אין מיסט קײן שאָלעכץ. אונטער די אויגן זעט מען ניט אָן אַזוי שטאַרק דאָס געשװױלעכץ. דער קוימען איז װײַט — באָענטער דאָס טויער. דער חלום נעמט מיך אָן בײַם אָרעם און פֿירט מיך דורכן טויער אַריבער.

## די לאָנקע אין מײַן חלום איז צוריק אַ לאָנקע

די לאָנקע אין מײַן חלום איז צוריק אַ לאָנקע אַ גרינע. פֿול מיט זומער־פֿײגעלעך, מיט זשוקלעך, מיט משה רבינו־פֿערדלעך און מיט צעזשומטע בינען.

װיל איך, בײג איך זיך אַראָפּ און רײַס מיר אָפּ אַ בלימל. װיל איך — טונק

איך מײַנע פּיס אין קלאָרן טײַך־וואַסער. כ׳קאָן אַפילו בײַ אַ פֿויגל באָרגן זיך די פֿליגל. זעצן זיך אויף העכסטן צווײַג פֿון אַ בוים און זיך וויגן, וויגן. כ׳קאָן זיך מיט אַ ווינטל וועטן ווער וועט בעסער קילן. ווער וועט צאַרטער גלעטן.

פֿון גאָלד־שטראַלן כ׳וועל אויפֿשטעלן אַ סוכה. פֿון שטערן־זילבער אויסוועבן אַ העמד פֿאַרן גוף און אין דעם באַנײַטן גן־עדן אַרומדרייען זיך באַפֿרײַט פֿון אַלע ערדישע קוועלענישן, קלעמענישן איבער די לויטערע סטעזשקעס פֿון באַזוניקטער שטילקייט.

אויב אויף מײַן וועג וועט די שלאַנג זיך באַווײַזן. די כיטרע שלאַנג מיטן פֿײַערדיקן צינגל — וועל איך פֿונעם וועג אַפּווײַכן, פֿאַרשטאָפּן די אויערן — איר שיפּענדיק לשון זאָל צו מיר ניט דערגרייכן.

טאָמער וועל איך אָנגעגענען דעם בוים. דעם בוים מיט די רויט־בעקלדיקע עפּל, וואָס חנדלען זיך, וואָס פֿרײַנדלען זיך און רופֿן דיך צו זיך מיט פֿאַרשיכורנדיקן אַראָמאַט פֿון יונגע זאַפֿטן — וועל איך צו זיך זאָגן און איבערזאָגן הויך אויפֿן קול:

— ריר זיך ניט צו צו אָט דעם בוים. זאָל דיך דער רייץ פֿון די עפּל מער ניט פֿאַרפֿירן!

## האָבן ווערטער זיך געבעטן בײַ מעלאָדיע

האָבן ווערטער זיך געבעטן בײַ מעלאָדיע:

קרײַז אונדז אַרום. וועב אונדז אײַן, וויג אײַן. צערטל אונדז. צעפּערטל אונדז. פֿאַרגאַנץ.

הויב אונדז. דערהויב. צעטראָג אונדז. צעשענק!

צו אַ מיידל וואָס טרוימט און וואָס בענקט. צו אַ בחור וואָס וויל זיך דערקלערן אין ליבע. צו אַ פֿרוי וואָס דערזעט פּלוצעם אירע ערשטע קנייטשן אין שפּיגל. צו אַ זקן וואָס קאָן ניט די נאַכט איבערקומען. צום מאַטראָז אויפֿן ים. צום זעלנער אין מאַרש. צום העגדלער פֿון אויבסט. גאַסנקערער. פּאָסט־טרעגער. זייגערמאַכער און צו אַלע די, וואָס טוען דערוואַכן נאָך איידער די זון גייט אויף אויפֿן הימל און אויך צו די וואָס וועלן שוין מער די זון ניט זען.

צעשענק!

שפּיל אונדז אויס. זינג אונדז אַרײַן אינעם זשום פֿון אַ בין. אינעם גלעקל אויפֿן האַלדז פֿון אַ שעפּס. אין געברום פֿון אַ ווינט. אינעם פּלעסק פֿון אַ לויפֿנדיק וואַסערל וואָס גלעט און שלײַפֿט מיט התמדה אירע שטיינדלעך אויפֿן זאַמדיקן דנאָ. אינעם געמורמל פֿון צוויי פֿאַרליבטעביימער וואָס זייערע צווײַגן־אַרעמס פֿאַר־קלאַמערן זיך און זייערע בלעטערדיקע לאָקן פֿלעכטן זיך צונויף אין גרינעם עקסטאַז. אינעם פּישטש פֿון אַ נאַר וואָס געבוירן פֿייגעלע אונטער די וואַרעמע פֿליגלען פֿון דער פֿויגל־מוטער און אין אַלע קלאַנגען וואָס טראָגן אַ לויב צו דעם וווּנדער פֿון זיך פּרוכפּערן און ווערן. ווערן און פֿאַרמערן. זײַן און פֿאַרגיין.

פֿאַרגיין.

## זיאַמע טעלעסין

# פֿון מיין קינדהייט

### ותערב עליך עתירתנו

אַזוי צונויפֿלייגן די פֿינגער און די הענט
ווי ס׳פֿלעגט צונויפֿלייגן אַליין רב חנא,
האָב איך אין חדר איינער נאָר געקענט,
זאָל נאָך איינער ווי איך דאָס זעלבע קאָנען.

די ״תורה״ האָב איך אויפֿגעכאַפּט געשווינד,
ווען אויף זײַן דוכענען כ׳האָב נאָר אַ קוק געגעבן.
כאָטש זייער שטרענג פֿאַרזאָגט האָט אונדז דער רבי,
— זעט, קוקט נאָר ניט, ווײַל איר וועט ווערן בלינד.

כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען מסתמאַ אַ יאָר צען
(מיט אַלע פּיטשעווקעס איך טו זיך עס דערמאָנען).
ווײַזט אויס, דער נײַגער גרעסער איז געווען
פֿון יענער שטאַרק-געפֿערלעכער סכנה.

אויף אויסנווייניק האָב איך פֿאַרגעדענקט
פֿון דעם גאַנצן דוכענען די תּפֿילה,
און מיט אַ קול אַזאַ וואָס וויינט און בענקט
צעזינגען זיך ווי שטאַרקער און ווי שטילער.

נאָר איין מאָל האָט דער רבי מיך געפּאַקט
ווי פֿאַר די ייִנגלעך אינעם פֿירהויז ״כ׳דוכן״, —
איז האָט ער מיר געגעבן צו פֿאַרזוכן
אַ פֿלאַמענדיקן חתימת-יד אין באַק.

און פֿון רציחה אַזשנע זיך פֿאַרהוסט,
און מיט אַ כריפּענדיקן קול אַזאַ מין

צעשריגן זיך: — ס׳איז עפּעס ניט באַוווּסט
דייַן טאַטנס נאָמען צווישן די כּוהנים! —

אַנשטומט געוואָרן בין איך אויפֿן שטעל.
צעלאָפֿן זענען אַלע זיך ביז איינעם.
און ס׳איז געבליבן שטעקן מיר אין קעל:
ותערב עליך עתירתנו.

### וציוונו להניח תּפֿילין

1

דער פּיטשימאָנטשינקער ישראל-זושא
געווען איז אַ יוצר פֿון תּשמישי קדושה.

ס׳האָט אויסגעזען אויף אים זייַן באָרד די ווייַסע
ווי אויף אַ שרעטל, וואָס אַרויס איז פֿון אַ מעשה.

עס האָבן ליב געהאַט דעם ייִדן גראָדע
ניט אַזוי די פֿרומע, ווי די האָלאָבראָדע.

ער איז געווען אַזוי באַליבט און אייגן.
אַ שטעטל ייִדן פֿלעגן זייַנע תּפֿילין לייגן.

אויף יעדן בייַשטידל געווען איז, קען מען זאָגן,
נאָר די מזוזה׳ס זייַנע צוגענאָגלט.

אויף שימחת-תּורה פֿענדלעך פֿלעגט ער מאַכן,
אויף פּורים — דריידלעך, גראַגערס, נאָך אַזוינע זאַכן.

אומזיסט ער פֿלעגט די קינדער דאָס צעטיילן, —
מיט דעם די איינזאַמקייט די גרויסע זייַנע היילן.

געווען זייַן שטוב איז ווי אַ פּוסטער הלאַדיש —
קייַן ווייַב, קייַן רינד, קייַן קינד, קייַן קדיש...

2

צוויי וואָכן אין תּמוז. די פֿייגעלעך טרילן
מיט זוניקער יוליקער ליכטיקייט זאַטע.
איך לויף צו סראָלזושען באַקומען די תּפֿילין,
וואָס צו מײַן בר-מיצווה באַשטעלט האָט דער טאַטע.

כ׳וועל מאָרגן בר-מיצווה! איך האַלט אין איין קלערן:
אַוועלכער וועט זײַן דער "של-ראש" אויף מײַן שטערן.
דעם טאַטנס "של-ראש" איז אויף מיר ווי אַ קעסטל.
איך האָב דעם "של-יד" ניט גענומען שוין מעסטן.

איך פֿלי צו סראָלזושען ווי פֿײַל אויסן בויגן.
די תּפֿילינלעך שטייען שוין מיר פֿאַר די אויגן.
כ׳דערזע זיך אין שול אויפֿן הויכן באַלעמער.
לכבוד מײַן בר-מיצווה דערהער איך אַ זמר...

איך פֿלי צו סראָלזושען. אָט איז שוין זײַן ליקל
די הילצערנע שטיבלעך אין ענגשאַפּט זיך שטיקן.
און אָט אַ פֿאַרסאַפּעטער כ׳בין שוין דערלאָפֿן.
די פֿאָרטקע אין פּלויטל איז הפֿקרדיק אָפֿן.

און גראָדע זײַן טיר איז פֿאַרהאַקט אויף אַ ריגל
און איבערן ריגל פֿון טריוואָקס אַ זיגל, —
מען האָט (ס׳איז געווען דאָן די גרויסע מהומה)
סראָלזושען אין מיטן דער נאַכט צוגענומען...

... אין אַ פֿאַרבאַהאַלטענעם מנין מיט ייִדן —
פֿיר שוסטער, דרײַ שנײַדער, אַ בלעכער, צוויי שמידן,
אַהינטער דער באָד, וווּ די קראָפּעווע זשאַווערט,
מען האָט מײַן בר-מיצווה בשתיקה געפּראַוועט.

דער טאַטע האָט מיר זײַנע תּפֿילין געגעבן
און איך האָב גענומען דעם אָרעם אַנטהילן.
געזאָגט כ׳האָב, ווי כ׳האָב עס געלערנט בײַם רבי׳ן:
וציונו להניח תּפֿילין.

## דער שוואַרצער מורען

אַ פֿאַרדראָס מיך פּלעגט פֿאַרפּלייצן
און אַריבערגיין די ברעגן,
ווען די חברהלײַט מיך פּלעגן
״שוואַרצער מורען״ נעמען רייצן.

כ׳זאָל צוריק אַ וואָרט כאָטש זאָגן,
ווי אַ פֿיש כ׳פּלעג בלײַבן שווײַגן,
נאָר זיך גלײַך געוואָרפֿן שלאָגן,
ניט געקענט כ׳האָב סתּם פֿאַרבײַגיין.

אויך צו פֿרידלען חיים-שײַעס
(מיט אַן אייגל פּלעגט ער זשמורען),
ווי צו מיר זיי פּלעגן שרײַען :
״שוואַרצער מורען״ ! ״שוואַרצער מורען״

ער פּלעגט קיין מאָל זיך ניט כעסן,
אויפֿן גאָרגל זיך ניט רײַסן,
ער פּלעגט צוקומען געלאַסן
צו די חברהלײַט די ווײַסע,

ווי די קעצלער זיי צעשטורכען
ניט צו שטאַרק, נאָר מיט געוויסן.
וואָס איז ״מורען״, אגב-אורחא,
זאָל איך פּרווון איצט כאָטש וויסן.

## די צײַט

ער איז מיר ביז טרערן געווען באַקאַנט
דער בלעכערנער זייגער ביי אונדז אויף דער וואַנט.

דער זייגער מיט זײַנע געוויכטן די צוויי.
אַנשטאָט אַ ספּרוזשינע געווען זײַנען זיי.

ניט אָפּשטעלן זאָל זיך זײַן בלעכן האַרץ, —
איז גראָדע אויף מיר (אַזאַ קליינס, אַ פֿאַרדאַרטס).

פֿון אַלע נײַן קינדער געלעגן די פֿליכט
באַצײַטנס אַ צי טאָן אַרויף דאָס געוויכט.

ווען בלײַבן אין שטוב פֿלעג איך איינער אַליין,
אַהין און צוריק פֿלעג איך אַנהויבן גיין —

פֿון קיך אין דער סאַלקע, פֿון סאַלקע אין קיך,
איך האָב ניט געוווּסט ווו אַהינצוטאָן זיך.

איך זאָל כאָטש אַ מאָל פֿון אים הערן אַ קלונג!
טיק-טאַק און טיק-טאַק און טיק-טאַק אויף זײַן צונג.

די ציפֿער פֿון בלעך און די ווײַזערס פֿון בלעך,
די צײַט האָט פֿון זיי זיך געצויגן ווי פּעך.

געצויגן, געצויגן, פֿאַרקראָכן העט ווײַט...
און איצטער אַנטלויפֿט זי פֿון מיר גאָר די צײַט!

אַפּריל, 1985 יאָר.



## יאָסל לערנער

### פון הערץ און געדענקען

(גלײַכװערטלער)

— גלײַכער נישט קענען דעם מענטשן און אים ליב האָבן, —
איידער קענען אים און פֿײַנט האָבן.

*

— דאָרט איז גוט, װוּ מיר זענען נישטאָ. —
ס'איז שוין דאָרט אויך נישט גוט.

*

— מעגסט מיך האַלטן פֿאַר אַ נאַר, נאָר װען איך בין הונגעריק, גיב מיר נישט צו קײַען קיין שטרוי.

*

— װי אַזוי האָסטו אים דערקענט, אַז ער איז אַן ערלעכער מענטש ? —
איך האָב אים דערציילט אַ װיץ און ער האָט געװיינט.

*

— אַ פֿרײַנד זאָגט דעם אמת אין די אויגן, װי ביטער דער אמת זאָל נישט זײַן. —
אויב ער פֿאַרשאָפֿט מיט דעם יסורים און טרערן, איז ער נישט קיין פֿרײַנד.

*

— אַ פֿאַרשטאַנדיקער מענטש טוט װאָס ער קען און נישט װאָס ער װיל. —
מחמת — װאָס ער קען, דאָס װיל ער.

*

— װאָס איז ער אַזוי בייז און אויפֿגערעגט ? —
ער איז אויפֿגעשטאַנען אויף דער לינקער זײַט. —
װי נאָר "לינק", איז שוין ביטער . . .

*

— ער זעט אויס צו זײַן אַ ליגנער. —
— פון וואַנעט נעמסטו דאָס ?
ער שווערט זיך זייער אָפט.

*

— אײדער — גאָט, שרעק מיך, נאָר שטראָף מיך נישט —
איז גלײַכער : שרעק מיך נישט און שטראָף מיך נישט.

*

— מיר זענען פּינקטלעכע און ריכטיקערע עדות פון אײַך — האָבן די אויגן געזאָגט צו די אויערן. —
איר זעט ווער ס׳רעדט. מיר, אָבער, הערן, וואָס מ׳רעדט — האָבן די אויערן געענטפערט.

*

— וויפל חכמים, אַזויפיל מיינונגען.
בײַ די נאַראָנים — פיל מער.

*

— ווען ס׳איז פריילעך, וויל זיך לאַנג לעבן.
ווען ס׳איז אומעטיק — וויל זיך אוודאי לאַנג לעבן כדי דאָס איבערלעבן.

*

— וואָס איז בעסער ? לעבן לאַנג, צי גוט ?
לעבן לאַנג און גוט.

*

— מיט פרעמדע הענט איז גוט פײַער צו שאַרן. —
וואָס וואָלט מען נישט אָפּגעטאָן מיט פרעמדע הענט !

*

— קינדער און נאַראָנים זאָגן דעם אמת. —
זיי זאָגן אויך אַ ליגן, נאָר מע כאַפּט זיי באַלד.

*

— פאַרוואָס האָט מען פון אַלע פייגל גראָד דיך פאַרמאַכט אין אַ שטייַגל ? —
ווייַל איך בין אַ סאָלאָוויי.

*

— דו — האָט מען פאַרגעוואָרפן דער הון — קענסט לייגן אייער, אָבער קיין פייַנקוכן קענסטו נישט מאַכן. —
איז וואָס ? — האָט די הון געענטפערט — הלמאַי איר קענט מאַכן אַ פייַנקוכן און קיין אייער קענט איר נישט לייגן.

*

— אַ פּאַפּוגאַי לערנט מען אויס רעדן און אַ בער — טאַנצן. —
דער פּאַפּוגאַי, אָבער, ווערט נישט קיין רעדנער,
און דער בער ווערט נישט קיין טענצער.



## רבקה באַסמאַן

### אין בלײַיקן פֿאַרשווינד

*

וואָס טוט מען
אַז אַ צווײַגל פֿאַרוועלקט,
אַז אַ בלום
ציטערט פֿאַר קעלט,
אַז אַ שילדקרעט וויל אויפֿשטיין
און ליגט גאָר פֿאַרקערט
און ס׳קען אים ניט העלפֿן
זײַן בלײַיקע ערד,
וואָס טוט מען
אַז — ?

### שכנים מײַנע

איך קען זיי
לויטן קלאַנג פֿון זייער גאַנג
און איך דערקען זיי
איטלעכן באַזונדער.
דעם שווערן שאָרך
פֿון שילדקרעט אויפֿן זאַמד,
דאָס גרינגע שפּרינגען
פֿון געל־שנאָבעלע
אין גראָז —
יום־טוב
צי אַ מיטוואָך־טאָג אַ גרווילעכן
כ׳דערקען זיי מײַנע שכנים,
מיר דאַכט,

אויך זיי
דערקענען מײַנע טריט.
בײַם עפֿענען די טיר
זיי לויפֿן ניט אַוועק —
אין איינעם גייען מיר
צום ברעג
פֿון טעג.

*

דער גאָרטן האָט געוואָרט אויף מײַנס אַ בליק
און איך האָב צוגענומען מײַנע אויגן,
אַ צווײַגל האָט פֿאַררויטלט זיך פֿאַר גליק
אין בוים, וואָס איז ענלעך צו אַ פֿויגל.

דער גאָרטן האָט געוואָרט אויף מײַנס אַ קוק,
נאָר ס'האָט מײַן בליק צו גראָז גענידערט
ווי פֿאַר אַ רעטעניש געבוקט
מיט אומרו אין די גלידער.

דער גאָרטן האָט זײַן פֿרילינג מיר געשיקט
קאָליריק-יונג פֿון אַלע סאָרטן,
און זיך געבעטן: טו אַ בליק —
בלויז איין מאָל פֿרילינגט אין אַ גאָרטן.

*

אין בליִקן פֿאַרשווינד
וואַקסט אויס אַ פֿויגל
און אַ קינד
וואָס רעדט און זינגט
און וויל אויך
מאָרגן זינגען —
אַ יעדן טאָג

די זעלבע שעה
אַנטקעגן פֿענצטער
זיצט די קראָ
און רופֿט מיט העזה
איך בין דאָ —
כמעט משפּחה זענען מיר
און טאָמער קומט זי ניט אַ מאָל
ווערט אומרויִק אין אונדז די שעה
פֿאַר וואָס איז זי ניטאָ ?
אין בלייִקן פֿאַרשווינד
וואַקסט אויס אַ פֿויגל
און אַ קינד.

*

נעמט מיך אַרײַן אין דעם
קרײַז פֿון אײַער טאָג,
וואָס איז קודם כל שירה.
דערמיט פֿליט איר זוכן
אַ קערנדל,
דערמיט פֿליט איר געפֿינען
אַ טראָפּן,
גרינגער זאָל זײַן
אײַך דאָס זינגען.
נעמט מיך אַרײַן
אין דעם קרײַז פֿון
אײַער זינגיקן טאָג,
פֿול מיט סכנות.
אַז איר באַהאַלט
אין צווײַגן דאָס ליד,
דוויערט אַ ציטער פֿון בלאַט —
און ווידער געטרויט איר די זון,
דעם בוים וואָס
פֿאַרהיט אײַך און בליט
מיט שירה פֿון פֿייגל.

## דוד באַס

# פון אַמאָליקע יאָרן

אין די לעצטע חדשים פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס שטעטל אַריבער פון האַנט צו האַנט. היינט — די פּאָליאַקן, מאָרגן — די באָלשעוויקעס. קיינער האָט נישט געשאָנעוועט די ייִדן. מען האָט געשניטן בערד, געשלאָגן, געשמיסן, גערויבט, געשענדעט, געשאָסן.

פּאָר אַ צולאָג האָט זיך צעבושעוועט די מגפה. אין בית אשר אין שם מת. האָבן ווייבער געמאָסטן דאָס "גוטע אָרט", איינגעלייגט דעם ארון־קודש. דער חלל איז פול געוועזן מיט געוויין און יללות. פאַרפינצטערטע מאַנצבילן זענען געזעסן איבערן תהילים. מיט אימת־מוות אין די אויגן האָבן זיי אויסגעיאָמערט קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל. דער מלאך־המוות האָט זיך נישט דערשראָקן. געהאַקט ווי אין קרויט. נישט נאָכגעלאָזט. חברה־קדישא האָט געאַרבעט קיילעכדיקע מעת־לעתן.

ביי ישראל חנה־ריוועס, דעם דרדקי־מלמד איז אוועקגעפאַלן דאָס גאַנצע הויזגעזינד. אַלע האָבן געברענט אין טיפוסדיקן פייער. אַלע — חוץ ישראלן. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי צעמישט, נישט געוווסט וואָס אָנהייבן צו טאָן, חנה־ריווע, דאָס ווייב, האָט זיך צעשריען מיט די לעצטע כוחות: "גיי, שלימזל מיינער, ברענג דעם רופא, מיר וועלן דאָך דאָ, די שעה זאָל נישט זיין, אויסגיין ווי די ליכט און אַ האָן וועט נישט אַ קריי טאָן". איז ישראל אַוועק. געגאַנגען, נישט געזען די ליכטיקע שיין. געזוכט און לסוף געפונען חיים דעם רופא. אפשר גאָר האָט דער רופא אים געפונען. אין יענער צייט איז שווער געווען זיך פונאַנדערצוקלייבן. "שלעכט, זייער ביטער", האָט ישראל קוים אַרויסגערעדט. איז אים דער רופא נאָכגעגאַנגען. געקומען, געזען און באַפוילן ישראלן איינהייצן דעם אויוון, אָנוואַרעמען וואַסער. איז ישראל געשטאַנען ווי אַ תם און — גאָרנישט. האָט דער רופא, אַ ייִד אין די יאָרן, מיט אַ געבויגענעם נאַקן, אַ פיין צוגעשוירן קמץ־בערדל און פענסנע אויפן נאָז. האָט ער, דער רופא פאַרקאַטשערט די אַרבל, זיך גענומען צו דער אַרבעט: איינגעהייצט דעם אויוון, אָנגעוואַרעמט וואַסער, געוואַשן די קראַנקע. געטונקען לייַלעכער אין קאַלטן וואַסער, געוויקלט זייערע לייבער, געקילט פון פאַרצערנדיקן פייער. ישראל איז געשטאַנען, געקוקט מיט צעדולטע אויגן, ווי אין הינערפּלעט.

יענעם פאַרנאַכט האָבן אַ סך מענטשן, אַריינגערעכנט זייערע בני־משפחה, געזוכט חיים דעם רופא. מען האָט נישט געוווסט, ווו ער האָט זיך אַהינגעטאָן.

די מלחמה און די מגפה האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שלל יתומים, אלמנות,

עגונות. טאַטע־מאַמע האָבן געקלאָגט אויף זייערע זין וואָס זענען געפאַלן אין די שלאַכטן.

*

עס האָט זיך אײַנגעשטעלט די רשעותדיקע מלכות־פוילן. ייִדן האָבן געאַרבעט, געהאַנדלט, געלערנט תורה, געטאָן שידוכים, געקינדלט. קיין צרות האָבן נישט געפעלט. די שנאה צום ייִדן איז געווען גרויס. מיט היונה האָט געהאַלטן שמאָל. שטײַערן, כל־המינים שטראָפן און גזירות האָבן געמאַכט דאָס לעבן שווער און ביטער.

ישׂראלס משפחה איז אַרויס גאַנץ פון דער פּלאָג. אָפּגעצערטע, אָפּגעשוואַכטע, האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַרבעט.

דער גרויסער באַקאויוון האָט זיך ווידער געהייצט, ווי אין די אַלטע, גוטע צײַטן. מען האָט געבאַקן, ווי אַמאָל די קאָרן־געבײַטלטע ברויטלעך.

ישׂראל האָט געקנעלט מיט די דרדקי־ייִנגלעך. אַקעגן איבער דעם אויוון איז געשטאַנען חנה־ריוועס בעט. ווי אַ משונהדיקע בריאה, אויף הויכע פיס איז זי געשטאַנען, געסקריפּעט, געציטשעט מיט רוגזה בײַ יעדן ריר.

פון אונטער אַ באַרג פּערענעס, קישנס, קאָלדרעס, האָט זיך קוים אַרויסגעזען חנה־ריוועס געל, פאַרטריקנט פּנים. אויפן הילצערנעם בענקל וואָס בײַ איר צוקאָפּנס, זענען געשטאַנען כל־המינים פלעשעלעך, סלאָיִיקלעך און שאַכטעלעך; דאָרטן זענען אויך געלעגן חנה־ריוועס שפּאָקולן, איר גראָבער קרבן־מנחה־סידור, תחינות און אַנדערע ספרים.

חנה־ריווע איז האַלב געזעסן, האַלב געלעגן אין בעט. שווער געאָטעמט, זיך פאַרגאַנגען אין אַ הוסט, געכראַקעט, געשנײַצט אין אַ האַנטעך, דערכאַפּט די נשמה מיט אַ זופּ זיסע טיי.

"שׂרה'לע, אַז די גויים פאַר דיר אַ כפּרה'לע, האָט חנה־ריווע גערעדט מיט אַ הייזעריקלעך מאַנצבילשן קול: "וואָס שטייסטו, גדולה מײַנע, ווי אַ גולם, פאַרוואָס בעמסטו זיך נישט צום ראַשטשיניען דאָס טייג? מיינסט עמעצער וועט עס טאָן פאַר דיר?" האָט שׂרה'לע נאָך העכער פאַרקאַטשערט די אַרבל, שטילינקע אַרויסגערעדט: "איך שטיי דען לײדיק מאַמעלע?". לאה'קע, די מיזשינקע, האָט געקנאָטן אַ דייזשע טייג.

"וועסט אַ מאָל אַרויס פון דער דייזשע?" האָט חנה־ריווע געפרעגט, הוסטנדיק. "אַז עס וואַקסט בײַ זיי אין די הענט. קוים וואָס מען רירט זיך". האָט לאה'קע פאַרביסן אַ ליפּ און געשוויגן.

שפּעטער האָט מען פונעם טייג אויסגעמאַכט לענגלעכע לעבעלעך ברויט, אַרײַנגעטאָן אין מולטערס פול מיט וואַסער, געלאָזט די ברויטלעך זיך ווייקן. "וויפל איז דער שיעור פאַרן ברויט צו ליגן אינעם וואַסער? אַז ליגן זאָלן אונדזערע שונאים אין געהאַקטע ווונדן, האָט חנה־ריווע געפרעגט מיט אַ גמרא־ניגון. "נעמט

עס שוין אַרויס פונעם וואַסער, אַז נעמען זאָל איך אַ גוט יאָר. צײַט צו זעצן אין אויוון אַרײַן". האָט מען געזעצט.

די מיידלעך האָבן זיך געיאָגט, געשוויצט פון דער שווערער אַרבעט, פון דער ה"ץ וואָס האָט געיאָגט פונעם אויוון. חנה־ריווע האָט אונטערגעטריבן: "טוט זיך אַ ריר יורשטעס מײַנע, דער טאָג שטייט נישט, איר וועט הײַנט נישט אַרויסקריכן פון דער אַרבעט, אַז קריכן זאָלן, שנואי־ציון, אויף אַלע פיר", און, הוסטנדיק: "דער קאָפּ איז זיי דען בײַ דער אַרבעט? אַז מען טוט און מען ליגט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן, איבער די מעשה־ביכלעך". די טעכטער האָבן אומעטיק געשמייכלט.

פון אויוון איז דאָס געבעקס אַרויס גלאַנציק־פאַרברוינט. שמעקעוודיק, קראַכקע. חנה־ריוועס ברויטלעך האָבן געהאָט אַ טעם און אַ שם.

*

ישראל חנה־ריוועס איז געווען אַ פּיצעלע ייִדעלע, מיטן ווינט אָוועקצובלאָזן. די לאַנגע, שוואַרצע באָרד האָט אים אַנגעהויבן וואַקסן באַלד בײַ די העל־בלויע אויגן, וואָס האָבן געקוקט מיט ייִנגלשן נײַגער, מיט פאַרוווּנדער, ווי זיי וואָלטן אַלץ וואָס זיי זעען, געזען צום ערשטן מאָל אין לעבן. פון אונטערן פאַרהויבענעם דאַשעק האָט אים אַראָפּגעשײַנט אַ קלאָר־ווײַסער שטערן. די פול אויפגעבלאָזענע ליפּן, די קורץ פאַריסענע נאָז, האָבן עדות געזאָגט אויף פּשטות און תמימות. ווי אַזוי ישראל האָט אויסגעהיט זײַן אַלט־אָפּגעריבענע קאַפּאָטע, עס זאָל אויף איר נישט פאַלן קיין שטויבעלע איז באמת געווען אַ ווונדער.

"ווי איר קוקט אים אָן", האָט חנה־ריווע געקלאָגט אויף איר דאָל"ע, "איז דאָך דער שלימזל מײַנער אַ מלא וגדוש, קלאָר אין ש"ס און אין פּוסקים ווי אַ פּראָסטער ייִד אין 'אשרי'. זיצט ער, מײַן ברויטגעבער און קנעלט מיט די ייִנגעלעך, לערנט זיי אלף־בית און אַ פּרשה חומש. שרײַבט פאַר זיי אַ שורה־גריזל, דערציילט זיי בבא־מעשיות, ריסעוועט פאַר זיי מענטשעלעך און צאַצקעלעך. איז עס דען אַ דרך פאַר אַ ייִד אַ למדן, אַ טאַטע פון כלה־מוידן?" האָט חנה־ריווע ווי אַרויס־געלייענט פון דער "צאינה וראינה". "פאַרוואָס נישט אַ גמרא־מלמד? און פאַר אַ מורה הוראה, צי כאָטש אַ דיין, וואָלט אים נישט געקלעקט זײַן לומדות?" האָבן אויפגעלויכטן אירע אויגן און באַלד זיך פאַרלאָשן. "נאָר וואָס קומט אַרויס פון די רייד?" האָט זי טיף אָפּגעזיפצט. אויסגעשטרעקט אַ דאַרע האַנט צום בענקל, גענומען דעם קב־הישר און זיך פאַרלייענט אין די ווונדערלעכע מעשיות און משלים.

ישראלן פלעגט אָפּטערס אויפקומען אויף דער מחשבה: אפשר איז טאַקע חנה־ריווע גערעכט? פאַרוואָס נישט אַ גמרא־מלמד? וואָלט ער כאָטש געווען אַ בעל־מלאכה, אַ סוחר. מיט איין וואָרט אַ מענטש וואָס זאָל זײַן מסוגל צי געבן ווײַב און קינדער פּרנסה. מען שמועסט נישט פון עשירות, מרבה נכסים מרבה דאגה. איז עס, אָבער, אַ יושר צי לאָזן פאַרזיצן די טעכטער בײַ עבודת־פּרך?

כאַטש ישראל האָט זיך פון דעם אַלעם אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, כאָטש חנה־ריוועס פּיזמונות וועגן פּרנסה און תּכלית זענען אים געווען זאַלץ אויף די ווונדן, איז אָבער דער גאַנצער ענין, אַפּנים, נישט דערגאַנגען ביז צו דער טיף פון זײַן האַרץ. ער פלעגט זיך טראַכטן: גיי זיי אַ בריה און משל אָפּ חנה־ריוועןָ, אַז ער האָט ליב די קינדערלעך אהבת־נפש. זייערע קולעכלעך קלינגען אים אין די אויערן ווי דודס פידעלע. אַז מען ברענגט זיי אין חדר אַרײַן, די צאָן־קדושים, זענען זיי דאָך אַ לב־טהור, לויטערע טאָוועלעך. אין אַ כהרף־עין זאָגן זיי שוין עברי ווי אַ וואַסער, טײַטשן אָפּ אַ פּסוק חומש, שרײַבן מיט פולכּנע הענטעלעך פּונקט אַזוינע פּערלדיקע אותיות ווי ער גופא. איז עס נישט גאָטס וווּנדער? איז ער געזעסן, ר׳ ישראל בײַם קאַרגן ביסל ליכט, וואָס די קליינע פענצטערלעך האָבן דורכגעלאָזט פון בלאָס־שאָטנדיקן דרויסן. געזעסן און געקנעלט מיט תּינוקות של בית רבן: אַלף אַן עקסעלע, בית אַ הייזעלע, גימל אַ קעמל. געלערנט, דערציילט מעשהלעך. זענען זיי געזעסן די ייִנגעלעך מיט צעעפנטע מײַלעכלעך און פאַרגאַפטע זיך אײַנגעהערט.

ישראל האָט אויך געדאַרפט אַרײַנטראָגן די שווער וואַגיקע זעקלעך מעל, אַרײַנברענגען דאָס וואַסער פון ווײַטן ברונעם. געווען, ווי מען זאָגט עס, דער חוטב עצים ושואב מים.

*

פונעם אַלקער וואָס, הינטערן אויוון, האָט זיך געטראָגן אַ גערויש פון ביי־מאַשינעס. די אַנדערע צוויי טעכטער, זענען דאָרט געזעסן און גענייט. וואָס אַלץ זיי האָבן נישט גענייט: קליידלעך, יאַקעס, זשופּיצעס, קאַפּאָטעס, זשאַקעטן, מאַנטלען און וואָס נישט. מענטשן זענען געקומען און אַוועק: ווער צו די מיידלעך אין אַלקער, ווער נאָכן געבעקס. די גאָס־טיר איז כמעט שטענדיק געווען אָפן. עס איז דאָרט אָפטערס געשטאַנען די ציג, מיט די הינטערשטע פיס אין דרויסן. איז זי אַזוי געשטאַנען, מעלה־גירהט און געטראַכט אירע ציגענע מחשבות.

וואָלט עס דען עמעצן אײַנגעפאַלן, וואָלט ווער געגלויבט, אַז ציפּע און דבורה, דעם דרדקי־מלמדס טעכטער, די שטילע טויבן זאָלן זײַן פאַרמישט אין די מעשים פון די אָרטיקע קאָמוניסטן? פּאָליציי־אַגענטן האָבן געזוכט און געפונען אין אַלקער, הינטערן וואַנט־שפּיגל, קאָמוניסטישן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל: פלוגבלעטלעך בראַשורן געדרוקט אויף דינעם פּאַפּיראָס־פּאַפּיר און דער עיקר — אַ רויט פענדל. עס איז געווען אַ סברא, אַז די געהיים־אַגענטן האָבן, בײַם זוכן, אונטערגעוואָרפן די טרייף־פּסולה סחורה. אַזוי לפּחות האָבן געטענהט ציפּע און דבורה. מען האָט עס נישט געקענט דערווײַזן. נישט קלאָר פאַרוואָס, האָט די פּאָליציי פאַרנומען נאָר די עלטערע טאָכטער ציפּע. געשמידט זי אין קייטן, געפירט איבער די שטעטלדיקע גאַסן אין פּאָליציי־צירקל.

וואָס עס האָט זיך נאָך דעם אָפּגעטאָן בײַ ישראל חנה־ריוועס אין שטוב, איז גרינג זיך צו משער זײַן. מען האָט אומזיסט געזוכט אַן עצה ווי אַזוי אויסצולייזן די

טאַכטער פֿון גוישקע הענט. דאָ האָט זיך ווידער אַ מאָל אָפּגעיאָוועט חיים דער רופֿא. דאָס מאָל ווי אַ מלאך־הגואל.

⁂

דער קאָמענדאַנט פֿון דער שטעטלדיקער פּאָליציי איז געווען אַ פּאַרהאַרטע־ווּעטער גוי, אָן סענטימענטן און אָן רחמנות. ״קאָמוניסטן און ייִדן״, פֿלעגט ער זאָגן, זענען פּוילנס גרעסטע שונאים״. איין מעלה האָט ער געהאַט, דער קאָמענדאַנט: ער האָט גענומען אין יד אַרײַן. מיט אַ פֿעטער מטבע, אַ ווערטפֿולע מתנה, האָט מען געקענט אָפּשרײַען אַ גזירה. די נאָכגיביקייט פֿונעם אָדון איז אָבער נישט חל געווען אויף ענינים וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט קאָמוניסטישע טעטיקייטן.

הויך, ברייטפּלייציק, דאָס פּנים רויט פֿון פֿאַרלאָפֿענעם בלוט, פֿלעגט ער שפּאַנען, דער קאָמענדאַנט, אין די שטעטלדיקע גאַסן, מיט זיכערע טריט, אַ פּאַפּיראָס־נעם קאָפּ. קיינער וואָלט נישט געזאָגט אַז דער אדון הגדול האָט געליטן פֿון כלערליי מיחושן, די בעסטע און באַרימטסטע דאָקטוירים זענען נישט געווען ביכולת פֿעסטצושטעלן, וואָס עס איז זײַן מחלה. נישט געפֿונען קיין תרופֿה.

איין מאָל, אין אַ פֿאַרנאַכט, אַז עס זענען, אַ פּנים, באַפֿאַלן דעם קאָמענדאַנט שטאַרקע ווייטיקן, האָט ער זיך אַרײַנגעשאַרט צו חיים דעם רופֿא אין שטוב אַרײַן. געטראַכט, מסתמא, אַז פֿאַרלירן קען ער גאָרנישט. אפֿשר, האָט ער אוודאי גערעכנט, וועט אים דער אַלטער, ייִדישער רופֿא אַרויסהעלפֿן. חיים דער רופֿא האָט זיך שטאַרק פֿאַרוווּנדערט און אפֿילו זיך אַ ביסל דערשראָקן: ווי קומט צו אים אין שטוב אַרײַן דער האַר און געביטער פֿון שטעטל?

אַז דער קאָמענדאַנט האָט אויסדערציילט פֿון אַלע זײַנע חולאתן און יסורים, האָט אים חיים דער רופֿא בודק געווען און געזאָגט: ״קודם־כל דאַרף מען שטעלן געהאַקטע באַנקעס, אָפּצוצאַפּן דאָס שלעכטע בלוט״. אומר ועושה: האָט דער רופֿא געשטעלט דעם קאָמענדאַנט געהאַקטע באַנקעס. נאָך דעם האָט ער אים פֿאַרטרויט: ״איך האָב אַ זעלטענע רפֿואה, וואָס מען קריגט זי נישט אין די אַפּטייקן. דאָס איז אַ רעצעפּט וואָס איך האָב באַקומען פֿון מײַן טאַטן דעם רופֿא און ער פֿון זײַן טאַטן. איר וועט עס נעמען און געהאָלפֿן ווערן״, האָט דער רופֿא אײַנגערוימט דעם קאָמענדאַנט אין אויער. אַרײַן אין שכנותדיקן צימער, אַרויסגעבראַכט אַ קליין פֿלעשעלע פֿול מיט אַ ראָזער פֿליסיקייט און געזאָגט: ״איר וועט עס אײַננעמען דרײַ מאָל אַ טאָג, יעדעס מאָל צען טראָפּנס אין אַ לעפֿל וואַסער״.

דער קאָמענדאַנט האָט אויסגענומען די טראָפּנס און גענעזן געוואָרן. עס זענען אים אַוועק אַלע ווייטיקן. ״איך פֿיל מיך״, האָט ער פֿאַרטרויט דעם רופֿא, ״ווי ניי־געבוירן״. נאָך דעם האָט דער קאָמענדאַנט נישט אָפּגעזאָגט קיין שום בקשה וואָס דער רופֿא האָט אים ווען געבעטן.

חיים האָט אויסגענוצט זײַן השפּעה אויפֿן קאָמענדאַנט, בעיקר, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט בדיני נפֿשות. אין פֿאַל פֿון אַרעסטן פֿאַר קאָמוניסטישע מעשׂים, האָט

ער זיך משתדל געווען פאַר דער באַפרײַונג פון די פאַרהאַלטענע, נאָר ווען ער איז געווען זיכער אַז זיי זענען אומשולדיק.

חיים דער רופא האָט נישט געצווייפלט, אַז ציפּע, ישראל חנה־ריוועס טאָכטער איז נישט קיין קאָמוניסטקע, אַז זי איז אַן אומשולדיקער קרבן. איז ער אַוועק צום קאָמענדאַנט, געבעטן זי באַפרײַען אויף זײַן אחריות. דער קאָמענדאַנט האָט דערפילט דעם רופאס בקשה מיט אַ תנאי: די באַפרײַונג זאָל בלײַבן בסוד. דאָס מיידל זאָל ערגעץ ווו אַוועקפאָרן פאַרשווינדן.

מען האָט ציפּען אַרויסגעפירט אין נאָענטן שטעטל. פון דאָרט איז זי מיט אַ גרופּע אַנדערע קאָמוניסטן אַוועק צו דער רוסישער גרענעץ און זי געגנבעט. מען איז געווען זיכער, אַז אין רוסלאַנד וועט מען די אַנטלאָפענע אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס.

שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט: די רוסישע גרענעץ־וואַך האָט פאַרנומען די אַנטלאָפענע יונגע־לײַט. מען האָט זיי באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן תפיסה.

עס וואָלט אפשר געווען כדאי מוסיף צו זיין צוליב טשיקאַוואַשטש וועגן: חיים דעם רופאס טראָפּנס וואָס האָבן פאַרטריבן דעם קאָמענדאַנטס אַלע ווייטיקן, זענען געווען נישט מער ווי אַ ביסל "מים אחרונים", ריינע וואַסער, ווי חיים דער רופא האָט אין אַ שעת־כושר דערקלערט.



## נײַע ביכער

**ישראל קאַפּלאַן** — "לעצטער פרילינג". היסטאָרישע נאָוועלע. פאַרלאַג "ישראל־בוך". הילפס־פאָנד פאַר יידיש־שאַפונג. תל־אביב, תשמ"ה—1985. פאָרטרעט געצייכנט פון מ. מילבערגער. 224 זייטן.

**חיים פלאָטקין** — "מיט אָפענער אויגן" (לידער). פאָרטרעט און צייכענונגען פון נעמי ק. פלאָטקין. פרץ־פאַרלאַג. תל־אביב, 1984. 216 זז.

מאיר חרץ

## ווען ביכל „דערציילונגען" פון דוד באַס

ווען ס׳איז מיר געקומען צו די הענט דאָס ביכל „דערציילונגען" פון דוד באַס און כ׳האָב עס גענומען לייענען, איז מיר פאָרגעקומען, אַז דער מחבר האָט צוערשט נישט געוווּסט, צי ער וועט קענען, צי סע וועט אים געלינגען, האָט ער געפּרוּווט, גענומען די פּען און דערזען, אַז ער קען, אַז סע גייט און נאָך ווי אַזוי. קיין חידוש נישט — לאַנגע יאָרן אַ העברעיִשער לערער אין פּוילישן ווײַסרוסלאַנד, אָדער ווי דאָס האָט שפּעטער בײַ די רוסן געהייסן — מערב־ווײַסרוסלאַנד. אַ לערער, וואָס ווייסט גוט די וואָג פון אותיות, די טײַטש פון ווערטער, די באַדײַטונג פון ליטעראַטור און דערבײַ אַ ייִד אַ ליטוואַק מיט דער באַוווּסטער טראַדיציאָנעלער באַציִונג צו ייִדיש מצד די ליטוואַקעס. נאָך דער מלחמה געווען יאָרן אַ מיטאַרבעטער פון ייִוואָ אין ניו־יאָרק, דערנאָך אַ מיטאַרבעטער פון „יד ושם" אין ירושלים, האָט אין אים אונטערבאַוווּסטזיניק זיך געריִפּט דער מחבר פון אָט די דערציילונגען.

ער מאַכט נישט דעם אָנשטעל, אַז ער קוקט אויף דער וועלט מיט די אויגן פון אַן ערשט־געבוירענעם, ווי גלײַך די וועלט וואָלט אַקערשט באַשאַפן געוואָרן. מיט קיין „בראשית ברא" הייבט זיך נישט אָן קיין איינע פון זײַנע דערציילונגען און אויב עמעצער וועט מיר זאָגן, אַז דערציילונגען אויף די זעלבע אָדער ענלעכע טעמעס האָט ער שוין געלייענט, וועל איך צוגעבן און נישט אין ווייניק וואַריאַנטן און איצט איז געקומען די ריי פון די ביז גאָר אינטערעסאַנטע וואַריאַנטן פון דוד באַס. ער איז אַ גוטער אַרכיטעקט, וואָס, אַז ער זעט דעם פּלאַן, די צייכענונג פון אַ הויז, זעט ער דאָס הויז ווי עס וועט אויסזען פּאַרטיקערהייט און אַז ער זעט אַ פּאַרטיק הויז, זעט ער אויך די צייכענונג לויט וועלכער דאָס הויז איז אויסגעבויט געוואָרן. איר טרעפט אין ביכל — זכרונות פון די לאַגערן אין רוסלאַנד און סתם זכרונות. אַ מעשה פון פּאַרצײַטן, טיפּן, אָפּרופן, מחשבותן, פּאַרשידנס, לידער, פעליעטאָנען און אַפילו אַן איבערזעצונג פון ענגליש.

אָט דערציילט ער אין זײַנע זכרונות ווי צוויי ייִדן, צוויי באַסאַראַבער ייִדן, שטרײַכט אונטער דער ליטוואַק דוד באַס, האָבן אין טאַשקענט אויפן טראַנזיט־לאַגער אויסגענאַרט בײַ אים זײַן רעקל פון בעסטן שטאָף און אָט טרעפן מיר אין זײַנע אָפּרופן דעם דיכטער משה קולבאַקן, וועלכער איז אַוועק אין זײַן אויס־געטרוימטן לאַנד און מיטגעיובלט, געטובלט זיך אין הייליקן וואַסער פון אָקטאָבער און ווער קאָן וויסן, גיט צו דער מחבר, אפשר האָט אַ ווייטיק משהס האַרץ געריסן, אפשר האָט געגריזשעט, ביז בלוט געבן זײַן „ווילנער" געוויסן? די שטאַרקסטע

איז טאַקע די סעריע דערציילונגען וועגן תפיסות און לאַגערן, די שבעה מדורי גיהנום פון סאָוועטישן גן עדן מיט אַלע טראַגישע און אויך קאָמישע זייטן. איר טרעפט אין אַפּטייל פון פאַרמלהמהדיקע זכרונות די האַניק־חדשים פון זיין מלמדישער פּראַקטיק דעם מחברס און די שוועריקייטן ביים באַקומען שכר לימוד און אַט טוט ער אַ שפּרונג פאַרויס צום פעלדמעסטער אַבראַם פון ראַטנפאַרבאַנד און צום פערדל "פרינץ" מיט וועלכן אונדזער מלמד האָט זיך ריטעריש ספּראַוועט. איר טרעפט די ניו־יאָרקער א טאַליענערין זשעניע, וואָס רעדט יידיש הלוואי אויף די דאַרטיקע יידישע קינדער היינט געזאָגט געוואָרן.

ביינאַנד מיט ערנסטע איבערלעבונגען ברענגט ער אויך אַ וויץ, אַ מעשה מיט לייוויקס אַ לעקציע אויף דער טעמע "אַלטע און נייע לידער", וואָס איינער אַ צוהערער האָט אויפגענומען ווי אַלטע און נייע לידערס, וואָס אויף ענגליש באַטייט עס מנהיגים, פירערס, וועלכע זענען, לויטן צוהערערס מיינונג, אַלע גנבים, שווינדלערס. מיר לאַכן, האָבן הנאה און פרעגן: וואָס טוט דער וויץ אין דאָזיקן ביכל? אויך די מעשה מיט די שטעלונגען פון נחום קולקעווער, כאָטש אָנגעשריבן קורץ און געדיכט, שוין צו קורץ און צו געדיכט, צעשטערט אָבער דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער, די גאַנצקייט פון ביכל. ווייזט אויס, דער מחבר האָט מורא געהאַט, אַז מער קיין ביכער וועט ער נישט אַרויסגעבן. אומזיסטע מורא. מיר דאַכט, אַז דוד באַס האָט נאָך אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן אונדז צו דערציילן און מיר זענען גרייט אים אויסצוהערן און אים צו לייענען.

---

# פון יענער זייט וועלט

## ל. פּאַדאַליער

### 1. צום אָנדענק פון אהרן ראַסקין ז״ל

ווען צו אונדז איז דערגאַנגען די טרויעריקע ידיעה פון מאָסקווע וועגן פּריצײַטיקן טויט פון אהרן ראַסקין — דעם באַקאַנטן ייִדיש־סאָוועטישן קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער, ווייס איך נישט, ווי ס׳האָבן זיך געשפּירט די אַלע אונדזערע ייִדיש־ייִדישע ליטעראַרישע תּקיפים און חשובע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן ווער מיט שטומשווײַגן, מיט גלײַכגילט און ווער מיט צינישע תּירוצים, אָפּגעוואָרפן דעם טראַגישן רוף צו זיי, וועלכער איז געדרוקט געוווען אין 11טן נומער פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ פאַרן יאָר 1980 א.נ.ב. ״ראַטעוועט דעם ייִדישן שרײַבער אהרן ראַסקין!״

זאָג איך ווידער — כ׳ווייס נישט ווי די אַלע האָבן זיך געשפּירט, וואָרשײַנלעך האָבן זיי אַ זאַטן קרעכץ געטאָן צוליב יוצא וועגן. די אַלע וואָס האָבן זיך יאָ אָפּגערופן און עפּעס באַוויזן צו טאָן — פרײַנד תּורן פון העברעיִשן פּען־קלוב אין ירושלים, דער וועלט־קאָנגרעס פאַר ייִדישער קולטור אין ניו־יאָרק און אהרון־אחרון חביב — איינער פון אונדזערע יונגע פרײַנד, אַ ייִדישער זשורנאַליסט און ליטעראַטור־פאָרשער, וועלכער האָט מיט אַ יאָר שפּעטער קומענדיק ווי אַן אַמעריקאַנער טוריסט קיין מאָסקווע, אויסגענוצט אונדזער רעקאָמענדאַציע און זיך געטראָפן אויג־אויף־אויג מיט ראַסקינען ז״ל, געבראַכט פיל טרייסט פאַר דער משפּחה ראַסקין, איבערגעבנדיק אַ לעבעדיקן גרוס פון ישראל און פון זײַנע קינדער און אייניקלעך אין ירושלים.

די אַלע וואָס האָבן זיך יאָ אָפּגערופן מיט וואָרט און מיט טאַט, האָבן זיך געשפּירט נאָכן באַקומען די ידיעה וועגן ראַסקינס פּריצײַטיקער פּטירה, וואָרשײַנלעך נישט בעסער פון אונדז — די רעדאַקציע־מיטגלידער פון אָט דער אויסגאַבע. און בײַ אונדז איז פאַרבליבן דאָס געפיל, גלײַך מיר אַליין וואָלטן אויך שולדיק געווען אין זײַן טויט און באמת, מיר דאַכט, אַז אפילו אין אונדזערע באַגרענעצטע מעגלעכקײַטן, האָבן מיר געקענט פיל מער אויפטאָן כּדי צו ראַטעווען ראַסקינען.

קענטיק, אַז די ק.ג.ב. בײַ דער הילף פון דער ווערגעליס־כּנופיה האָט אָנגענומען די סטראַטעגיע פון מער נישט אַרויסלאָזן קיין ייִדישע שרײַבער קיין ישראל — סײַדן זייער אַש, ווי דאָס איז געשען מיט באַוווסטן דיכטער יעקב שטערנבערג ז״ל.

דאַרפן מיר טאַקע שטיין אויף דער וואַך און טאָן אַלץ וואָס אפילו איבער

אונדזערע כוחות. ווייל ראַטעווען, אַרויסרײַסן אַ לעבעדיקע יידישע נשמה פון רוצחישע הענט, איז נישט ווייניקער וויכטיק פון קולטור־אונטערנעמונגען, הזכרה־אָוונטן און אפילו פון אַ וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור...

מיט העכער זיבן יאָר צוריק האָט אהרן ראַסקין געשריבן:

"ס'עקזיסטירט נישט אויף דער וועלט אַזאַ נאַטור־געזעץ וואָס קען פאַרווערן עלטערן וואָס לעבן און אָטעמען נאָך, אַרומנעמען צערטלעך זייערע קינדער, שפּילן זיך און לאַכן פון פרייד צוזאַמען מיט די ליבע אייניקלעך און אויף אַ רגע זיך אַליין פאַרוואַנדלען אין פּונקט אַזעלכע גליקלעכע קינדער"...

מעגלעך, אַז דאַן, ווען אהרן ראַסקין ז"ל האָט געשריבן די דאָזיקע שורות צו זײַנע קינדער, האָט ער נישט געקלערט אַז אפילו אַזאַ מעכטיקער כוח פון בענקשאַפט און ליבשאַפט קען צעריבן ווערן אויף שטויב צווישן די רוצחישע מילשטיינער פון סאָוועטישער געזעצלאָזיקייט.

אהרן ראַסקין איז נישט געווען קיין עליה־אַקטיוויסט, ער האָט נישט געקלאַפּט אין די קאַזיאָנע טירן, נישט אָפּגעשלאָגן קיין שוועלן ביי די אָפיציעלע אינסטאַנצן, נישט געשריגן און נישט געפאָדערט קיין יושר און קיין צדק ביי די פאַרביסענע אַנטיסעמיטן. זיבן יאָר האָט ער שטיל אײַנגעגעבן זײַנע בקשות מע זאָל אים און זײַן פרוי לאָזן צו די קינדער, זיבן יאָר האָט ער שטיל געוואַרט אויף דער שעה פון רחמים. זיך נישט דערוואַרט — זײַן האַרץ האָט געפּלאַצט פון ווײ און פון בענקשאַפט.

נאָך איין יידישער שרײַבער איז צוגעקומען צו די קרבנות פון די סאָוועטישע שונאי ישראל. לאָמיר דאָס פאַרגעדענקען און אָפּגעבן כבוד דעם ליכטיקן אָנדענק פון אהרן ראַסקין ז"ל.

## 2. "גוטע בשורות" פון מאָסקווע

די יידיש־אָפּטיילונג פון ראַדיאָ "קול ישראל" האָט זיך געמאַכט אַ טבע. — אמת, נישט אַזוי אָפט, נאָר אַזוי זיך, איין מאָל אין יאָר, — אַ קלוגע טאָן אומגעריכט קײַן מאָסקווע, גלײַך אין רעדאַקציע פון "סאָוועטיש היימלאַנד" און כאַפּן אַ שטיקל שמועס דירעקט מיט אים, מיטן שעף־רעדאַקטאָר אַליין.

כ'וויס נישט צוליב וואָס טוען זיי דאָס, אונדזערע קול־ישראליסטן — מעגלעך סתם צוליב אַ קיצל טאָן דעם יידיש־צוהערער מיט אַ סענסאַציע און אפשר קלערן זיי גאָר אַ כאַפּ טאָן אויף דער וועגדיקע דאָס סאָוועטישע "קאַרפּן־קעפּל", אַ פּיק טאָן די צונג בײַ אים, אַזוי אַז פון גרויס איבערראַשונג זאָל ער אַרויס־פּלאַפּלען עפּעס אַ וואָר וואָרט וואָס סע טוט זיך דאָרטן אין חדר... אָבער פּוסטע חלומות, דער בעל דבר האָט זיך לעצטנס אויסגעלערנט נישט ווערן איבערראַשט פון אומגעריכטקייט. ער ענטפערט שוין אפילו מיט גרויס גרייטקייט, דײַטלעך און קאַטעגאָריש.

צוריק מיט אַ יאָר, אין טאָג פון 12טן אויגוסט, נאָכן טרויער־מיטינג לזכר די

אומגעבראַכטע ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבער און קולטור־טוער בײַ דעם מעמאָריאַל־טאָוול אין ירושלים, האָט אין מאָסקווע זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן אויפן טיש פון שעף־רעדאַקטאָר.

— יאָ, יאָ — איך הער, אָך — פון ״קול ישראל״... זייער אָנגענעם...

— אונדז אינטערעסירט ווי אַזוי צייכנט איר אָפּ דעם טרויער־טאָג פון 12טן אויגוסט.

דאָ, אין ״קול ישראל״, האָט מען אוודאי געקלערט, אַז ווערגעליס ווייסט נישט וואָס ס׳איז אַזוינס פאַרגעקומען דעם 12טן אויגוסט, און ער וועט געוויס איבער־פרעגן: ״וואָס איז דאָס פאַר אַ מין טרויער־טאָג ?״

ווײַזט זיך אָבער אַרויס אַז ער געדענקט דווקא, געזונט אָן אײַזן (כאָטש דעם אָנשטעל מאַכט מען דאָרט אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״ אַז אַזאַ דאַטע עקזיסטירט בכלל נישט אין זייער קאַלענדאַר). זעט איר דאָך, ווי ער געדענקט:

— מיר צייכענען אָפּ, זאָגט ער, דעם אָנדענק פון אונדזערע שרײַבער נישט מיט קיין אַנטיסאָוועטישע טרויער־מאַניפעסטאַציעס, נאָר מיט אַרויסגעבן זייערע סאָוועטישע ווערק...

זעט איר שוין ווי ״פיקס און פערטיק״ מען פרוווט באַרעכטיקן די טויט־פאַרשווייגעניש פון אַן אומגעבראַכטער ייִדישער קולטור ? !

ס׳ווילט זיך שוין נישט קעגנשטעלן אונדזער באַהויפּטונג, אַז די דערשיינענע דאָרט צענזורירטע ביכער זענען אויס גאַנץ נעבעכדיק קעגן די פּרעכטיק־אַרויס געגעבענע אין ישראל בענדער פון האָפשטיין, בערגעלסאָן, מאַרקיש, קוויטקאָ, קיפּניס און אַנדערע סײַ אין ייִדיש, סײַ אין עברית־איבערזעצונג, שוין נישט רעדנדיק וועגן די סאָלידע וויסנשאַפטלעכע פאַרש־אויסגאַבעס פון ירושלימער אוניווערסיטעט.

דאָך לוינט זיך אָפּמערקן אויך ״גוטע״, ריכטיקער אַ ביסל ״בעסערע״ בשורות, וועלכע דער שעף־רעדאַקטאָר האָט צו וויסן געטאָן פון מאָסקווע: ווײַזט זיך אַרויס — ״אַ גרויסע אויפלעבונג״ אויף דער ייִדישער קולטור־גאַס אין מאָסקווע.

ס׳גאַסטראָלירט, ווײַזט זיך אַרויס, מיט גרויס דערפאָלג אַ טעאַטער־אַנסאַמבל *. ווייס איך נישט וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די נײַע טעאַטער־גרופּע. מעגלעך אפילו, אַז זיי שפּילן אויף אַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ און זיי ציִען צו אַ גרויסן צושויער־עולם, וואָס איז אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַ לעבעדיק ייִדיש וואָרט.

אָבער ס׳גלויבט זיך נישט, אַז די רוסלענדישע ייִדן זאָלן נישט פאַרשטיין, אַז די נײַע טעאַטער־גרופּע איז אויפגעקומען לויטן באַפעל פון די זעלבע באַלעבאַטים, וואָס האָבן אין יאָר 1948 אומגעבראַכט דעם גרויסן ייִדישן פאָלקס־אַרטיסט שלמה מיכאָעלס, אין 1949 — צעטריבן דעם מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, און 1952 — צעשאָסן דעם וווּנדערלעכן בינע־קינסטלער בנימין זוסקין.

* לויט די לעצט־דערגאַנגענע ידיעות האָט שוין איר ״טאַלאַנטפולער לייטער און רעזשיסער״ עמיגרירט אָדער פּליטה געמאַכט אין דער שווייץ.

נאך "גוטע בשורות" פון מאסקווע: קורסן צום דערלערנען יידיש, א יידישע "אזבוקא". ארויסגעלאזט אין ביראבידזשאן, דער יידיש־סעמינאר ביים מאסקווער ליטעראַרישן הערצען־אינסטיטוט... ווער פארשטייט נישט, אז דאס אלץ איז אן אויפטו פון די זעלבע, וואס האבן אין די דרייסיקער יארן ליקווידירט יידישע שולן און קולטור־אינסטיטוציעס, דערמארדעט כאריקן, קולבאקן, אקסעלראדן און אנדערע שרייבער, אין די פערציקער, אנהויב פופציקער — צעטריבן דעם "עמעס"־פארלאג, ליקווידירט די לעצטע צייטונג, "אייניקייט", דורכגעפירט מאסן־ארעסטן פון יידישע שרייבער, וויסנשאפטלער און קולטור־טוער און ענדלעך אין אויגוסט 1952 — צעשאסן די וויכטיקסטע יידישע שרייבער און קינסטלער, פון סאוועטן־פארבאנד!

פרעגט זיך א קשיא: צוליב וואס טוען זיי דאס? אפשר טוען זיי תשובה פאר זייערע פריערדיקע מערדערייען און פארברעכנס?

אזא זאך איז פשוט לעכערלעך, בפרט נאך ביי די איצטיקע צייטן, וועלכע דערמאנען די שווארצע יארן פון סאוועטישן יידנטום — 1948־1953 — יארן פון דורכאויסיקע אנטיסעמיטישע פראוואקאציעס און טייוול־פראצעסן.

ווען זיי גיבן דארט ארויס א רוסיש־יידישן ווערטערבוך איז וויכטיק צו וויסן, אז דעם דאזיקן פרעכטיקן בוך האבן באפוילן ארויסצוגעבן די יורשים פון יענע מערדער, וואס האבן כמעט מיט פופציק יאר צוריק אומגעבראכט די גרעסטע מערהייט יידישע שפראך־פארשער, וועלכע האבן זיך געמיט איבער דעם דאזיקן ווערטערבוך. ער איז איצטער דערשינען לויטן באפעל פון די זעלבע באלעבאטים, וואס רודפן און זעצן איצט אין די טורמעס און לאגערן צענדליקער יונגעלייט, בלויז דערפאר וואס זיי דערוועגן זיך צו לערנען עברית, און זיי ווילן זיך ארויס־רייסן קיין ישראל.

אפשר סטארען זיי זיך אזוי פאר יידיש, צוליב אפווענדן די יידישע מאסן, בעיקר די יוגנט וואס פאדערט מע זאל זיי דערלויבן עולה צו זיין קיין ישראל? אפווענדן פון פאלק, פון לאנד, פון עברית?

ניין און ווידער א מאל ניין! אפילו זיי, די טעמפע קופערנע קעפ פון דער ק.ג.ב. גלייבן נישט, בין איך זיכער, אז דאס קען זיך זיי איינגעבן!

דער איינציקער ענטפער קאן זיין אז די אזוי־גערופענע "יידיש־אויפלעבונג" איז נישט מער ווי א צייטווייליקער פראפאגאנדע־קאמופליאזש בעיקר צוליבן אויסערלעכן געברויך כדי איבערצייגן נאיווע יידישע פראסאוועטיסטן, וואס ציילן זיך שוין אלץ ווייניקער און ווייניקער אפילו אויף דער פרייער מערב־וועלט: זעט, אבי מען זאגט אז מיר זענען אנטיסעמיטן, און צוואנגס־אסימיליאטארן — מיר אנטוויקלען דאך די יידישע סאוועטישע קולטור!

וואס שייך די וואס פארקען זיך ארום דעם אנטי־יידישן זשורנאל מיט יידישע אותיות, ווינטש איך אפילו זיי נישט דעם זעלבן סוף, וועלכן ס'האבן געהאט די טרויעריק־בארימטע יעווסעקן, וועלכע האבן צו זייער צייט אקטיוו מיטגעהאלפן צו ליקווידירן חדרים, בתי מדרשים און די ערשטע שפראצונגען פון דער יונגער דאן סאוועטיש־העברעישער קולטור. חלילה וחס — סע זאל צו דעם נישט קומען!

## אברהם בעלאָוו

# דער זינגער אין שטייג...

(וועגן לענינגראַדער קאָמפּאָזיטאָר הירש פּײַקין)

קיין ישראל זענען דערגאַנגען אייניקע שאַפונגען פון באַקאַנטן לענינגראַדער קאָמפּאָזיטאָר הירש פּײַקין. אונדזער מוזיקאַלע געזעלשאַפטלעכקייט האָט באַוונדערס וואַרעם און מיט גרויס אינטערעס אויפגענומען פּײַקינס אָפּערע „יהודה הלוי", איבער וועלכער דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געאַרבעט קאַרגע פיר יאָר, אויך אַ ריי לידער אויף די פּאָעטישע טעקסטן פון אברהם אבן־עזרא, שלמה אבן־גבירול, חיים נחמן ביאַליק און אַנדערע קלאַסיקער.

ווי ס'האָט זיך לעצטנס אַרויסגעוויזן האָט פּײַקין אויך פאַרפאַסט אַ סעריע לירישע געזאַנגען אויף זײַנע אייגענע טעקסטן בעיקר אין יידיש־לשון. איינע פון די דאָזיקע לידער „פלי, פייגעלע" האָט דער מחבר מיט אַ צײַט צוריק אַרײַנגעשיקט קיין ירושלים, צום באַוווסטן פאָרשער פון אונדזער מיטלאַלטערלעכער דיכטונג — דעם ד"ר דב ירדן. „מיר דאַכט — שרייבט דער קאָמפּאָזיטאָר אין זײַן באַגלייטונגס־בריוול — אַז דאָס דאָזיקע ליד, נייטיקט זיך נישט אין קיינע קאָמענטאַרן"...

דאָך, קלערן מיר, זענען פאָרט נייטיק אייניקע קאָמענטאַרן. דאָס ליד איז געבוירן געוואָרן גלײַך נאָך דעם ווי דעם קאָמפּאָזיטאָר האָט מען אויף ס'נײַ אָפּגעזאָגט אין זײַן בקשה מע זאָל אים דערלויבן עולה צו זיין קיין ישראל. דאָס ליד קלינגט ווי וויי־געשריי פון טיפן הארץ אַרויס. און ס'בלײַבט דעם זינגער נישט מער ווי צו באַגלייטן מיט ברכה דאָס פרײַע פייגעלע, וואָס „ווייסט נישט קיין גרענעץ און דאַרף נישט קיין וויזעס" כדי צו פליִען אַהין, אויף מזרח — צום לאַנד פון זײַן בענקשאַפט...

הירש פּײַקין האָט פון די ערשטע טעג אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן פון דער אַנטי־נאַצי־מלחמה, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט אויף די חורבות פון געפאַלענעם בערלין. שפּעטער, נאָך דער אויסשולונג אין דער לענינגראַדער מוזיקאַלער קאָנסערוואַטאָריע איז ער פיל יאָרן טעטיק ווי אַ פּעדאַגאָג און קאָמפּאָזיטאָר. 20 יאָר האָט ער געלייענט לעקציעס וועגן עסטעטיק אין פּעדאַגאָגישן הערצען־אינסטיטוט און אין די מוזיק־שולן פון לענינגראַד. גלײַכצײַטיק האָט ער גלענצנדיק באַאַרבעט און אינטערפּעטירט דעם מוזיקאַלישן פאָלקלאָר פון די צפון־פעלקער. פאַר דער צײַט פאַרפאַסט ער צענדליקער לידער, כאָר־געזאַנגען, טענץ, אינסטרומענטאַלע פּיעסן, וועלכע זענען פּאָפּולער געוואָרן אויף די עסטראַדע־

קאָנצערטן און אין די פילאַרמאָניע־זאַלן, זיי זענען אויך טראַנסלירט געוואָרן דורך דער אַלפאַרבאַנדישער ראַדיאָ; פיל פון זײַנע שאַפונגען זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן און זײַן כאָר־קאָמפּאָזיציע „פּוטינאַ“, האָט אין יאָר 1962 דעראָבערט דעם ערשטן פּרײַז אויף דעם אַלפאַרבאַנדישן קאָנקורס פאַר דער בעסטער מאַסן־ליד.

גלײַכצײַטיק האָט ער אַלע זײַנע יאָרן זיך באַגײַסטערט מיט דער ייִדישער מוזיק און געאַרבעט איבער אונדזערע פאָלקס־לידער און ניגונים. ער האָט אָבער גוט־פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע שאַפונגען זײַנע וועלן קיין מאָל נישט דערלאָזט ווערן צו דער עפנטלעכקייט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד...

נאָר אָט איז געקומען דער טאָג, ווען פײַקין האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ לידער־זאַמלונג פון יהודה הלוי, די פּאָעזיע און די ביאָגראַפיע פון אָט דעם מעכטיקן דיכטער, אפילו אין דער רוסישער איבערזעצונג, האָבן אויפגעטרייסלט דאָס געמיט פון קאָמפּאָזיטאָר.

ער הייבט אָן צו דערלערנען די העברעיִשע שפּראַך, כדי צו לייענען יהודה הלוי אין אָריגינאַל. פאַרטיפנדיק זיך אַלץ מער אין דער דיכטונג פון יהודה הלוי און זײַנע מיטצײַטלער, ווילט זיך אים אַלץ מער, אַז אויך אַנדערע זאָלן געניסן פון זייערע געניִאַלע שאַפונגען. פײַקין פאַרפאַסט אַ ריי ראָמאַנסן אויף די לידער־טעקסטן פון די באַרימטע דיכטער און שפּעטער — די אָפּערע „יהודה הלוי“. דער קאָמפּאָזיטאָר שאַפט אויך די ליברעטאָ. דער סוזשעט באַזירט זיך אויף היסטאָרישע פאַקטן און געשעענישן — דער פּאָגראָם אין טאָלעדאָ און די אַנטשיידונג פון אַלטן דיכטער צו פאַרלאָזן שפּאַניע און אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. אַלע אַריִעס, דועטן טריאָ־ און כאָר־געזאַנגען זענען געשאַפן געוואָרן אויף די אָריגינעלע לידער־טעקסטן פון יהודה הלוי און זײַנע מיטצײַטלער.

צוזאַמען מיט אַ גרופּע לעבינגראַדער סירובניקעס שאַפט הירש פײַקין און זײַן פרוי חיה (אַ פּראָפעסיאָנעלע זינגערין) אַ זעלבסט־טעטיקן מוזיקאַל־וואָקאַלישן אַנסאַמבל „לחיים“. אָבער גלײַך נאָך די ערשטע דערפאָלגרײַכע אַרויסטרעטונגען אין פּריוואַטע הײַזער, ווערט דער אַנסאַמבל ליקווידירט איבער די דראָענדיקע פאַרפאָלגונגען פון דער ק.ג.ב.

איצט איז פײַקין אַלט בײַ די זיבעציק. ער קרענקט אָפּט און איז לעצטנס צוויי חדשים געלעגן אין שפּיטאָל. דאָך פאַרלירט ער נישט זײַן הייסע האָפענונג עולה צו זײַן קיין ישראל און ער שאַפט מיט יוגנטלעכער לײַדנשאַפט אַלץ נײַע און נײַע ווערק. איצט האָט ער אַרויסגעענדיקט זײַן באַלעט „מצדה“...

נישט לאַנג צוריק האָבן מיר באַקומען זײַנס אַ נײַעם מוזיקאַלן ציקל א.ב. „לידער פון דער אַמאָליקער פּאַלעסטינע“, וואָס באַשטייט פון פיר שאַפונגען: „דאָס קעמל“, „הורה“, „ירדן“, „אַ ליבע־ליד“.

הירש פײַקין

## פלי, פייגעלע

פלי זשע, פלי זשע, פלינקער אויף מזרח,
פייגעלע מיינס, זײַ מיר געבענטשט.
ווייסט נישט קיין גרענעץ, דו דאַרפסט ניט קיין וויזע,
אַ, סאַראַ גליק, וואָס דו ביסט ניט קיין מענטש!
אַ שוואַרצע נאַכט איז געקומען צו מיר,
אַ שוואַרצע נאַכט, אוי ווי, ברעכט שוין מײַן טיר.
סע גיסט אַ רעגן און ס׳וויעט אַ ווינט,
דאָס האַרץ טוט ווי און וויינט ווי אַ קינד.
פייגעלעך, פייגעלעך, לאָזט נישט אַליין,
די בענקשאַפט קען שפּאַלטן אפילו אַ שטיין...
פייגעלעך, פליִען צו פרייד און צו ליכט,
פייגעלעך פרײַע, זיי הערן מיך ניט!
פייגעלעך, פליִען צו פרייד און צו ליכט,
פייגעלעך פרײַע, זיי הערן מיך ניט!

די העברעיִשע איבערזעצונג:

## עופי צפורתי

עופי נא, עופי, צפורה שלי
מזל לך, מזל, הרבה שמחה לך
תחזקנה כנפיך, צפור, מחמלי
עופי מעבר לגבול — למזרח!
לילה שחור הנה־זה הגיע אלי
לילה שחור התפרץ בדלתי, אללי!
נתך כל הלילה גשם זועם
כואב לבבי — כטפות הוא פועם!
אל תעזבוני, צפרים — צפורי
לעוף מה חפצתי אלי יקירי —
ללא דרכונים עפות צפורי —
וכלל אין שומעות את קול דבורי!
ללא דרכונים עפות צפורי —
וכלל אין שומעות את קול דבורי!

תרגום: שמואל ירדן

## חנן קיעל

# האַרבסטיקע טעג

## ווען ניט

ווען ניט דער גליענדיקער פּחד פֿאַרן לעצטן הויך,
וואָלטן אונדז די גראָבע יונגען
לעבעדיק אײַנגעשלונגען.

ווען ניט לבנהדיקער שמייכל
אין דער סאַמעטענער נאַכט,
וואָלטן זיך פֿאַרליבטע ניט דערקענט,
ווי פֿרעמדע שאָטנס אויף די ווענט.

ווען ניט דער דרימלדיקער דאַך,
די הונגעריקע שפּערעלעך וואָס טשווירקען קוים,
וואָלטן ניט געווען קיין לידער און קיין טרוים.

ווען ניט מײַן אייניקל, די ווילדע רויז
אויפֿן רויט-צעפֿלאַמטן ברעג,
וואָלטן אויסגעשפּילטע פֿידלען געבליבן מײַן פֿאַרמעג.

## בלעטער-געזאַנג

אונדזערע האַרבסטיק-אָראַנזשענע טעג
טרינקען פֿון הימל-ראַנד ס׳לעצט ביסל ווײַן
טראָפּן ליכט רינט פֿון רויט צעגאָסענעם
פֿײַער-פֿלאַם
און פֿאַלט אַרײַן אין שוואַרצן ים.

איןווירבל־ווינט
מיר זענען דאָס גאָלדענע בלעטער־געזאַנג,
מידע ציגײַנער אויפֿן בלויען וועג
שלעפֿן זיך מיטן פּאָעטישן פֿאַרמעג.

אין פֿראָסטיקן שבט
וועלן טשווירקענדיקע פֿייגל אין שניי
אויספּיקן קרישקעס בענקשאַפֿט און פּײַן
און זיך אָנשיכורן מיטן זאַפֿטיקן חלום
פֿון אונדזער גניזהדיקן ווײַן.

## אין שקיעהדיקן פֿלאַשינג

דער לעצט־באַגילדטער חשוון־טאָג
מיט גרויע דרעמל־אויגן
האָט מיר אָנגעטאָן די וואַנדער־טאָרבע
און באַגלייט צום גורלדיקן ראָג.

דאָס געבלעטער אין די ראָוון
האָט געווייקט זיך מיט חסידישע הויפֿן,
ליידיקע וויליעס,
צעשראָקענע סאָסנעס האָבן געדאַוונט
היימלאָזע תּפֿילות.

ווען מיט מײַן שאָטן־חבר
אַוועק כ׳בין אין ווײנענדיקן רעגן,
אויף יענער זײַט סוף
האָבן נעכט שוין געבראַנדיקט אַלע וועגן.

אויף יענער זײַט סוף וועלן האַרבסטן
פֿאַרשלעפֿערן וועלדער און לאַנעס,
הייזעריק וועלן קראַקן די קראָען
און וווּנדיקן אונדזערע ראַנעס.

נאָר יענער לעצט־באַגילדטער חשוון־טאָג
אין נעציקן וואַלד פֿאַרלאָשן
איז מיר נאָך הײַנט אַ וואַנדער־שאָטן
אין שקיעהדיקן פֿלאַשינג.

## פֿאַרשפּעטיקטער פֿרילינג

כ׳וועל אָנטאָן ס׳פּנים פֿון אַ ייִנגל ווילד צעלאָזן,
זאָל אויף מײַנע זילבער-האָר אַ פֿלייץ טאָן
דער ערשטער וועסנע-רעגן, און אויף נאַסע גראָזן
מיט מײַן עלטער אויף להכעיס זיך אַ רייץ טאָן.

כ׳בין די ווײַנענדיקע ווערבע פֿון אַלע צײַט-יאָרן:
אין האַרבסט-ווינט, אין ווינטערדיקן ווײַסן שווײַגן;
נאָר הײַנט וועל איך אַראָפּשווענקען דעם טרויער פֿון זכרון
אים אַרויסהענגען אויף די בליענדיקע צווײַגן.

לאָמיר אויסלופֿטערן אונדזער ערב-פּסחדיקע נעסט
און אויפֿנעמען פֿון מידן וואָנדערוועג די פֿייגל-אורחים;
מיר קענען ניט די פֿרעמדע יום-טובדיקע געסט,
נאָר זיי וועלן נסימדיק אַרײַנפֿליען בעל כרחו.

ווי פּרצעס שפּעט-רויז, אונטער דײַן השגחה
כ׳וועל זיך אויסבאַהאַלטן פֿון ווינטיקן געפֿאַר,
ביז ס׳וועט צעזונגען זיך אונדזער צויבער-סאָכע,
דער פֿרילינג זאָל ניט וויאַנען אין מײַן וואָקאַבולאַר.

האַלט אײַן דעם וואָגן אויף בלאָנקענדיקע שטראָזן,
מאַנגערס שאַליקל טו אויס פֿון אונדזער ליד,
כ׳וועל אָנטאָן ס׳פּנים פֿון אַ ייִנגל ווילד צעלאָזן,
שאַריען זאָל דער פֿרילינג הײַנט אין מײַן געמיט.

# דער יידישער דיכטער שלמה רויטמאַן ז״ל

ס'איז נאָך פריש דער צער, זינט ס'איז פון אונדז פריצייטיק אוועק שלמה רויטמאַן ז״ל.

ער איז געווען אַ דיכטער פון טיפן לירישן אָטעם און פון עפּישער רחבות. זיין פּאָעטישער טאַלאַנט האָט פילקאַנטיק געפינקלט און גע־שטראַלט מיט גאָר זיין שיין־און־פיין. ברייטהאַרציק און קאַלירפול האָט זיך געשפּרייט זיין שעפערישע עשירות — אַ מייסטער פון דער קורצער אַפאָריסטישער ליד, האָט ער גלייכצייטיק געשאַפן גרעסערע פּאָעמען פול מיט זאַפטיקע שטייגער־בילדער און געשמאַקער פאָלקסטימלעכקייט. ער האָט אויף ס'ניי איבערגעשליפן דעם אַלטן קלאַסישן סאָנעט און אַריינ־געהויכט אין אים, דאָס אייגענע האַרץ דאָס האַרץ פון יידישן דיכטער, וואָס בלוטיקט מיט גאָר דער וואָר פון אונדזער צייט, פון אונדזער פאָלק און לאַנד.

כבוד זיין אָנדענק!

## קורצע ידיעות וועגן שלמה רויטמאַן ז״ל

געבוירן אין יאָר 1913, אין מאַלעוו־פּאָדאָלסק. געלערנט אין אַ יידישער שול. אין 1938 געענדיקט דעם מאָסקווער פּע־דאַגאָגישן אינסטיטוט (אָפּטייל פאַר יידישער שפּראַך און ליטעראַטור) דאָרטן פאַרטיידיקט זיין דיסערטאַציע אויפן טיטל ״קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן״. געווען לע־רער אין אַ מיטלשול און לעקטאָר אין אַרמיי. שפּעטער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר אין פאַרלאַג ״עמעס״. זינט 1949 — דאָצענט פון מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין יאָשקאַר־אָלאַ (מאַריישע־אויטאָנאָמע רעפּובליק).

אין יאָר 1973 עולה געווען קיין ישראל, זיך באַזעצט אין הרצליה. געשריבן אויף עסייען און קריטיק. לאַורעאַט פון מאַנגער־פּרייז און פּרעמירט פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.

פולע רשימה פון שלמה רויטמאַנס ווערק:

**וויינגערטנער**, מאָסקווע 1941; **גוטמאַרגן, זינגער**, מאָסקווע 1947; **דער מאַמעס ניגון**, מאָסקווע 1971; **דער ליץ און דער ריטער**, תל־אביב 1975; **מיין ישראלדיק שופרל**, רמת השרון 1976; **סאָנעטן**, רמת השרון 1977; **הרצליהער סטראָפעס**, תל־אביב 1980; **פאָלקסטימלעכע לידער**, תל־אביב 1982; **לירישער אָטעם** (סאָנעטן), תל־אביב 1984. אין לידער־זאַמלונג איבערזעצט אין רוסיש און אייניקע — אין מאַרי־לשון.

# שלמה רויטמאַן ז״ל

**צוויי סאָנעטן פֿון לעצטן בוך ״לירישער אַטעם״**

## 1. תל-אביב

פֿון דעם מיטלענדישן, זײַן סודותדיקער טיף
לויפֿט אַלע נאַכט אַ וואַסער-מיידל פֿלינק אַרויס,
מיט פֿײַכטע ליפּן, כוואַליע-בריסטן, לינדן שויס
זי כאַפּט אַרום אַזוי פֿאַרליבט דיך, תל-אביב.

זי קילט דײַן לײַב מיט אַזאַ ריינעם טויען-טריף,
וואַשט אָפּ דעם שטויב פֿון דיר, באַפֿײַכט דײַן שיינע רויז
און זאָגט דיר — ״קום, מײַן ריטער, צו מײַן בלויער שיף,
דאָס גאָלדן פֿישעלע פֿון גליק דיך וואַרט פֿאַרויס״.

נאָר דו, וואָס האָסט פֿאַר יעדן זעמדעלע געצאָלט, —
דו האַלטסט נאָך טײַערער דײַן ברעג פֿון רהודעס גאָלד,
דײַן ברעג — אַ כוואַליע זאַמד און אויך אַ כוואַליע ים,
און דו אויף זיי שטייסט, ווי אַ גיבור פֿעסט אויף פֿיס,
דערפֿאַר געזאַלצן איז דײַן ליבע אויפֿן טעם
און ס׳איז דײַן פֿרוכט, וואָס וואַקסט פֿון זאַמד, באַזונדערס זיס.

.10.1.1981

## 2. וועגן מײַן אָפּשייד

אַוועקצוגיין פֿון דיר וועט זײַן מיר אַזוי שווער,
ווײַל ס׳ליבן מײַנע פֿיס דײַן האַרטן גרונט, דײַן האַרבן,
צי לאָזן וועסטו כאָטשבי אויך בסוד אַ טרער,
ווען דײַן פּאָעט, ישראל-לעב, בײַ דיר וועט שטאַרבן.

ווי קען עס זײַן געמאָלט, אַז איך שוין מער ניט הער
דײַן פויערליד, ווען דו הייבסט אָן צו בינדן גאַרבן,
ווי קען עס זײַן געמאָלט, מײַן אויג שוין פֿילט ניט מער
דעם קוש פֿון דײַנע שיינע הימלדיקע פֿאַרבן.

ווי קען פֿאַרשטאָפּט מיט קלעפּיק ליים גאָר זײַן מײַן נאָז,
אַז כ׳זאָל ניט קענען שמעקן מער דײַן פּשוט גראָז?
ניט קענען טרינקען מער דעם דופֿט פֿון די מאַראַנצן
און בלײַבן פּלוצעם אויסערלופֿט דײַנער אין גאַנצן?

מיר דאַכטן וועט, ווען שטאַרבן דאַרפֿן כ׳וועל אַ מאָל, —
פֿון דײַנע בערג כ׳לאָז נאָר אַראָפּ זיך אין דײַן טאָל.



**נײַע ביכער**

**יצחק יאַנאַסאָוויטש** — ״פּנימער און נעמען״, באַנד דרײַ. עסייען, אָפּהאַנדלונגען און רעצענזיעס. פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1985. שער בלאַט: א. זילבערשטיין, פּאָרטרעט פֿון מחבר: משה בערנשטיין. 352 זײַטן.

**יוסף פּאַפּערניקאָוו** — ״באַנײַונג״ — לידער. אַן אָפּקלײַב פֿון 5 לידער־ביכער. פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1985. הקדמה פֿון אברהם ליס א.ג. ״יוסף פּאַפּערניקאָוו צום יובל פֿון זײַן ארץ־ישׂראלדיקן שאַפֿן״. 144 זײַטן.

# יצחק הרכבי

## 1. אַ גאַנג פון אַ יידישן מענטש

### דוד ספּאַרד: "מיט זיך און מיט אַנדערע"

פונעם בוך "מיט זיך און מיט אַנדערע" פון דוד ספּאַרד ז"ל גיט אויף אונדז אַ ווייע מיט די לעצטע בשורות פון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין פּוילן. עס איז דער אונטערגאַנג פון אַן אויסטערלישער און צײַטנווײַז אומפאַרשטענדלעכער אילוזיע וועגן אַן אויפקום, אַן אויפשטייג — שיעור ניט פון אַ תחית המתים — קעגן דעם גאַנג פון היסטאָרישע געזעצן. אפשר איז עס די צוואה פון איינעם פון די לעצטע פאָרשטייער, פון די איידלסטע פאַרטרעטער, פון דער ייִדיש־פּוילישער אינטעליגענץ. ווען מיר בלעטערן די האַרציק־לירישע מיט אַזוי פיל ייִדישקייט אָנגעזאַפּטע בלעטער פון בוך, וואָס איז אין זײַן אויטאָביאָגראַפישער טייל סײַ די געשיכטע פון אַ דור, סײַ די בלאָנדזשעניש פון אַ תועה בדרכי החיים, מוזן מיר זיך דערמאָנען אין די ווונדערבאַרע קאַפּיטלען פון אַ. ליעסין׳ס זכרונות, די נביאיש־פּאַטעטישע חלומות פון אַ גאַנצן דור, אַדער פון דורות רעוואָלוציאָנערן, וועלכע באַקומען זייער אויסטײַטש אין דעם קאַמף צווישן ייִד און אַנטי־ייִד אין דער וויזיע פון אַ וועלט־בליק פון גאולה, הגם פאַרמולירט אין אַ קלאָרער, דיאַלעקטישער סיסטעם, וואָס וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון אַלטע פאָרמען — און פאַלט דאָך אַרײַן אין שווידער פון צײַטן און אומקום, צו דער נאָסטאַלגיע פון דעם אַלטן, זייער אַלטן, און דאָך פעסטן "אל רחום וחנון".

די אויטאָביאָגראַפיע פון דוד ספּאַרד איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס דערציילט אונדז דעם גערעאַנגל פון דעם ייִדישן מענטש אין פּוילן נאָכן חורבן, די טראַגישע שקיעה פון דער לעצטער האָפענונג אין אַ נײַעם אוראַלטן לבוש. אַט הערן מיר דעם עכאָ פון די ווערטער פון זײַן פאָטער, דעם רב, און אַט די זוכענישן פון דעם זון אין די מאָדערנע פאָרמען פון דער ייִדישער ליטעראַטור. פונקט ווי דער פאָטער זעט אין די אַלטע פאָרמען דעם אייביקן געראַנגל פאַר יושר און גערעכטיקייט, אַזוי כאַפּט אויף דער זון, דער רעבעל און רעוואָלוציאָנער, דעם אַלטן ניגון פון אַ קול דממה דקה אין אירע מעטאַרמאָפאָזעס.

ווען דו לייענסט ספּאַרדן זעסטו פאַר זיך די ציקלען פון די, וואָס זענען אַנטלאָפן פון ייִדישקייט און פון די, וואָס זענען פון איר קיין מאָל ניט אַוועק־געגאַנגען. דעמאָלט פאַרשטייסטו אפילו ניט, ווי קומט עס, וואָס אַ מענטש מיט אַזוי פיל מידת הרחמים זאָל דווקא גיין האַנט־אין־האַנט אין אַ קרײַז, וואָס איז כולו מידת הדין. וואָס אויסטערלישער און אפילו וואָס מער פול מיט סתירות עס

איז אַט דער גאַנג, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף דעם "אוי ווײ, פּאַטער, זיסער, געטרײַער", אַלץ מער שפּאַרט ער אָן צו די יסודות פון חסידות און רבנות. אייגנטלעך איז די רעוואָלוציע, — אַזוי איז עס קלאָר בײַ ספּאַרדן, ניט מער (אָבער אויך ניט ווייניקער) ווי דער בונט קעגן די אַלע פאָרמען פון שנאת ישראל און די רעאַקציע — אַ קלאָרע און בולטע פון דעם גלויבן אין נצח ישראל; עס איז די דיאַלעקטישע תשובה פון אַ לירישער עקזאַלטאַציע.

און מידת הרחמים? ספּאַרד דערציילט ניט וועגן זיך, ווי ער וואָלט געווען דער צדיק אין דעם דאָזיקן קאַשמאַר, עס איז אונדז אָבער קלאָר, אַז דווקא אין דעם שווײַגן אָדער פאַרשווײַגן די עוולות קעגן יחיד און כלל, אַז דאָ גייט אין אַ זייער שווערן געראַנגל פאַרן מין מענטש, דעם פּרצוף־פּנים פון ייִדישן יחיד, כדי אים אויסצולייזן.

די לירישע רעבעלישקייט פון דוד ספּאַרדס אויטאָביאָגראַפיע ווערט אײַנטעגרירט מיט זײַנע עסייען וועגן שרײַבער און ווערק, וווּ ער מאַכט אַ פּולן און האַרציקן חשבון הנפש פון שטאַנדפּונקט פון ליטעראַטור, וווּ, ווידער אַ מאָל אַ פול בילד פון ייִדישער שעפערישקייט און פון ייִדישן שעפערישן מענטש, ווערט אונדז אַנגעצייכנט.

"מיט זיך און מיט אַנדערע" איז אַ טיפער אויפטרייסלענדיקער בײַטראַג פון אַ געראַנגל מער מיט זיך ווי מיט אַנדערע, און אַ חשבון הנפש פון אַ מענטש מיט אַ גראַדן גאַנג, אַ גאַנג פון אַ ייִדישן מענטש.

אין 1956, ווען ד״ר דוד ספּאַרד האָט באַזוכט ישראל צוזאַמען מיט אידאַ קאַמינסקאַ (דעמלט ווי געסט פון פּוילן), געדענק איך אַ לאַנגן שמועס וועגן די ראַנגלענישן פון דער ייִדישער קולטור, וואָס מיר האָבן געפירט אין דער טיפער נאַכט אַרײַן צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון געוועזענע פירער פון פּוילישן ייִדנטום. די שטימונג איז געווען אַ שווערע, אַנגעלאָדן מיט דער נאַסטאַלגיע פונעם געוועזענעם. מיר האָבן געזען פאַר זיך דעם געראַנגל צווישן גלויביקע — נאָך גלויביקע אין נצח פּוילן — און צווישן די וואָס האָבן שוין מער נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ ייִשוב אין פּוילן. פאַר אונדז איז געשטאַנען אַ רעטעניש — ווי קומט ספּאַרד צווישן זיי? ווי גלויבט ער עס נאָך אַלץ אין נצח רעוואָלוציע? איז עס אינערץ ניט מער ווי אינערץ, אָדער דאָס פעלן פון אינערלעכן כוח צו רעוואָלטירן? אין זײַן בוך איז דוד ספּאַרד מסביר די פּראָצעסן. און אָט זעסטו פאַר זיך אַ האַרציקן ייִדישן מענטש מיט טיפן טרויער און פולער פאַרשטענדעניש פאַרן גאַנג פאַרויס. דאָס בוך איז ווי אַ שליסל צו אַ טיפער רעטעניש, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין ישראל, יחידיש און קאָלעקטיוו "מיט זיך און מיט אַנדערע", פאַר זיך און פאַר אַנדערע, און אפשר איז עס אַ תיקון, דער תיקון פון אַ ייִדישער נשמה, פון אַן אײדעלער ייִדישער נשמה.

## 2. מײַן פֿאָטער און דאָס ערשטע יאָר
## פֿון מײַן זײַן אין אַרגענטינע

איך בין אָנגעקומען אין אַרגענטינע אין 1926. געלעבט אין אַרגענטינע אַ סך יאָרן. אָבער װען איך זאָג דאָס, אין 1984, בין איך שױן אין מדינת ישראל מערער צײַט װי איך בין געװען אין אַרגענטינע.

צו די 10 יאָר בין איך געקומען אין אַרגענטינע. און געקומען זענען מיר פֿון װאַרשע, הגם איך בין נישט קײן װאַרשעװער. איך בין אַ ביאַליסטאָקער, אָבער איך בין דערצױגן געװאָרן אין װאַרשע.

איך האָב געבראַכט קײן אַרגענטינע מײַן אײן יאָר פֿון לערנען אין שװאַרצמאַנס גימנאַזיע אין װאַרשע. פֿריִער געגאַנגען אין װאַרשע אין גן־ילדים — אין אַ העברעיִשן קינדער־גאָרטן — בײַ ראַדזיװילאָװסקין, װוּ כ׳האָב געלערנט עברית בעברית. װי איר זעט, בין איך אַ געבױרענער העברעיִסט...

װאָס האָב איך מיט זיך געבראַכט קײן אַרגענטינע, בעסער געזאָגט, קײן מאָזעסװיל, װוּ איך האָב צו ערשט געװױנט ?

עס זענען געװען אין יענער צײַט אין װאַרשע צװײ באַרימטע גני־ילדים, װוּ מ׳האָט געלערנט עברית בעברית. אײן גן־ילדים איז געװען פֿון אַלתרמן, װעמענס זון איז שפּעטער געװאָרן אײנער פֿון די װיכטיקסטע העברעיִשע פּאָעטן, נתן אַלתרמאַן. און דער צװײטער איז געװען ראַדזיװילאָװסקיס.

כ׳האָב געבראַכט קײן אַרגענטינע די סיפּורים פֿון מײַן טאַטן װעגן ר׳ שמואל מאָהליװער, דעם ביאַליסטאָקער רב, װאָס איז געװען דער פֿירער פֿון די חובבי־ציון, און געבראַכט פֿון װאַרשע קײן אַרגענטינע אַ פּאָר ייִדישע מעשיות. װעגן אײניקע פֿון זײ װעל איך דאָ דערצײלן.

מיר זענען געװען באַפֿרײַנדט מיט אונדזערן אַ קרוב, אונטערמאַן. ער איז שפּעטער געװאָרן הױפּט־רב פֿון ישראל. ער פֿלעגט קומען צו די קאָנגרעסן פֿון "מזרחי" אין װאַרשע פֿון גראָדנע, װוּ ער איז געװען רב. און כ׳געדענק גענױ, װי ס׳איז געקומען נחום סאָקאָלאָװ קײן װאַרשע. כאָטש כ׳בין נאָך דעמאָלט געװען אַ קלײן ייִנגל, געדענק איך, װאָס מ׳האָט דעמאָלט דערצײלט און איבערדערצײלט, װי מ׳האָט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג געפֿרעגט סאָקאָלאָװן :

— מיר װײסן, אַז דו ביסט אַן עילױ, קאָנסט שפּראַכן, האָסט זיך גוט־גוט אױסגעלערנט שפּראַכן, אָבער װי אַזױ האָסטו זיך אױסגעלערנט, װי מ׳פֿירט זיך אױף מיט מלכים, מיט קײסאָרים, מיט רעגירונג־מענטשן ?

האָט סאָקאָלאָװ אױף דעם געענטפֿערט :

— כ׳האָב געלערנט מסכת דרך־ארץ...

און איך לערן מײַן גאַנץ לעבן מסכת דרך־ארץ.

כ׳האָב געבראַכט פֿון װאַרשע אַ באַנד פֿון אַ קינדער־זשורנאַל אויף העברעיִש, װאָס איז דערשינען אין 1904־1905, "עולם קטן", אָדער עװילאָם קאָטן װי ייִדן

האָבן עס דעמאָלט גערופֿן, איך האָב דאָס געקראָגן ווי אַ מתנה פֿון דעם ייִדן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער הויפּט־רב פֿון ישׂראל, הרב אונטערמאַן.

איך האָב געבראַכט נאָך איין זאַך. כ'האָב געבראַכט לעגענדעס פֿון מײַן טאַטן, וואָס זענען באַשטאַנען אויף דעם, איך זאָל גוט געדענקען, אַז דער נביא יונה, יונה הנביא, איז נישט נאָר אײַנגעשלונגען געוואָרן פֿון אַ וואַל־פֿיש און האָט זיך שפּעטער געראַטעוועט, נאָר ווען ער איז אַרויס און מ'האָט אים געפֿרעגט, ווער איז ער, האָט ער געענטפֿערט:

— עברי אָנכי! איך בין אַ ייִד!

און יעדער ייִד, ווו ער זאָל ניט זײַן און ווו ער זאָל זיך נישט געפֿינען, דאַרף זאָגן אַז ער איז אַ ייִד.

דאָס אַלץ איז געווען וויכטיק, כדי צו קומען אין אַרגענטינע.

ווי אַזוי ס'איז געווען די עקאָנאָמישע לאַגע דעמאָלט בײַ ייִדן אין וואַרשע, אין "גראַבסקיס צײַטן", דאַרף איך אײַך נישט דערציילן. מיר האָבן געהאַט קרובים, וועלכע זענען געקומען אין אַרגענטינע סוף 19טן יאָרהונדערט. זיי זענען געווען קאָלאָניסטן אין מאָזעסוויל. און זיי זענען באַשטאַנען אויף דעם, אַז מיר זאָלן פֿאָרן קיין אַרגענטינע.

מײַן פֿאָטער האָט אָבער געהאַט ספֿיקות. איך בין געווען אַ בן־יחיד, און ער האָט מורא געהאַט אַז איך, זײַן איינציקער זון, וועל ניט זײַן קיין ייִד, אויב ער וועט אין דער צײַט קומען אין דער "טריפֿהנער אַרגענטינע"...

איז אָנגעגאַנגען אַן איבערשרײַבונג פֿון בריוו — אַ טייל דאַרפֿן זײַן אין אַרגענטינער ייִוואָ — פֿון אברהם הרכבי, פֿון מאָזעסוויל, מיט מײַן טאַטן אין וואַרשע. ער, מײַן טאַטע, האָט אים געזאָגט:

— איך האָב איין זון. דער באַדן אין פּוילן ברענט אונטער די פֿיס. איך ווייס נישט, וואָס דאָ וועט זײַן. אָבער אויב איך וועל נישט האָבן די גאַראַנטיע, אַז מײַן זון וועט אויסוואַקסן אַ ייִד, שטעל איך אַלצדינג אײַן און מיר בלײַבן אין פּוילן.

די תשובה איז געווען אַ היסטאָרישע:

— קום רויִק אין אַרגענטינע! איך האָב צוויי קינדער און זיי זענען גוטע ייִדן. זיי קענען ייִדיש, זיי קענען העברעיִש. זיי לערנען זיך. דײַן זון וועט, אם ירצה השם, אויסוואַקסן אַ גוטער ייִד אויך אין אַרגענטינע.

דאָס האָט אונדז באַוויגן צו פֿאָרן קיין אַרגענטינע. דאָס איז געווען דער לעצטער צורייד, וואָס האָט אונדז איבערגעצײַגט צו פֿאָרן קיין אַרגענטינע. און דעמאָלט זענען מיר אַוועק פֿון רוישיקן, ריזיקן וואַרשע און געקומען אין ווײַטן, קליינטשיקן מאָזעסוויל, אין דער אַרגענטינער פּראָווינץ סאַנטאַ־פֿע.

און דאָ, אין אַרגענטינע, דווקא אין אַרגענטינע, האָב איך צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן דערזען אַ שטעטל, אַ ייִדיש שטעטל.

אין פּוילן האָב איך קיין ייִדיש שטעטל קיין מאָל נישט געזען, מיר זענען געווען מתנגדים. קיין גער זענען מיר נישט געפֿאָרן. קיין פֿאַלעניץ אויך נישט. פֿון וואַרשע זענען מיר זומערצײַט אַרויסגעפֿאָרן צום דערבײַיִקן מיכאַלין אָדער שווידער

און דאָרטן זענען קיין חסידים נישט געווען. אַ שטעטל האָב איך ערשט דערזען אין מאַזעסוויל. עס האָבן זיך פּאַר מיר ערשט אַנטפּלעקט... בלאָטעס! ס׳הייסט בלאָ־טעס?! כ׳האָב ביז דעמאָלט גאָר נישט געוווסט אַז ס׳איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי אַ בלעכענער דאַך, אַנשטאָט אַ סופיט, אינעווייניק, נישט אין דרויסן. אַ בלעכענער דאַך אין דרויסן איז אַ נאַרמאַלע זאַך. אָבער אינעווייניק, אין שטוב?

ערשט אין מאַזעסוויל האָב איך צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן דערזען ייִדישע אַרבעט־מענטשן אין פעלד, אין קאָלאָניסטישע קליידער. געגאַנגען אָנגעטאָן, ווי אַלבערטאָ גערשונאָוו באַשרײַבט אין זײַן בוך „גאַוטשאָס כודיאָס", ייִדישע גאַוטשן, פעלדמענטשן אין אַרגענטינער מלבושים, אין „באָמבאַטשאַס" (אַגב האָט מיר ראַזשאַנסקי אין אַ בריוול אָנגעפרעגט, צי אין אַ ייִדיש־שפּאַנישן ווערטערבוך דאַרף מען אַרײַנשטעלן אַזאַ טיפּיש אַרגענטינער וואָרט ווי „באָמבאַטשאַס", וואָס זענען נישט סתם הויזן, נאָר ספּעציעל צוגעשניטן).

כ׳האָב דערזען ייִדן אין פעלד. כ׳האָב עס פריִער קיין מאָל נישט געזען. אי גרויסע ייִדישע פעלדער, אי פּאַרברויִנטע ייִדישע פעלדמענטשן.

כ׳האָב נישט געקענט גוט ייִדיש. כ׳האָב גערעדט פּויליש. כ׳האָב גערעדט העברעיִש.

גייט־אַרום אַ קליין בחורל מיט זײַן טאַטן אין אַן אַרגענטינער קאָלאָניסטישן שטעטל און רעדט העברעיִש. קיינער פאַרשטייט אים נישט, אָבער איך האָב יאָ פאַרשטאַנען די קינדער. און דער איינציקער אופן, ווי אַזוי זיך צו פאַרבינדן מיט קינדער, איז דעמאָלט געווען — ייִדיש.

איך האָב זיך אויסגעלערנט רעדן ייִדיש, און נישט בלויז רעדן אויף ייִדיש, נאָר כ׳האָב זיך צוגעכאַפּט צו לייענען ייִדישע ליטעראַטור.

כ׳בין צוועלף יאָר אַלט געווען, ווען כ׳האָב זיך צוגעכאַפּט צו ייִדישער ליטעראַטור. און אויב געשיכטע האָט צו טאָן מיט ליטעראַטור, און ליטעראַטור האָט צו טאָן מיט געשיכטע, איז דאָס ערשטע בוך פון דעם מין, וואָס כ׳האָב געלייענט, געווען: מרדכי אַלפּערסאָנס „30 יאָר אין אַרגענטינע". כ׳האָב געוואָלט וויסן: וואָס טוט זיך? ווער זענען מיר? וואָס פאַרבינדט אונדז מיט דער סביבה? האָב איך געלייענט אַלפּערסאָנען און געפונען אַן ענטפער.

אין דעם קליינעם שטעטל מאַזעסוויל זענען דעמאָלט געווען אַ סך מלמדים און אַ סך חדרים. אָבער אויסער די מלמדים און הדרים זענען געווען 3 שולן, 3 בתי־ספר: איינע אַ ייִדישיסטישע כפי דער דיפיניציע פון יענער צײַט, אַ צווייטע אַ העברעיִס־טישע — דיביידע זענען געווען וועלטלעכע — און טאָמער איז דאָס ווייניק, איז די דריטע געווען נישט קיין וועלטלעכע, אָבער אויך נישט קיין פול רעליגיעזע, נאָר אַ האַלב־רעליגיעזע, פון דער ייִקאַ. גערופן האָט מען זי: „די שול פון וועד החינוך הראשי". די לערערס פלעגן זיך וויצלען, אַז זי הייסט „וועד החינוך הרשע"... די לערערס גופא האָבן זיך אַזוי געוויצלט.

די קלענסטע שול, די אָרעמסטע איז געווען די פאָלקשול י. ל. פּרץ. די ייִדישיסטישע, וווּ עס איז געווען לערער שמואל ראַזשאַנסקי. דעמאָלט האָב איך

זיך באקענט מיט אים. אַט די קליינע שול איז געווען אַ האַרציקע, אַ וואַרעמע, מיט אַ גרופּע אידעאַליסטישע טוערס, וואָס ווי אידעאַליסטיש זיי זענען געווען פלעגן זיי נישט אונטערקומען מיטן געהאַלט ביזן סוף חודש. איצטער מעג מען אויסזאָגן: אַ דערציִער איז ראַזשאַנסקי געווען, נאָר דערציִען ביזן סוף חודש האָט ער נישט געקענט. אָבער די קינדער האָבן אים ליב געהאַט און ער זיי האָט אויך ליב געהאַט.

די צווייטע שול, די העברעיִסטישע, אויך אַ וועלטלעכע, האָט געהאַט פאַר אַ דירעקטאָר אַ ייִד, וואָס איז עולה געווען מיט יאָרן צוריק, אביגדור גלעמבאָצקי, אַ ליטווישער ייִד, פון ליטע ממש, פון ווילקאָמיר, ביי קאָוונע. ער איז געווען פון "השומר הצעיר", איז אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל מיט אַ סקויטישן הוט און אַזוי, מיט אַ סקויטישן הוט, האָט ער אויך חתונה געהאַט. האָבן אַלע אין שטעטל אויף אים געקוקט ווי אויף אַ בייז וווּנדער: אַ ייִד גייט חתונה האָבן מיט אַזאַ מין הוט, מיט אַ סקויטישן הוט! זיין שול איז אויך נישט געווען קיין גרויסע שול. די קינדער האָבן גערעדט עברית בעברית. אויך ביי דער שול איז געשטאַנען אַ גרופּע אידעאַליסטן, וועלכע זענען אויך געווען קבצנים. דאָס איז געווען דער צד השוה צווישן די ייִדישיסטן און העברעיִסטן. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך זיך מיט גלעמבאָצקין געטראָפן אין ישראל, וווּ ער איז געווען אַ דירעקטאָר פון אַ שול און ער איז געווען איינער פון די גרינדערס פון דער "צופים"־באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ באַוועגונג פון אומפּאַרטייִשע סקויטן און ער, דער סקויטישער דירעקטאָר אין מאַזעסוויל, איז שוין אין 1927 אוועק קיין ישראל.

די דריטע שול, אין וועלכער איך האָב געלערנט, די שול פון "וועד החינוך הראשי", האָט געהאַט ביי דער זייט אַ שול צום דאַוונען, וועלכע מ'האָט גערופן "די ביוראַיִשע שול". דאָרט האָט מען געלערנט עברית בייִדיש. געפּסקנט האָט מיין טאַטע, אַז דאָרט וווּ מ'לערנט חומש און רש"י — דאָרט דאַרף מען גיין לערנען. און איך מיין, אַז ער האָט געפּסקנט — היסטאָריש גענומען — געניט ווי אַ ייִד דאַרף פּסקענען. און אַזוי בין איך אַריין אין דער שול, וווּ דער אינספּעקטאָר איז געווען ידידיה אפרון, וועלכער פלעגט קומען אַפּט רעדן אין שטעטל, און עס פלעגט אַפּט קומען דער דירעקטאָר ראַבינער חלפן פון בוענאָס־איירעס באַזוכן די שול. ידידיה אפרון האָט איינגעפירט אַ שיטה אין לערנען און זי האָט געהאַט חסידים, די שיטה. איינער פון זיי איז געווען זיין זון. ער, ד"ר דוד אפרון, האָט מיר געזאָגט אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט אין זשענעוו, אַז ער גרייט־צו אַ בוך, אויף שפּאַניש, וועגן דער שיטה פון לערנען, וואָס זיין טאַטע האָט געשאַפן. דאָס בוך האָט געזאָלט הייסן אויף שפּאַניש "זאָג עברי!". אויב עס וועט זיך אָפּזוכן דער מאַנוסקריפּט, וואָלט ער געווען, נאָך מיין מיינונג, אַ יקר־המציאות, ווייל עס דאַרף זיין אַן אַרגענטינער צוגאַנג און אַ ליטווישער צוגאַנג.

אין מאַזעסוויל זענען געווען צוויי מינים ייִדן: ליטוואַקעס און "פּוילישע". אַלע, וועלכע האָבן נישט גערעדט קיין ליטווישן ייִדיש, האָט מען פאַררעכנט פאַר "פּוילישע", אַן אונטערשייד צי זיי זענען געווען בעסאַראַבער, וואָליניער וכד׳. אַזוי האָט מען געהאַלטן די צוויי ביבליאָטעקן, וועלכע זענען געווען אין מאַזעסוויל.

די ביבליאָטעק "קדימה" איז באַטראַכט געוואָרן ווי פון די ליטוואַקעס און די צווייטע ביבליאָטעק, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען "באַראָן הירש", איז געווען פון די "פוילישע", וועלכע מ'האָט געהאַלטן פאַר אַ ביסל אַסימילירט. היינט וואָלט עס געהייסן, אַז "זיי זענען פרומע יידן"... איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן העברעיסטן און יידישיסטן...

אויסער די 3 שולן, אַ סך מלמדים און 2 ביבליאָטעקן זענען אין מאָזעסוויל אַרויס צוויי וואָכנבלעטער, איינע אויף יידיש און איינע אויף שפּאַניש. דאָס וואָכנבלאַט אויף יידיש האָט געהייסן "די טריבונאַ". איך האָב זיך דאָרטן אויסגעלערנט רעדן יידיש. דער רעדאַקטאָר איז געווען אַ ייד אַ משכיל, חיים רינסקי, וועלכער איז שפּעטער געווען מיינער אַ לערער (פאַר שפּאַנישע לימודים). די שפּאַנישע וואָכנצייטונג האָט געהייסן "על אַלבאַ" (קאַיאַר) און איר רעדאַקטאָר איז געווען ברוך רעכאַוויצקי, וועלכער איז שפּעטער געפאָרן מיט אַ מיסיע קיין ביראָ־בידזשאַן, צו זען ווי עס בויט זיך "די יידישע רעפּובליק"...

אין מאָזעסוויל האָט מען אויך געשפּילט יידיש טעאַטער. אויפן אָרט גופא זענען געווען רעזשיסאָרן, פון וועלכע מ'האָט שטאַרק געהאַלטן, און געווען אַ סך אַמאַטאָרישע אַקטיאָרן, דער עיקר אַקטריסעס. מסתמא איז דאָס געווען אַ מעלה צו אַ שידוך. און עס זענען געקומען טרופּעס פון בוענאָס־איירעס, מערסטנס מיט גאַסטראָליאָרן. איך געדענק, ווי עס איז סוף 1926 געקומען אין מאָזעסוויל דער באַרימטער שוישפּילער רודאָלף זאַסלאַווסקי און מ'האָט געשפּילט "טביה דער מילכיקער". אין דער צייט איז איינער פון מיין משפּחה געשטאַנען אין שידוכים. האָט דער צוקונפטיקער חתן איינגעלאַדן די גאַנצע משפּחה זען שלום עליכמס "טביה דער מילכיקער" אין טעאַטער. עפּעס זאָגט עס וועגן דער מיליע און וועגן יידישן לעבן אין שטעטל.

וואָס שייך מיר, האָט מען גלייך פון אָנהייב גענומען זיך אַרומקוקן ווו זאָל איך לערנען. ס'איז קלאָר געווען, אַז איך דאַרף אַריינגיין אין דער שפּאַנישער עלעמענטאַר־שול, פריער פאַר אַלץ זיך לערנען שפּאַניש. אָבער מיט וועמען האַלט מען זיך אָן עצה?

איז מען געגאַנגען זיך האַלטן אָן עצה מיט חיים רינסקין. די גאַנצע משפּחה איז געגאַנגען. און ער האָט געעצהט, רינסקי, וואָס מ'דאַרף טאָן, איך זאָל חס וחלילה נישט דערגיין צו דעם, אַז איך זאָל נישט קענען קיין שפּאַניש... ער אַליין איז געווען אַ ישיבה־בחור. ווען ער פאַלט נישט אַריין אין דעם קליינעם שטעטל, נאָר קומט אין גרויסן ניו־יאָרק, וואָלט ער אפשר אויך געוואָרן אַ באַרימטער שרייבער, ווי ס'איז געוואָרן זיין חבר גדליה בובליק — אַ יידישער פּובליציסט. אָבער אין שטעטל איז פאַר אים געגנוג געווען, וואָס ער האָט געהאַלטן רעפעראַטן און לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע.

האָב איך זיך צוגעקוקט אין שטעטל צו יידן וואָס לערנען און כ'האָב אַנטדעקט, אַז אונדזער קרוב אברהם הרכבי פלעגט אין דער פרי, גאָר פרי, פאַר טאָג, אַרויסגיין אַקערן אויפן פעלד, און נאָך מיטאָג און פאַר נאַכט פלעגט ער זיצן און לייענען

אחד־העם. געלערנט האָט ער פריִער אין סלאָנימער ישיבה. געווען אַ נאָרמאַלע זאַך, אַז דער זעלביקער מענטש, וואָס האָט געאַרבעט אויפן פעלד, האָט געקענט אַרײַנקוקן אין אַ ספר. ווען ער איז געשטאָרבן, האָבן מיר די קינדער געגעבן אַן "עין יעקב" און אַ טייל פון זײַן ביבליאָטעק אַ מתנה פאַר מײַן ביבליאָטעק.

געהערט רעדנערס אין שטעטל, אָבער גאָר אַ גרויסן אינטערעס בײַם עולם האָט אַרויסגערופן דאָס קומען פון זשורנאַליסט און רעדנער מ. רעגאַלסקי פון בוענאָס־אײַרעס. ווען כ'האָב אים געהערט צום ערשטן מאָל, האָט ער גערעדט וועגן פּרצעס דראַמע "די גאָלדענע קייט". הונדערטער מענטשן זענען אים געקומען הערן און זיי האָבן כסדר געשאָקלט מיט די קעפּ פון צופרידנקייט. איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען. פון רעפעראַט איז מיר געבליבן בלויז אין זכרון, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין זאָגן "שבת זאָל זײַן!". פאַר וואָס שבת? פאַר וואָס זאָל שבת זײַן אין מיטן דער וואָך? — דאָס האָב איך נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין... עפּעס איז מיר אָבער געבליבן אין זכרון.

ווי עס זענען מיר געבליבן אין זכרון געזאַנגען, וואָס כ'האָב זיך אָנגעהערט אין שטעטל דאָ און דאָרט.

וואָס האָט מען געזונגען אין שטעטל?

אַז מ'האָט געקענט אויסזינגען טראָפּ און אַ מפטיר, איז קלאָר. דאָס האָט יעדער איינער געקענט אָדער — כמעט יעדער איינער. אָבער אויסער דעם האָט מען אַ סך געזונגען.

פון דער העברעיִשער שול האָט מען זיך אויסגעלערנט זינגען אויסער "התקוה" אַ ליד, וואָס איז געוואָרן אַ "שלאָגער". קינדער האָבן עס געזונגען און אַלטע האָבן עס געזונגען: "בראש ההר".

געווען איז עס אַ יאָר נאָך דעם ווי עס האָט באַזוכט מאָזעסוויל ד"ר מאָסענזאָן, דירעקטאָר פון דער "הרצליה"־גימנאַזיע אין תל־אביב. ער איז געקומען פאַר דעם "קרן היסוד". מאָסענזאָן איז געווען איינער פון די בעסטע רעדנערס. עס זענען אַרומגעגאַנגען וועגן אים לעגענדעס. חוץ רעדעס האָט ער געבראַכט געזאַנגען פון ארץ־ישראל. מיט די לידער האָט ער געשאַפן אַ טראַדיציע. פון דעמאָלט אָן האָט קיין שום שליח נישט געקאָנט קומען פון ארץ־ישראל אָן אַ ליד.

איך דערמאָן זיך, ווי דער נשיא ר' זלמן שזר האָט פאַרבעטן צו זיך אויף אַ באַזוך דעם זינגער סידאָר בעלאַרסקי. איז דאָס פאַר טייל מענטשן געווען מאָדנע, וואָס דער נשיא האָט אײַנגעלאַדן צו זיך פאַר אַ גאַסט אַ זינגער... האָט שזר דערציילט, ווי אַזוי אין די גאָר אַמאָליקע יאָרן איז יעדער ציוניסטישער רעדנער, וועלכער איז געפאָרן אין שליחות פון דער באַוועגונג, אַרויסגעפאָרן מיט אַ זינגער — אַ רעדנער און אַ זינגער. איינער האָט גערעדט און דער צווייטער האָט געזונגען. און די ציוניסטישע באַוועגונג האָט דערפון געמאַכט אַ טראַדיציע.

האָט נתן ביסטריצקי, וועלכער איז געזעסן קעגנאיבער שזרן, אַ זאָג געטאָן:

— איך דאַרף נישט קיין זינגער. איך פלעג אַליין רעדן און זינגען...

אין 1925 איז פּרץ הירשביין, צו גאַסט אין אַרגענטינע, געקומען אויף אַ באַזוך

אין מאַזעסוויל. איז געבליבן פון אים דאָס ליד "ימען רוישן, כוואַליעס שלאָגן" און "הערצער שמאַכן, הערצער קלאָגן". דאָס ליד האָט פאַרכאַפּט קינד־און־קייט. אין אַלע יידישע שטיבער האָט מען עס געזונגען. געווען דעמאָלט אַ צייט, ווען כמעט אַלי יידישע מיידלעך האָבן געלערנט פּיאַנע־שפּילן. פלעגט זיצן אַ מיידל, שפּילן פּיאַנאָ און זינגען: "ימען רוישן, כוואַליעס שלאָגן" און "הערצער שמאַכטן, הערצער קלאָגן"...

דאָס האָב איך "אַנטדעקט" אין אַרגענטינע.

און מיין טאַטע האָט מורא געהאַט, אַז איך וועל אין אַרגענטינע ווערן אויס ייד...

אמת, מאַזעסוויל איז דעמאָלט געווען אַ שטעטל מיט יידישע קאָלאָניעס אַרום. ס'איז געווען אַ יידישע סביבה, אַ ספּעציעלע סביבה. דערפאַר האָט עס אַזוי אויס־געזען. דערפאַר איז עס אַזוי יידישלעך געווען.

געווען אין מאַזעסוויל אַן אַרבעטער־שול צום דאַוונען און צו לערנען. אַ שול פון בעל־מלאָכות, ממש בעל־מלאָכות. געווען אַ "ביוראַיִשע שול" — זי איז אויפ־געבויט געוואָרן דורך דער יִיקאָ. זי פונקציאָנירט ביז היינט, פּונקט ווי עס פונקציאָ־נירט ביז היינט די "אַרבעטער־שול". געווען אַ "ברענער־שול", אויפן נאָמען פון אַ יידן, וועלכער האָט געשאָנקען דאָס פּלאַץ; דאָרטן איז שוין מיט 30 יאָר צוריק שווער געווען צו שאַפן אַ מנין אין מיטן וואָך. און געווען אַ "ליטווישע שול", וועלכע איז ליידער פאַרמאַכט, און איך זאָג "ליידער", ווייל איך האָב דאָרטן "אַ שטאָט" — כ'האָב געירשנט מיין טאַטנס "אַ שטאָט" אין דער ליטווישער שול. דאָרטן האָט מען געלערנט אַ בלאַט גמרא אויפן יסוד פון דער שול, ווו איך האָב געלערנט חומש מיט רש"י. דער לערער צאַפּלינסקי האָט אויסגעקליבן אַ גרופּע תלמידים און מיט זיי געלערנט יעדן שבת אַ בלאַט גמרא.

אַזוי בין איך ווי עס איז דורכגעקומען דאָס ערשטע יאָר אין מאַזעסוויל און זיך געגרייט צו וויטערדיקע יידישע וועגן.

אַזוי האָט אַ יידיש ייִנגעלע פון ביאַליסטאָק און פון וואַרשע אַנטפּלעקט זיין יידישקייט אין אַרגענטינע און איז נישט געוואָרן קיין גוי.

## שלמה שוואַרץ

### צייט איז רוים

... דער טאָג פֿאַנגט זיך אָן
אין אויגן אָפֿענע,
אין שויבן.
צאַרט שלאָפֿט נאָך דאָס ווײַב
וואַרעם-נאָענט צו מיר.
דער זייגער, דאָס מאָדנע באַשעפֿעניש
פֿון צײַט: און צײַט איז רוים.
אַלץ איז ניט ווי נעכטן.
אויס יום-טוב,
אויס זונטיק,
ס'איז בלוימאַנטיק.

קומט דער צעברוגזטער דינסטיק
הינטער פֿאַרריגלטע טירן.
דאָס יונגע ווײַב
טיילט זיך ניט אָפּ פֿון מיר,
רייצנדיק...
יעדע נאַכט געבערט אַ חלום.
דאָס טאָג-טעגלעכע דערשײַנט
פֿאַרענדערט.
ליכט בײַטשט שנעל אַוועק די נאַכט.

דער שטילער ווײַסער מיטוואָך איידל,
ווי אַ לאַם,
כ'הער גערויש פֿון הערשנדיקע סימבאַלן,
פֿון שפּיציקע קאַפּריזן;
ווינטיקע דועטן, שורותדיקע כוואַליעס,
לאַמענטן און סאָנעטן...
אַלץ קייטלט זיך אין די סאַמע טיפֿסטע
לאַנדשאַפֿטן פֿון פֿרימאַרגן,
פֿון טרויעריקן דאָנערשטיק,

אנטפלעקנדיק זײַנע ניט אויסגעשלאָפֿענע
גרינע אויגן.

דאָס צאַרטע ווײַב איז וואַך — פֿרײַטיק, דעם רויטן פֿרײַטיק,
מיט דעם שמייכל פֿון אַ שטראַל,
מיט כיטרע ווערטער פֿון דאָס נײַ.
ווי פֿון אַ באַהעלטעניש לויפֿן מיר פֿון הויז אַרויס
(אין רויטע קליידער)
צום ווירבלדיקן ווירוואַר פֿון ווירקלעכע מויערן
פֿון אומרחמנותדיקן לאַנוויַל און אומעט
אין קינאָ אַרײַן
צום אומעט פֿון אַראַנזשעוון שבת.
ליכטיקט די סענסועלע פֿינצטערניש
אויפֿן קול זונטיקדיק מיט די שוואַרצע געשטאַלטן
מיט אַנאַנדערשקייט אינעם אינטימערן לײַב

פֿון בלומאַנטיק.

## פֿאַנטאַזיעס

בלומאַנטיקדיק.
אַ נאַכט פֿון פֿאַרגעבונג
פֿון ראַנגלען זיך
אַרויף צו העכערע חלומות . . .
שטילע רגעס טאַנצן אין אַ טעפּעלע "סאנקא"
און די שעה איז פֿאַרנאַכלעסיקט
אַלטרויִסטיש, ווי דו.

ווי לאַנג, זינט כ׳בין פֿון גן-עדן
אַנטלאָפֿן אַן זאַקן ?
דו, אַ חוץ פֿיר פֿייגל און אַ קאַץ,
אומשולדיק צווישן נײַע מעבל
אין אַ שירצל
ווי די 16-יאָריקע מאַדאָנע
אין אַ ראַם איבער דײַן בעט,
האָט אַ מענטשלעכן גאָט

געבוירן
איין מאָל אין אַ לעגענדאַרע נאַכט.
כ׳געדענק ניט גענוי:
צי אין אַריזאָנאַס מדבר,
צי אין אַ נײַ "יום-טוב-מאָטעל"
אויף אונדזער ערד,
אָדער ערגעץ אַנדערשוווּ.

ווי קען איך אַזאַ הייליקייט
אויסשרײַען אין אַ קורץ ליד
אין די זעלטענע געהויבענע וואַכיקייט?
דער געדיכטער נעפּל איז ווי אַ זילבערנער שמייכל.

אַזאַ ביסטו איין מאָל געקומען
אין דזשינסן
יונג און פֿריילעך
פֿון דינע וועלדער
און געלערנט מיך שרײַבן לידער
מיט רויט-פּאַלירטע פֿינגער
און קראַנקע פֿאַנטאַזיעס.

## פאַנטאַסטישע פענצטער

שטאָט פֿון הונדערט טויזנט אויגן!
וויפֿל בליקן האָב איך דיר געשאָנקען, שטאָט, דו,
צעוואָקסענער ספעקטאַקל און מזבח
מיט פֿאַנטאַסטישע פֿענצטער:
ווער קען זיך צו דיר פֿאַרגלײַכן?
כ׳שפּרײַז אין דיר און פֿאַרפֿאָלג דיך
מיט לידער, מיט ווערטער, מיט ציטער, מיט ליבע.
כ׳קום היינט בלוימאָנטיקדיק ווידער צו דיר
און קלײַב די גאָלדענע מטבעות דײַנע
אין קופּערנעם פּאַראַדי פֿון שטויביקע שדים.

באַגעגנסט מיך מיט ליכט און מיט ליבשאַפֿט
וואָס לויפֿלען מיט מיר, גאָר, גאָר פֿרי

ווי די ברוינע טויבן אַ מאָל אין מײַן קינדהייט
אין גראָזן אין הויכע
פֿון מײַנע יינגל-יאָרן
צווישן גרין-געלע אַרענעס
איצט ביזטו אין לויטערן באַגינען
בלענדיקער געוואָרן;
דײַן ווידערקול דורך בריקן און בולוואַרן
פֿאַרעקשנט ווי שטראָמען פֿון לייק מישיגען — —
ביזט שענער געוואָרן אין די מאַרמאָרנע רעקלאַמעס.

מיר זינגען צוזאַמען אין ווערטער און לידער
אין די אָנגעצונדענע שעהן
באַפּוצט און אויסגעצירט מיט כוואַליעס און פֿליגלען
דו, שטאָט, ספּעקטאַקל און מזבח
וואָס רויכערן הויך צו די הימלען
דורך פֿײַערן
דײַן בלוטיקן ייחוס.



## חיים הויכמאַו

# צו גאַסט אין דאָרף

### דערציילונג

אין די זומער־וואַקאַנצן איז ריטאַ אַרויסגעפאָרן אויף אָפּרו צו אַ קרובה פונעם שכנותדיקן דאָרף. דער טעמפּער גערויש פון דער שטאָט, דער געדראַנג אין די פולגעפּאַקטע דושנע אויטאָבוסן און דער זון־צעפּאַליעטער גאַסן־אַספאַלט זענען פאַרבליבן אַרונטער אין דער מאָס וואָס דער צוג האָט זיך אַרייַנגעשניטן אין די רחבותדיקע, פלאַכע סטעפּעס פון דער געגנט. די נסיעה האָט זיך לאַנג ניט פאַרצויגן. באַלד האָט אויפגעטויכט פון ווייַטנס דער אויסגעשפּיצטער קלויסטער־טורעם, אַן אויפגעפלאַמטער אין דער בין־השמשותדיקער שקיעה־שייַן און שוין דאָרט אין דער נידער — ווייַס־געקאַלעכטע פויערישע הייַזקעס, שטרוי־דעכער און בלוי אויפ־קנוילענדיקע, צעקעמטע פּאַסמעס רויך אינעם רוים.

דאָס דאָרף.

די כאַטע פון דער קרובה — אַ פאַראַלמנטע, קינדערלאָזע יישובניצע — האָט זיך אַרויסגעהויבן אין דער נאָענט פונעם שליאַך. אַן אייַנגעטרעמבעוועטע סטעזשקע האָט זיך געשלענגעלט אַ היין, צום הויף — צו ווי ס׳האָבן געסטאַרטשעט ווילד־שטעכלדיקע קוסטעס און סמאַראַדינע געוויקסן. דאַ, האַרט בייַ דער פאַרטקע, אונטער דעם צעקאַרעט־צעפּלאַשענעם ביסענבוים איז געווייַנטלעך אַנטקעגן געשפּרונגען האַסטיק, מיט אַ צערוטשעטן געיאָמער דער קרובהס סטרוזש — דער צעקודלעוועטער הונט ״ציגאַן״. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעשפּאַרט דורך דער טיר די הויזווירטין, אַ ברייטפּלייציקע, אַ נידערוווקסיקע מיט דעם וואַלגער אין דער האַנט.

— ״האַ, ריטאַ, זע נאַר, זע, ווי זי האָט זיך דאָס אַ ביסל אויסגעשטרעקט, אויסגעוואַקסן, קיין עין הרע ניט, די מאַמע מיט די ביינער: נו, קום אַרייַן. כ׳האָב אָקאָרשט פאַרמישט אַ מאַמאַליגע אויף וועטשערע״.

אַ פּראָסטהאַרציקע, פאַרהאַוועטע האַרעפּאַשניצע איז די קרובה פונעם דאָרפישן יישוב, דאָס פּנים — אויסגעמאַגערט און צעקאַרבט, די אויגן — זשמורענדיקע, פאַרצויגענע מיט אַ דין־נעפּלהאַפטיק הייַטל ווי פון לאַנגע קאַשמאַר־נעכט. אין פלוג גענומען האָט ניט אַפילו די עלטער געלעגט אויף איר איר חותם ווי די ״אַפּקומעניש״ די שווערע מלחמה־צייַט.

ריטאַ האָט זיך אייַנגעמאַסטעט אויפן טאַפּטשאַן, פאַרלעגט די אויסגעצערטע ווייַסע הענט אויף די קני און נייַגעריק באַטראַכט דעם אַרום. ס׳איז מערקווירדיק

וואָס זײַט יאָרן האָט זיך ניט דערטראָגן אַהער דער נײַער צײַט־געוויטער און גאָרניט זיך געענדערט אינעם ירושהדיקן אײַנגעפונדעוועטן הויז. דאָס זעלבע אַלטמאָדיש שטוביק מעבל — דער פירקאַנטיקער צעראַצעטער טיש מיט בענק אויף „ציגל"־פיסלעך, אַן אָפּגעבליאַקעוועטער קאָמאָד אַן איבערגעצויגענער מיט אַן אויסגעהאָפּט לײַנען־טישטעכל. אונטער דעם סופיט מיט די אָרויסשטאַרצנדיקע הילצערנע באַלקנס האָט אַראָפּגעהאָנגען אײַנגעפּאַסט אין אַ דעמבענער ראָם אַ פּאַטריאַרכאַליש משפחה־בילד: די אַלטע אין אַ געל־צעקוויטעטן שטערנטוך און איר מאַן — אַן אַלטגעזעסענער יִשובניק מיט אַ קנאָכיק פאַרוואַקסן פנים און געדיכט באַברעמטע אויגן וואָס האָבן שטאַרק אַרײַנגעבליקט אינעם חלל.

— „ער איז אומגעקומען ווי אַ קדוש. די נאַצישע רוצחים האָבן זיך איבער אים איזדיעקעוועט און אומגעבראַכט אינעם שכנותדיקן וואַלד" — האָט די אַלטע געשטאַמלט. איר פאַרמעטן צעקנייטשט פנים האָט בשעת מעשה זיך אָנגעכמורעט ווי אונטערגעשטראָכן דעם עלנט וואָס איז אויסגעפאַלן אויף איר דאָליע אויף דער עלטער.

די אַלטע האָט לאַנג זיך געפּאָרקעט בײַ דעם פאַרקאָפּטשעטן אייוועלע ווי אין אַ פּעכיק־טשוהונענעם קעסעלע האָט געבלעכלט, געזשעפּעט דאָס געל־מעליקע געקעכץ — די מאַמאַליגע. אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע איז ווי צוגעזאָטן צו אירע פיס די קאַץ, געגלאָצט אויף איר מיט שטומע, גיריקע אויגן־בליקן. אינעם חלל איז געשטאַנען אַ דעמפּיקער וואַרעמער ריח וואָס איז פאַרגאַנגען אין די נאָזלעכער און גערעגט.

— „זעץ זיך צו צום טיש, ריטאַ, ווער׳סטו אונטערלעגן דאָס האַרץ!"

אויגנבליקלעך האָט זי איצט אויסגעשאָטן אויף אַ שטײַפן לײַוונט די מאַמעליגע. אָוועקגעשטעלט נעבן איר אַן ערדענע שיסל איבערפולט מיט שאָפן־קעז. דער קעז האָט פאַרשמעקט מיט פרישער קילער פײַכטקייט פונעם קעלער־שטוב.

ריטאַ האָט זיך געפעדערט צום האָנטפאַס — זיך אַרומצוואַשן. בײַ דעם באַריר פון דער קוואַלענדיקער גליווערנדיקער־וואַסער האָט אויסגעוועפּט די קערפּערלעכע מידקייט און אַ כיעסדיקער שטראָם האָט דורכגעריזלט אירע גלידער. אַ פאַרבאָרגענע טיף פאַרטײַעטע יונגע פרייד האָט אויפגעבליצט אין אירע אויגן בײַם אָנבליק פון איר פנים אין וואַנט־שפּיגל. נאָר באַמערקנדיק ווי די אַלטע האָט זיך אויף איר אָנגעשטעלט מיט פאַרדעכטיקטן נײַגער האָט זי פאַרשעמט, מיט אַ מינע פון קינדערשן אומשולד זיי אַראָפּגעלאָזט. ס׳איז געווען קאָנטיק אַז זי האָט ניט באַגיטיקט דעם מיידלס איידל־געפּעסטעטן אויסזען, אירע ווײַס־ציכטיקע, צאַרטע, אויסגעכאַליעטע הענט און דאָס צעפּאָלדעוועט פאַרריסן קלייד וואָס האָט אַנטבלויזט אירע קני לויט דעם שטאָטישן שטייגער. זי, ריטאַ, האָט דאָך געהערט צום פּויערישן שטאַם!

די וועטשערע האָבן זיי געגעסן לאַנגזאַם, שווײַגנדיק, פאַרזונקענע אין מחשבות. די קרובה איידער זי האָט צוגעלעגט די מאַמאַליגע צום מויל האָט זי אינערטיוו געקנאָטן מיט אירע קנאָכיקע אָנגעדראָלענע פינגער („פינגער ווי וואָרצלען")

געטונקט אינעם קעז און פּאַסמאַקעוועט. זי האָט אויך צוגעטיילט אַ ביסן דער זלידנער קאַץ איבער וועלכע ריטאַ האָט אָפּט זיך איבערגעבויגן און מיידליש־צאַרט געלאַסטשעט מיט די שפּיצנפינגער.

— "די מאַמאַליגע איז באַטעמט אַקוראַט ווי היימיש ברויט" — האָט ריטאַ געזאָגט. קאַנטיק געזאָלט מיט איר מבינות־זאַגעריי פאַרשאַפן דער פאַרהאַוועטער גרייזער קרובה אַ נחת רוח. די האָט זיך צעוואַרעמט, פונאַנדערגערעדט:

— "כ'האָב אָפּגעמאָלט ערב די ימים טובים אַ ביסל פּאַפּשוי־מעל. כ'האָב דערצו באַקומען צוויי מעסטלעך צוגאָב פאַר מיין אַרבעט אין דער פערמע. ס'איז ווייניק, אַ? נאָר די קערנער זענען געווען האַרטע, טרוקענע ווי די ניס און דאָס מעל — זעמל־מעל אויף חריפות!"

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. די אַלטע האָט געשווענקט דאָס געפעס, אויסגעבעט געלעגערס אויף דער נאַרע און זיך אַרומגעשלייכט מיט שלאַבערדיקע, שאַרכנדיקע טריט אין די חדרים. איר לעפיש געהויקערט געשטאַלט האָט אַרומגעשוועבט ביים פאַרחלשטן לאַמפּנשיין ווי אַ געשפּענסט וואָס האָט אויפגעטויכט פון דער געהיימ־ניספולער געדעכטעניש פון דער נאַכט.

ריטאַ איז אַרויפגעקראָכן אויף דער נאַרע און אין פוילבלעכער מידקייט איינגעקאַרטשעט דאָס געביין אונטער דער וואָלענער קאָלדרע. נאָר זי האָט ניט געקאָנט איינדרעמלען. אַן אַנגסטיקע נאַגענדיקע שטימונג האָט באַטריבט איר געמיט, דורכנאַנד געצוויקט ביי דער נשמה. און געדוכט האָט זיך איר אַז די שורשענדיקע נאַכטיקע קולות וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער אַרומיקער טויבער שטילקייט האָבן זיך דערקוילערט צו איר פון ערגעץ ווייט, פון גאָר אַן אַנדער וועלט.

חיים קעניגער

## די צייט פליסט

*

איך וועל שטאַרבן צעטיילט,
אומבאַקאַנט, אָן האָפענונג
און מײַנע קינדער וועלן אַרבן
אַן אומגעהײַערע פליכט:
זיך באַמיִען אויפלעבן
און פאַרענדיקן יעדן אָוונט
דעם אָנהייב פון באַגינען;
געבן אַנדערע
וואַסערן זיסערע צו טרינקען.
מײַנע קינדער וועלן אַרבן
אַן אויסטערלישן שפיגל
און וואָלטן אים געוואָלט צעברעכן — —
מײַן אָנדענק;
פון די טיילן צוזאַמענשטעלן
דעם שטערן וואָס כ'האָב פאַרראַטן
בײַם געבורט,
און מײַן טויט זאָל אָפשפיגלען
דעם ערשטן, לויטערן גלאַנץ.

*

אַלץ וואָס וואַקסט טראָגט אויס אין בויך די ערד;
זי באַשאַפט און צעשטערט.

אונטערן בליק פון דער צײַט
אַלץ וואָס איז ווערט — פאַרבײַט.

די זון שײַנט און װאַרעמט אויס;
זעסט, די קינדער װאַקסן אויס.

און ס׳פֿאַרענדערט זיך דײַן בליק,
דער װעג פֿירט נישט צוריק.

די אָפּגעבליטע בלעטער אויפֿן באָדן
ברענגען נישט קײן שאָדן.

דער װינט פֿאַרשאַרט בלאַט נאָך בלאַט
און די צײַט פֿליסט װי דער טײַך גלאַט.

דער מאָרגן קומט אָנגעזען,
פֿאַרגעסט װאָס איז געשען,
און די זון באַלײַכט דעם טאָג —
דער נעכטן האָט קײן װאָג.

*

דער װינט דערװײַטערט פֿון שטענגל די בלום
און בינען אין פֿיר עקן זיך פֿאָרן.
די יונגפֿרוי מיט איר ריח — פֿרום
באַפֿעלט דעם הימל באַנײַען די יאָרן.

זוניקע הענט מעסטן דעם אין-סוף אין קומען.
דער טונקעלער הימל פֿון אונדזערע מיִען
װעט שאַפֿן פֿון האָניק בלומען
און זײ װעלן אין הימל בליִען.
װען דײַנע אויגן װאָלטן אין בליק פֿאַרטראָגן
פֿון מילכװעג אַ טײל פֿון הימלשטערן —
װאָלט געפֿיבערט דײַן געמיט און אין האַרצן זײ געטראָגן,
זאָלסט קענען פֿאַרנעמען די פֿרײד אָן טרערן.

דײַן אורשטאָף איז דער צוזאָג און דער מײן
פֿון דײַן לעבן אין װעלטבאַשאַף.
געבוירן װי אַ דאָרן-ביימל אין שטײן
זוכסט אין שטערן-װאָגן אַ סימן פֿון באַשאַף.
אין שװימען דערנענטערסט צו די צײַטן

פֿון קאָסמאָס-ריטעם באַשיצט,
אין די ווײַטע, ווײַטע ווײַטן,
אָנגעלאָדן מיט דונער און בליץ.

*

די ירושה וועלן באַקומען מײַנע קינדער:
דעם קאַיאָר אָן פֿאַרבן,
דאָס אומעטיקע ברויט פֿון אַצינדער
וואָס מײַן שאָטן וויל אַרבן.
די פֿלאַמען וואָס קלעטערן אויף די ווענט,
די ליידיקע וואַגאָנען אין וואָגל-פּענטעניש,
די אונטערגעהאַקטע ביימער נישט דערקענט,
די טונקעלע ווינקלען און איר נאַרע-באַהעלטעניש
אין וואַלדבונקער אײַנגעפֿירט,
אין פֿראָסטיקע נעכט אין פֿיבער אויף ווענט גראַווירט,
די חלומות פֿון גליק אין פֿלאַמען באַצירט,
אין באַשייד פֿאַרפֿירט.
איך שענק די שינעס פֿון אײַזנבאַן-וועג
און דעם זשאַווער פֿון די יאָרן אין פֿראָסט,
די באַן אָן פּאַסאַזשירן אין זײַטוועג,
דעם באַנהויף אין שטויב פֿאַרלאָזט.
איך שענק, נאָך דעם פֿאַרגעניגן — דעם הימל,
די שטאָט צעשפּליטערט אין זײַן
ווו ס'האָט זיך געפֿורעמט דער, אין טומל,
וואָס האָט געגלייבט ליבן אַלץ אין דער שײַן.

מרדכי דוניץ
סעקרעטאַר פֿון דער יידישער קולטור-געזעלשאַפֿט
צוותא ביידיש אין ירושלים

# צווישן אַלמאַנאַך און אַלמאַנאַך

זינט דעם דערשיינען פון דעם לעצטן נומער פון "ירושלימער אַלמאַנאַך", האָט די יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים אָפּגעהאַלטן איבער 80 קולטור־אונטערנעמונגען. דאָס איז בלי־שום־ספק אַ גרויסע דערגרייכונג.

די דאָזיקע פּראָגראַמען צייכענען זיך אויס, סיי מיט זייער פּאַרמעסט און סיי מיט זייער אינהאַלט און פאַרשיידנאַרטיקייט. די "מאַנטיק־נאָכמיטאָגס" אין "מועדון יידיש" (4־5 מאָל אַ חודש), זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן, פאַר יעדן איינעם פון די באַטייליקטע, אין אַ וויכטיק יום־טובדיק געשעעניש. יעדע באַגעגעניש און יעדע פּראָגראַם, שטעלט מיט זיך פאַר אַ קוואַל פון גייסטיקער און קולטור־געזעלשאַפטלעכער באַפרידיקונג.

די יידישע קולטור־געזעלשאַפט איז ברייט באַוווּסט אין די קולטור־קרייזן פון שטאָט מיטן הויכן ניווא פון איר פּראָגראַמען, וועלכע טראָגן צו אַ וויכטיקןביישטייער צו דעם אַלגעמיינעם קולטור־לעבן אין ירושלים.

אין לויף פון די אָנדערטהאַלבן יאָר, זינט אונדזער באַריכט אין דעם לעצטן אַלמאַנאַך, זענען פאָרגעקומען צענדליקער אָוונטן געווידמעט ריין־ליטעראַרישע טעמעס, באַגעגענישן מיט שרייבער, דיכטער און קינסטלער, היסטאָריקערס און דערציִערס, געזעלשאַפטלעכע טוערס און רבנים, וועלכע זענען אויפגעטראָטן און באַגייסטערט, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, דעם דאַנקבאַרן, יידיש־רעדנדיקן עולם פון ירושלים.

מיר האָבן געפייערט דאָס דערשיינען פון נייע ביכער, מיר האָבן אָפּגעמערקט היסטאָרישע דאַטעס און געבוירן־טעג, און להבדיל בין החיים והמתים, אָפּגעצייכנט יאָרצייטן פון פאַרשטאָרבענע שרייבער, דיכטער און דענקער.

צווישן אַנדערן האָבן מיר ברייט אָפּגעמערקט דעם 125סטן געבוירן־טאָג פון שלום־עליכם אין דער פאָרם פון אַ ציקל לעקציעס וועגן זיינע שאַפונגען, געזען יידישע פילמען אויף טעמעס באַזירטע אויף די שאַפונגען פון דעם גרויסן קלאַסיקער ("טוביה דער מילכיקער", "מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס") אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן ליטעראַריש־מוזיקאַלישן קאָנצערט געווידמעט דער דאַטע און על־כולם איז כדאי צו באַצייכענען דעם גרויסן דערפאָלג פון אונדזער אויסשטעלונג אין דער שטאָטישער גאַלעריע "שלום־עליכם און זיין וועלט". אין לויף פון אַ חודש צייט האָבן הונדערטער מענטשן, יידן און ניט־יידן באַזוכט די אויסשטעלונג, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אויף אַ ברייטער קאַנווע די גרויסקייט פון שלום־עליכמס ווערק. (די אונטערשריפטן זענען געווען אין יידיש, העברעיש און ענגליש). צענדליקער איינדרוקן, אַריינגעשריבן אין דעם גאַסט־בוך פון דער גאַלעריע, זאָגן עדות

אויף דעם דערפֿאָלג פֿון דער אויסשטעלונג. די מי און אַרבעט פֿון די חברים אין צוגרייטן די אויסשטעלונג איז ווערט שטאַרק אָפּצושאַצן.

מיר האָבן דאָס יאָר פֿייערלעך אָפּגעמערקט "10 יאָר פֿון ירושלימער אַלמאַנאַך" און דאָס דערשיינען פֿון דעם 15טן נומער. ביי דער דאָזיקער פֿייערונג האָבן מיר וואַרעם באַגריסט און געדאַנקט דעם רעדאַקטאָר יוסף קערלער און די מיטרעדאַקטאָרן מאיר חרץ און אפֿרים שעדלעצקי פֿאַר זייערע איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת דעם אַלמאַנאַך, וועלכער האָט זיך איינגעשאַפֿן אַ פּראָמינענט אָרט צווישן די יידיש־ליטעראַרישע אויסגאַבעס אין דער יידיש־וועלט.

ספּעציעל ווילן מיר דערמאָנען די סטאַבילע פּראָגראַמען וועלכע מיר האָבן איינגעפֿירט פֿון חודשלעכע אָוונטן פֿון יידיש־געזאַנג בציבור, ווען די באַטייליקטע געניסן און זענען זיך "ממש מחיה" מיט אַ יידיש ליד, מיט אַ יידיש זמרל . . .

אויך די פּראָגראַם א.ב. "אָפֿענער פֿאָרום" ביי וועלכע אונדזערע אייגענע חברים רעציטירן זייערע אייגענע שאַפֿונגען און באַקומען אַ געלעגנהייט זיך אויסצודריקן עפֿנטלעך אין ליד און וואָרט, זענען שטאַרק פּאָפּולער.

ביים אַריינקוקן אין דער כראָניק פֿון די פֿאַרלאָפֿענע חדשים, אָפּגעדרוקט אין די קומענדיקע זייטן פֿון אַלמאַנאַך וועט דער לייענער (און אפֿשר אויך די קולטור־געשיכטע פֿון ירושלים), קענען אָפּשאַצן דעם פֿאַרנעם און דעם כאַראַקטער פֿון די פּראָגראַמען בפֿרט און די ראָם פֿון דער טעטיקייט פֿון דער קולטור־געזעלשאַפֿט אין ירושלים בכלל.

אונדזער לוין און סאַטיספֿאַקציע פֿאַר דער אַרבעט, דריקט זיך אויס אין דער אָנערקענונג, אַז מיר שטעלן צו אַן אַקסל אין אָנהאַלטן און ממשיך זיין די ווערטן און אוצרות פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

צו די אַלע וועלכע זענען אַן אַקטיווער טייל און שותפֿים אין דער הייליקער אַרבעט — אונדזערע האַרציקסטע דאַנקען און ברכות. לאָמיר נאָך מערערע יאָרן קענען ווייטער אָנגיין מיט דער דאָזיקער טעטיקייט פֿון געניסן און פֿאַרזיכערן דעם קיום פֿון דער יידישער שפּראַך און קולטור אין ירושלים.

## יידישע קולטור-געזעלשאַפֿט אין ירושלים

### קולטור-כראָניק: צווישן אַלמאַנאַך און אַלמאַנאַך

**פֿעברואַר 1984**

6.2.84 — "שלום עליכם זיין לעבן און שאַפֿן", חודשלעכער סעמינאַר מיט אברהם בערניקער און אברהם ביק.

13.2.84 — באַגעגעניש מיט בנימין לובעלסקי, געוועזענער קעמפֿער אין שפּאַנישן בירגער־קריג, צום דערשיינען פֿון זיין בוך זכרונות "יידן אין שפּאַנישן בירגער־קריג", אָנגעפֿירט פֿון יעקב גוטפֿריינד און אפֿרים שעדלעצקי.

15.2.84 — "טוביה דער מילכיקער", פילם אין יידיש מיט מאָריס שוואַרץ אין דער הויפּט־ראָל. ירושלימער סינעמאַטעק.

20.2.84 — "וויכּוח איבער די ווערק פון באַשעוויס־זינגער", אויפן ראַנד פון ליטעראַרישן משפּט אין תּל־אביב. עס באַטייליקן זיך: אברהם ביק, מיכאל בן־אברהם, פּראָפ' גרשון וויינער, אריה יוליוס, נחמן ראַפּפּ און אַנקאַ שמיר. פאָרזיצער יעקב גוטפריינד.

27.2.84 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל", אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג און סימע סקורקאָוויץ. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין.

29.2.84 — קאָנצערט פון יידישן וואָרט און ליד, לכּבוד דעם 125סטן געבוירן־טאָג פון שלום־עליכם. געסט־קינסטלער: מרים ברייטמאַן און פּייוול זיגלבוים. אָוונט אָנגעפירט פון מרדכי דוניץ.

**מערץ 1984**

5.3.84 — "שלום־עליכם'ס ערשטע יידישע שאַפונג" — לעקציע פון אַנאַ דרעסנער. פראַגמענטן פון שלום־עליכמ'ס ווערק געלייענט פון בעלאַ מיאַדאָוויק. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

12.3.84 — "שלום־עליכם און דאָס יידישע קינד" — לעקציע פון שואל פערדמאַן. פאָרזיצער אריה פירסטענבערג. פון די ווערק פון שלום־עליכם, געלייענט פון בעלאַ מיאַדאָוויק.

20.3.84 — פּורים־מסיבה. מיטן אָנטייל פון רבקה שאַפּיראָ, סימע סקורקאָוויץ, אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

26.3.84 — אָוונט געווידמעט דעם פּראָזאַיקער עלי שעכטמאַן. פאָרטראָג פון דר' חיים בילעצקי "עלי שעכטמאַן און זיין יצירה". באַגריסונג פון שרייבער נחמן ראַפּפּ, פאָרלעזונג — מיכאל בן אברהם. אין קינסטלערישן טייל דער זינגער שמריהו לין. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

**אַפּריל 1984**

2.4.84 — "שורשים" — אורשפּרונג פון משפּחה־נעמען — לעקציע פון הרב שמואל גאָר. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

9.4.84 — "דער ווילנער חזן" מיט משה אוישער אין דער הויפּט־ראָל — יידישער פילם אין סינעמאַטעק.

18.4.84 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל" — יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג און סימע סקורקאָוויץ. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין.

26.4.84 — דערעפענונג פון אויסשטעלונג געווידמעט "די וועלט פון שלום־עליכם" אין דער שטאָטישער גאַלעריע. עס באַטייליקן זיך: י. געליס, פאָרשטייער פון עירית ירושלים. אברהם ליס, פאַרוואַלטער פון בית שלום־עליכם אין תּל־אביב. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

29.4.84 — יערלעכע טרויער־אַקאַדעמיע — "יום הזכרון לשואה ולגבורה". עס באַטייליקן זיך: אליהו יונס — "בטחון און גלויבן אין די יאָרן פון דער שואה". געזאַנג־לידער: סימע סקורקאָוויץ, פידל־סאָלאָ: יהושע ראַכמאַן, יזכור: חזן מאַזאָוויעצקי, געזאַנג־לידער־געזאַנג: אריה פירסטענבערג, פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

**מאַי 1984**

9.5.84 — מוזיקאַליש־קינסטלערישער פּראָגראַם לכבוד יום־העצמאות. געסט־קינסטלער פון תל־אביב: יעקבי יוסף און זינגערין עליה גאָלדבערג־בלעכאַראָוויטש. ליכט־בילדער.

14.5.84 — "שלום־עליכם אין אונדזער צייט" — לעקציע פון שרייבער אברהם ליס. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

21.5.84 — אָוונט געווידמעט "יום ירושלים". ירושלים־לידער געלייענט פון רחל בוימוואָל און זיאַמע טעלעסין. מוזיקאַלישע פּראָגראַם אויסגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ און אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט.

28.5.84 — "טראַדיציע און רעליגיע אין דער יידישער ליטעראַטור" — לעקציע פון אברהם ביק. פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

**יוני 1984**

4.6.84 — "מרדכי קאַפּלאַן — פילאָסאָף פון מאָדערנער יידישקייט" — לעקציע פון פּראָפ' גרשון וויינער. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

11.6.84 — צוטיילונג פון דער יערלעכער סובווענץ פון הורוויץ־ליטעראַטור־פאָנד פאַרן יאָר 1984 צום דערציילער יאָסל בירשטיין אין "היכל־שלמה". עס באַטייליקן זיך: פּראָפ' יצחק וואַרשאַווסקי, פאָרזיצער פון דער זשורי, הערץ גראָסבאַרד — רעציטאַציעס "פּערל פון דער יידישער ליטעראַטור". מוזיקאַלישער פּראָגראַם אויסגעפירט פון דער פידלערין יהודית וואַרשאַווסקי. פאָרזיצער: פּראָפ' גרשון וויינער.

18.4.84 — פייערלעכער אָוונט געווידמעט 20 יאָר "ירושלימער אַלמאַנאַך". עס באַטייליקן זיך: פּרופ' דב סדן, די רעדאַקטאָרן: יוסף קערלער, מאיר חרץ און אפרים שעדלעצקי. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

25.6.84 — דערעפענונג פון "וואָך פון יידישן בוך". ביכער־יאַריד אין לויף פון דריי טעג.

**יולי 1984**

9.7.84 — באַגעגעניש מיט דעם דיכטער משה וואַלדמאַן און די שריפטשטעלערין מנוחה ראַם פון פּאַריז. באַגריסונג: דער דיכטער יוסף קערלער. פאָרטראַג פון מ. וואַלדמאַן "יידיש און יידישקייט אין מערב אייראָפּע". אויסצוגן פון אירע שאַפונגען געלייענט פון מנוחה ראַם. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

22.7.84 — באַגעגעניש מיט יאָסל מלאָטעק, בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע און מיט זיין פרוי די מוזיק־פאָרשערין חנה מלאָטעק. באַגריסונג: יצחק קאָרן, פאָרזיצער פון וועלטראַט. פאָרזיצער פון אָוונט: מרדכי דוניץ.

**סעפּטעמבער 1984**

3.9.84 — אָוונט מיט יאָסל בירשטיין. אַריינפיר: דער דיכטער מאיר חרץ. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

10.9.84 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל". יידיש־געזאַנג בציבור אָנגעפירט פון סימע סקור־קאָוויץ און אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין.

17.9.84 — אָוונט געווידמעט דעם דערשיינען פון "דאָס שוואַרצע בוך" פון איליאַ ערענ־בורג און וואַסילי גראָסמאַן אין יידיש. עס נעמען אָנטייל: חיה ליפשיץ און דר׳ יוסף קערמיש פון "יד ושם". פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

**אָקטאָבער 1984**

1.10.84 — "אָפענער פאָרום". פראָגראַם אויסגעפירט פון מיטגלידער פון דער קולטור־געזעלשאַפט, אָנגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ. פאָרלעזונגען פון אייגענע שאַפונגען, רעציטאַציעס און געזאַנג.

8.10.84 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל", יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין.

15.10.84 — "מאָטל דער אָפּערייטאָר" — יידישער פילם אין סינעמאַטעק.

22.10.84 — דר׳ דוד ספאַרד־אָוונט, געווידמעט זיין דריטן יאָרצייט און צום דערשיינען פון זיין לעצטן בוך "מיט זיך און מיט אַנדערע". עס נעמען אָנטייל: יצחק הרכבי, פאָרזיצער, אברהם ביק, פּראָפ׳ גרשון וויינער און דער דיכטער יוסף קערלער.

**נאָוועמבער 1984**

5.11.84 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל" — חודשלעכער פּראָגראַם פון יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין.

12.11.84 — פייערלעכער אָוונט געווידמעט דעם דערשיינען פון 100סטן באַנד פון דער סעריע "מוסטער־ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור" אַרויסגעגעבן אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָזשאַנסקי. עס נעמען אָנטייל: יצחק הרכבי, חיים פינקעלשטיין, דר׳ אברהם נאָווערשטערן, און אַלכסנדר מלכסון פון תל־אביב. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

19.11.84 — "אליעזר שטיינבאַרג — מייסטער פון משלים", לעקציע פון דעם דיכטער פריד וויינינגער. באַריכט פון אינטערנאַציאָנאַלן פען־קאָנגרעס, אָפּגעהאַלטן אין טאָקיאָ, יאַפּאַן, אָפּגעגעבן פון גאַסט־לעקטאָר. פאָרזיצער: פּראָפ׳ גרשון וויינער.

26.11.84 — "חיים נחמן ביאַליק און זיין ירושה" — לעקציע פון אברהם ביק צום 50סטן יאָרצייט פון דעם נאַציאָנאַלן דיכטער. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

**דעצעמבער 1984**

3.12.84 — אָוונט געווידמעט דעם דערשיינען פון דער "אַנטאָלאָגיע פון יידישע פאָלקס־לידער" מיטן אָנטייל פון סיני לייכטער, פאָרזיצער פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע. מוזיקאַ־לישע פּראָגראַם אויסגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ, אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

10.12.84 — אָוונט געווידמעט אַנקאַ שמיר, לייטערין פון יידיש־אוידיציעס אויף "קול־ישראל", צו איר באַקומען דעם רובינליכט־פּרייז פון דעם יידישן שרייבער און זשורנאַליסטן פאַראיין אין ישראל. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

24.12.84 — טראַדיציאָנעלע חנוכה־מסיבה. "חנוכה־מאָטיוון און מנהגים ביי ייִדן" — הרב צבי תבורי. אַריינפיר — אברהם ביק. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

29.12.84 — "קאָנצערט פון יידישן וואָרט און ליד", מיט די גאַסט־קינסטלער עטעלע קאָוועַנסקי, יצחק כאַוויס און קאָמפּאָזיטאָר לעוו קאַגאַן.

31.12.84 — יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט.

יאַנואַר 1985

7.1.85 — "יידיש אין דער וועלט אויפן ראַנד פון דער טעטיקייט פון וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור" — גאַסט לעקטאָר: יצחק קאָרן, פאָרזיצער פון וועלטראַט. מוזיקאַלישע פּראָגראַם אויסגעפירט פון זינגער שמריהו לין. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

14.1.85 — "אָפענער פאָרום" — פּראָגראַם אויסגעפירט פון מיטגלידער פון דער געזעל־שאַפט, אָנגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ.

21.1.85 — אָוונט געווידמעט דעם דיכטער און פּראָזאַיקער נחמן ראַפּ. עס נעמען אָנטייל: דער ליטעראַטור־קריטיקער שמעון קאַנץ, דער וואָרט־קינסטלער מיכאל בן־אברהם פון "קול־ישראל", פאָרזיצערין: אַנקאַ שמיר.

28.1.85 — "קליינע מעשיות וועגן גרויסע מענטשן", לעקטאָר: דר' אליעזר גואלמאַן, פאָרזיצער: פּראָפ' גרשון וויינער.

31.1.85 — "קאָנצערט פון יידישן פאָלקלאָר", אויסגעפירט פון גאַסט־זינגערין פון קאַנאַדע מרים ברייטמאַן און דער טאַנץ־גרופּע "פּעמי־תימן" פון ירושלים. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

פעברואַר 1985

4.2.85 — ליטעראַריש־קינסטלערישער אָוונט געווידמעט דעם בוך "דערציילונגען" פון דוד באַס. עס נעמען אָנטייל דער דיכטער מאיר חרץ מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן בוך, און דער מחבר אַליין מיט פאָרלייענען פון זיין שאַפונג. אין קינסטלערישן טייל: דער זינגער שמואל ריבקין. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

11.2.85 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל" — יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין.

18.2.85 — "דר' לודוויק זאַמענהאָף — 100 יאָר עספּעראַנטאָ". לעקציע פון משה סביר. פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

מערץ 1985

4.3.85 — טראַדיציאָנעלע פּורים־מסיבה. מוזיקאַליש־קינסטלערישע טייל אויסגעפירט פון יוסף עמבער און זיין משפחה. פאָרלעזונג פון רבקה קורץ. פּורים־געדאַנקען פון אברהם ביק. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

11.3.85 — "איציק מאַנגער — דער פּאָעט פון שיינקייט און שפּיל", לעקציע פון אברהם

בערניקער. מוזיקאַלישע פּראָגראַם אויסגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ, אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט. פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

18.3.85 — "מענדעלע מוכר ספרים — דער ערשטער קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור", צו זיין 150סטן געבוירן־טאָג. — לעקציע פון שואל פערדמאַן. פאָרזיצער: אריה פירסטענבערג.

25.3.85 — "עטיאָפּישע יידן — אַן עטנאָגראַפיש־אַנטראָפּאָלאָגישער צוגאַנג", לעקציע מיט ליכט־בילדער פון פראָפ' דב נוי. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

28.3.85 — קאָנצערט מיט דער באַטייליקונג פון ווילנער־כאָר פון תל־אביב. איינלייטונג: סימע סקורקאָוויץ. כאָר־דיריגענט, אלכסנדר טרסקי. מרכז תרבות עמים לנוער.

**אַפּריל 1985**

1.4.85 — "דער גולם פון לייוויק" — 60 יאָר זינט דער אויפפירונג אין מאָסקווער "הבימה"־טעאַטער. לעקציע פון פראָפ' גרשון וויינער. דראַמאַטישע פראַגמענטן אויסגעפירט פון שוישפּילער בנימין צמח. פאָרזיצער: אפרים שעדלעצקי.

18.4.85 — "יום הזכרון לשואה ולגבורה" — יערלעכע אזכרה אין אָנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים. אין פּראָגראַם: דערעפענונג, יעקב גוטפריינד. צינדן 6 יאָרצייט ליכט דורך ניצולי־השואל, אָנגעפירט פון מרדכי דוניץ. יזכור — חזן א. ח. מאַזאָוויעצקי. פראַגמענטן פון דער שואה־ליטעראַטור, מיכאל בן־אברהם. "די שואה נאָך 40 יאָר", יחיאל גראַנאַטשטיין. "די יידישע פרוי אין קאַמף קעגן די נאַציס", חיה ליפשיץ. געטאָ־לידער סימע סקורקאָוויץ.

22.4.85 — פּראָגראַם לכבוד יום העצמאות. מוזיקאַלישע פּראָגראַם אויסגעפירט פון אריה פירסטענבערג און סימע סקורקאָוויץ. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט. געסט־רעדנער: חיים פינקעלשטיין אַ.ד.ט. "יום העצמאות — וואָס לאָזט ער אונדז צו הערן ?". פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

29.4.85 — ניינטע יערלעכע צוטיילונג פון סובוועניץ פון ליטעראַטור־פאָנד א.נ. פון רבקה און שמואל הורוויץ. סובוועניץ־געווינער דער דיכטער פריד וויינינגער. מאָטיוון פון דער זשורי געלייענט דורך פראָפ' סאָל ליפצין. פראַגמענטן פון בוך, געלייענט דורך מיכאל בן־אברהם. פאָרזיצער: פראָפ' גרשון וויינער.

**מאַי 1985**

6.5.85 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל" — יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט.

13.5.85 — "שלום אַש — די פּאָלעמיק אַרום זיינע ווערק". גאַסט־לעקטאָר: פראָפ' פנחס ערליך, רחובות. פאָרזיצער: דער דיכטער מאיר חרץ.

20.5.85 — "די גייסטיקע ירושה פון י. ל. פרץ", לעקציע פון פראָפ' גרשון וויינער. ליטעראַריש־קינסטלערישע פּראָגראַם אויסגעפירט פון מיכאל בן־אברהם. פרץ־לידער אויסגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

27.5.85 — פייערלעכער אָוונט מיטן אָנטייל פון רעדאַקטאָר דוד שטאָקפיש, לכבוד דעם

דערשיינען פון דעם 1000סטן נומער פון "ישראל שטימע". פאָרטראָג פון גאַסט א.ד.ט. "די יידישע פרעסע אין ישראל". באַגריסונגען: אברהם בערניקער און אפרים שעדלעצקי. פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

30.5.85 — גרויסער אַרטיסטיש־מוזיקאַלישער קאָנצערט אויסגעפירט פון דינה האַלפּערין, שיקאַגאָ, און יהודית לעכטער, קאַנאַדע. מרכז תרבות עמים לנוער. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

יוני 1985

3.6.85 — אָוונט מיט דעם דיכטער־פּראָזאַיקער חיים מאַלטינסקי. אָפּהאַנדלונג, אפרים שעדלעצקי. באַגריסונג, מרדכי דוניץ. פאָרזיצער: דער דיכטער יוסף קערלער.

10.6.85 — "דער רמב"ם אַלס געזעץ־געבער און פילאָסאָף", לעקציע פון אברהם ביק, פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

17.6.85 — "אָפּענער פאָרום". פּראָגראַם אויסגעפירט פון מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט אָנגעפירט פון סימע סקורקאָוויץ. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט. פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

24.6.85 — "תנכישע מאָטיוון אין דער וועלט־ליטעראַטור", לעקציע פון פּראָפ' גרשון ווײַנער, געווידמעט דעם דערשיינען פון פּראָפ' סאָל ליפּצינ'ס בוך אויף דער דאָזיקער טעמע. אַריינפיר: יצחק הרכבי.

יולי 1985

1.7.85 — "לאָמיר זינגען אַ זמרל" — יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: צפורה יוכט.

8.7.85 — צווייטע לעקציע געווידמעט דעם 850סטן געבוירן־טאָג פון רמב"ם. "די מחשבה פון רמב"ם פאַר אונדזער צייט". לעקטאָרן: דר' צבי יותם, מכללת הנגב און פּראָפ' גרשון ווײַנער, בר־אילן אוניווערסיטעט. אַריינפיר: הרב צבי תבורי.

15.7.85 — אָוונט מיט צבי צעפּלאָוויטש, געוו. רעזשיסאָר פון ריגער טעאַטער, דיכטער און שרייבער. פאָרזיצער: אריה פירסטענבערג.

22.7.85 — אָוונט געווידמעט דער פּראָזע־שרייבערין מנוחה ראָם (רבקה וואַלדמאַן), צום באַקומען דעם איציק מאַנגער־פּרייז פאַרן יאָר 1985. עס נעמען אָנטייל: פּראָפ' דב נוי, פאָרזיצער. מרדכי דוניץ, וויערא סאָלאָמאָן, דר' יחיאל שיינטוך און משה וואַלדמאַן. פאַרלעזונג פון איר שאַפונג: די שרייבערין מנוחה ראָם.

29.7.85 — אָוונט געווידמעט די דיכטער רחל בוימוואָל און זיאַמע טעלעסין. ליטעראַריש־קינסטלערישער פּראָגראַם אויסגעפירט פון דער "הבימה" שוישפּילערין עטעלע קאָוועַנסקי. ביי דער פּיאַנאָ: דער קאָמפּאָזיטאָר לעוו קאָגאַן. פאָרזיצער: אפרים שעדלעצקי.




# תערוכה  אויסשטעלונג

# „עולמו של ✱ „די וועלט פון
# שלום עליכם"

125 שנה להולדתו ——— צו זיין 125–טן געבוירנטאג

(בחסות בית שלום–עליכם, תל–אביב)






הגלריה העירונית
רח׳ יפו 17 ירושלים.

כ׳ג ניסן — — — י׳ד אייר תשמ"ד

26 אפריל — — 16 מאי 1984

הגלריה פתוחה בימים

| | |
|---|---|
| א - ה | 10.00 - 14.00 |
| א - ג ה | 16.00 - 19.00 |
| יום ו׳ | 10.00 - 13.00 |





„לאכן איז געזונט — דאקטוירים הייסען לאכן"
שלום עליכם

פאַדערזײַט פון דער אײַנלאַדונג צו דער אויסשטעלונג אין ירושלים
"די וועלט פון שלום עליכם".

שלמה גערסאָן

## וועגן געלעכטער

ווען עס לאַכט אַ קינד
פֿריילעך,
צעלאַכט זיך די זון
אפֿילו ווען מ׳האָט
נאָך נישט
פֿאַרלאָשן די לבנה מיט די שטערן

ווען עס לאַכט אַ קינד,
לאַכט מיט דער
גאַנצער
אַרום-אַרום
מיט מיר צוזאַמען
אין ירושלים
אין ניו-יאָרק
אין בויבעריק
אין קיבוץ שניר

בין איך
טאַקע היינט ביז מאָרגן
איבערמאָרגן
אַ פֿאַליגלאָט פֿון געלעכטער:
איך קען לאַכן
אין אַלע
שפּראַכן.

ירושלים, פורים אדר תשמ״ה, מערץ 1985.

## אַ געבעט צו זיך

מיר ווערט מײַן פֿאַרבליבענע צײַט אײַנגעשרומפּן,
איך אײַל זיך. צי וועט מיר דאָס אײַלן געראָטן ?
איך דאַרף נאָך דערלאַנגען צו ווײַטע טריומפֿן
פֿון מײַנע שריפֿטן, וואָס חלומען אין שאָטן.

איך אײַל זיך די בריוו מײַנע אָפּצובריוון,
מיט אָרדענונג אויספֿירן מײַנע פֿליכטן,
אָפּגלעטן נאָבעלן שטויב פֿון אַרכיוון,
נישט מעסטן די כוחות און אַלץ נאָך פֿאַרריכטן.

איך אײַל זיך צו מײַנע קליידער-באַגערן,
דער עלטער להכעיס מיט יונגשאַפֿט שטאָלצירן
און לײַכט מיט אַ פֿינגער מויערן צעשטערן,
ווען סע לאָזט זיך די צײַט בײַ די הערנער פֿירן.

איך אײַל זיך און שטיי כלומרשט פֿעסט ווי אַ מויער,
וואָס . . . וויגט זיך און כ'מוז זיך אונטערשפּאַרן
מיט אייגענעם ווילן — איך שאַר אָפּ מײַן טרויער,
סע זאָל דאָס כזיתל מוט נישט נאַרן.

# אויף דער וואך פון זכרון.

מרדכי דוניץ

## פון נאָוואָרעדקער אַרבעטס-לאַגער —
## צו ביעלסקי׳ס פּאַרטיזאַנער

**(אַ בינטל זכרונות)**

דעם זיבעטן מאַי 1943, אין דער פרי איז דער אַרבעטס-לאַגער אין נאָוואָרעדאָק אַרומגערינגלט געוואָרן דורך צענדליקער דײַטשע זעלנער און ווײַסרוסישע פּאָליצײַ. אַלע מענער, פרויען און קינדער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען, אויף דעם גרויסן פלאַץ, הינטער די באַראַקן.

דער בלוטדורשטיקער געביטס-קאָמיסאַר טראַוב, מיט זײַן געהילף רויטער, זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די רייען און אַרויסגענומען די פרויען און קינדער און צונויפגעטריבן זיי, אונטער מערדערלעכע קלעפּ, אין אַ באַזונדערער מאַסע. די מענער וואָס האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן זענען נאָך געווען ״נוצלעך״ פאַר די דײַטשן, האָט מען זיי איבערגעלאָזט לעבן. די איבעריקע, צוזאַמען מיט די קינדער, פרויען און אַלטע לײַט, זענען געטריבן געוואָרן צו די צוגעגרייטע גריבער אַנטקעגן דעם לאַגער. אין דער זעלבער צײַט האָבן די ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן גענישטערט און געזוכט אין די צימערן פון די באַראַקן אויסגעבאַהאַלטענע ייִדן און גערויבט זייערע ״פאַרמעגנס״. זיי איז אפילו געלונגען צו געפינען אַ פּאָר ביקסן, וואָס מיט זייער הילף האָט מען געהאָפט זיך אַרויסצורײַסן פון לאַגער.

די איבערגעבליבענע מענער און געציילטע פרויען זענען אַרומגעגאַנגען איבער די פוסטע חדרים, צעבראָכענע און נידערגעשלאָגענע, באַוויינענדיק זייערע שוועסטער און ברידער, טאַטעס און מאַמעס... יעדער איינער האָט געפילט, אַז די טעג זענען געציילטע אויך פאַר די וואָס האָבן געהאָפט צו האָבן די ״זכיה״ אָפּגעשטעלט ווערן צום לעבן. בפרט נאָך, איז די דײַטשן האָבן געפונען געווער אין לאַגער, וועט

עס שוין ניט לאַנג דויערן און זיי וועלן אומברענגען אויך דאָס איבערגעבליבענע רעשטל פון די ייִדן אין לאַגער.

צווישן די געציילטע פרויען, וואָס זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן צום לעבן, איז אויך געווען מײַן שוועסטער פּאַניע. זי האָט געאַרבעט אין סעקרעטאַריאַט פון לאַגער, האָט מען זי אויך פאַררעכנט ווי אַ ״נוצלעכע״. מיר האָבן ניט גערוט און געזוכט אַן עצה ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען אויף דער אַנדערער זײַט פון פּלויט...

צווישן די ווײַסרוסישע פּאָליציאַנטן האָט זיך געפונען אַ יונגערמאַן, וועלכן מיר האָבן נאָך געקענט פאַרן קריג. זײַנע עלטערן זענען געווען שטענדיקע קונדן אין מײַן טאַטנ׳ס געשעפט און אָפּטע אַרײַנגייערס אין אונדזער הויז. איצט איז ער געשטאַנען אַנגעטאָן אין אַ דײַטשן מונדיר, מיט אַ ביקס אין דער האַנט און האָט געוואַכט איבער אונדזערע צעבראָכענע און מאָגערע לעבנס.

מײַן שוועסטער פּאַניע האָט זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און איז צוגעקומען צו די דראָטן, וווּ אויף דער צווייטער זײַט איז געשטאַנען דער דאָזיקער ״באַקאַנטער״. אין לויף פון דעם קורצן שמועס האָט ער אויסגעדריקט זײַן ״טיפן באַדויער״ וואָס ער האָט געדאַרפט אָנטיילנעמען אין דער שחיטה. דערבײַ האָט ער געוואָרנט, אַז גאָר אין גיכן וועט מען ליקווידירן דעם לאַגער און ניט איבערלאָזן אפילו איין ייִדן. מײַן שוועסטער האָט אָנגעהויבן בעטן מיט ביטערע טרערן און ציטעריק הארץ, אַז ער זאָל אויף אונדז רחמנות האָבן און אַרויסלאָזן אונדז פון לאַגער ווען קיינער וועט ניט זען.

ווײַזט אויס, אַז מײַן שוועסטערס תחנונים האָבן אָנגערירט אַ פּונק פון מענטש־לעכקייט בײַ דעם דאָזיקן פויערישן יונגערמאַן. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך באַטראַכטן און אונדז געבן אַן ענטפער, ווען ער וועט ווידער שטיין אויף דער וואַך, אין אַכט און פערציק שעה אַרום!...

יעדער טאָג און יעדע נאַכט, יעדע שעה האָט זיך געצויגן פול מיט שרעק און פחד פאַר דעם אָנקומענדיקן מאָרגן. אין לאַגער האָט מען זיך געגרייט, אַז אַ ליאָדע מאָמענט וועלן די מערדער ווידער באַפאַלן דעם לאַגער און ווידער דורכפירן אַ שחיטה.

קוים זיך דערוואַרט ווען דער באַקאַנטער פּאָליציאַנט איז ווידער געקומען צו באַוואַכן דעם לאַגער. איך און מײַן שוועסטער זענען שנעל צוגעלאָפן צו די דראָטן און ווידער אָנגעהויבן צו בעטן אים, אַז ער זאָל אונדז ראַטעווען פון זיכערן טויט. נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָט ער מסכים געווען, אַז מיר זאָלן זיך אַרויסשאַרן פון צווישן די שטעכל־דראָטן ווען קיינער וועט ניט זען, ווען קיינער וועט ניט זײַן אַרום...

ערשט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָס געוואָלט טאָן ניט דווקא אויס רחמנות איבער אונדז, נאָר כדי צו פאַרזיכערן זײַן אייגן לעבן און פון זײַן אייגענער משפּחה. זײַן דאָרף וואָס הייסט היריטש, וווּ ער און זײַנע עלטערן האָבן געוווינט, האָט זיך אין יענער צײַט געפונען אין צענטער פון דעם פּאַרטיזאַנער־ראַיאָן אין דער ליפּיטשאַנער פּושטשע. די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אָפּגערעכנט

מיט די וואָס זענען אַוועק פּרײַוויליק דינען דעם דײַטשן אָקופּאַנט און וועלכע העלפֿן די מערדער אין די שחיטות און ליקווידאַציע פֿון די געטאָס. ניט זעלטן זענען די הײַזער פֿון די קאָלאַבאָראַטאָרן אונטערגעצונדן געוואָרן און זייערע משפּחות זענען באַשטראָפֿט געוואָרן מיט טויט דורך די פּאַרטיזאַנער.

אונדזער באַקאַנטער פּאַליציאַנט האָט געהאַפּט, אַז אויב מיר וועלן זיך ראַטעווען פֿון די דײַטשע קוילן און דערגרייכן צו די פּאַרטיזאַנער, וועלן מיר זיכער זײַן מליצי־יושר פֿאַר אים און פֿאַר זײַן משפּחה און אַזוי אַרום אויסהיטן זיי פֿון דער שטראָף דורך די הענט פֿון די פּאַרטיזאַנער.

...אַ גאַנצן טאָג זענען מיר אַרומגעגאַנגען בײַ די דראָטן און געוואַרט אַז דער פּאַליציאַנט אויף דער וואַך זאָל אונדז געבן אַ סימן, ווען מיר זאָלן אָנהייבן צו קריכן אונטער די שטעכל־דראָטן. יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן זיך געוואָנדן צו אים, האָט ער אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, געבנדיק דערבײַ פֿאַרשיידענע תּירוצים. אונדזער שרעק איז געוואַקסן מיט יעדער שעה. דערווײַל האָבן מיר זיך דערטראַכט, אַז אויב אונדז זאָל אפֿילו געלינגען אַרויסצושאַרן זיך פֿון אונטער די דראָטן און אַנטלויפֿן, וועלן מיר זיכער ניט געפֿינען דעם ריכטיקן וועג און מעגלעך אַרײַנפֿאַלן צו די דײַטשן אָדער אין די הענט פֿון די פּויערים.

נאָוואָרעדאָק און די געגנט אַרום איז אונדז געווען פֿרעמד. מיר זענען געבראַכט געוואָרן אין נאָוואָרעדקער לאַגער אַרײַן פֿון אונדזער היים־שטעטל זשעטל, נאָך דעם ווען מען האָט אויסגעשחט'ן דאָס איבערגעבליבענע רעשטל אין געטאָ. אונדזער ציל נאָכן אַרויסגיין פֿון נאָוואָרעדקער לאַגער איז געווען צו דערגרייכן די פּאַרטיזאַנער־גרופּע פֿון די ברידער ביעלסקי. דאָס איז געווען דער חלום און די שטרעבונג פֿון די לאַגער־מענטשן. זיי האָבן געהאַפּט, אַז זיי וועט דאָך געלינגען זיך אַרויסצורײַסן אויף דער פֿרײַ. איך און מײַן שוועסטער האָבן דעריבער באַשלאָסן מיטצונעמען מיט אונדז אַ וועג־ווײַזער, איינעם, וואָס איז באַקאַנט מיט דער געגנט אַרום און וועלכער ווייס, ווו בעלסקי'ס פּאַרטיזאַנער געפֿינען זיך אין די אַרומיקע וועלדער.

מיר האָבן דערציילט איינעם פֿון אונדזערע שכנים, מיכל קאַבאַק'ן וועגן אונדזער פּלאַן און וועגן דעם פּאַליציאַנט וואָס איז מסכּים אונדז אַרויסצולאָזן. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיכל קאַבאַק באַהאַלט מיט זיך אַ קליין פּיסטאָלעטל און מיט אַזעלכן וועט אפֿשר זײַן דער דער סכּנות'דיקער וועג אַ ביסל זיכערער...

"וועט דען דער פּאַליציאַנט גרייט זײַן אַרויסצולאָזן נאָך איינעם, אין צוגאָב צו אונדז, איינעם וועמען ער קען ניט פּערזענלעך?" — האָבן אונדז געמאַטערט די געדאַנקען. איך בין צוגעגאַנגען צו די דראָטן און "געכאַפּט" מיט אים אַ שמועס. איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל באמת מיר זאָלן זיך ראַטעווען, מוז ער אויך אַרויסלאָזן צוזאַמען מיט אונדז, נאָך איינעם וועלכער קען די געגנט און אַ דאַנק אים וועלן מיר אויסמײַדן אַרײַנצופֿאַלן אין די הענט פֿון די דײַטשן. ער האָט געענטפֿערט, אַז ער האָט מורא אַרויסצולאָזן דרײַ פּערזאָן מיט איין מאָל, ווײַל דאָס אַרויסשאַרן זיך פֿון אונטער די דראָטן וועט דויערן צו לאַנג און די וועכטער,

וואָס שטייען אין די אַנדערע עקן פון לאַגער, וועלן עס נאָך באַמערקן. מיר האָבן פּראָבירט אייַנטענהען מיט אים, אָבער ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט זיך צוהערן צו אונדזער פאַרלאַנג.

בלית־ברירה האָבן מיר, איך און מייַן שוועסטער פאַניע, באַשלאָסן אַז עס וועט זייַן נויטיק זיך צו שיידן און אַרויסגיין יעדער איינער באַזונדער, מיט אַן אַנדער וועג־ווייַזער. אַפּצולייגן דאָס אַרויסגיין אין באַזונדערע טעג, אויף דעם קומענדיקן מאָל, ווען דער באַקאַנטער פּאַליציאַנט וועט ווידער שטיין אויף דער וואַך, האָט געמיינט וואַרטן נאָך פיר פייַנפולע און קאַשמאַרע טעג פון דראָענדיקן טויט.

מייַן שוועסטער, וועלכע איז מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר, האָט זינט דער שחיטה אין זשעטל, ווען מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזער טאַטע־מאַמען, ברודער און שוועסטער, איבערגענומען די השגחה איבער מיר, איר איין־און־איינציקן יינגערן ברודער. זי האָט זיך אויף אַ ווייַל ניט געוואַקלט אין איר באַשלוס, אַז איך זאָל זייַן דער ערשטער אויסצוניצן די געלעגנהייט אַרויסצוגיין אויף דער פרייַ. די געפאַר איבערצובלייַבן אין לאַגער פאַר אַ פרוי איז געווען פילפאַכיק גרעסער ווי פאַר אַ מאַנסביל, וואָס קען נאָך אויסאַרבעטן האָלץ־שיך פאַר די דייַטשע זעלנער. ביי יעדער שחיטה זענען פרויען, קינדער און אַלטע לייַט געווען די ערשטע קרבנות. מייַן שוועסטער האָט דאָס זייער גוט געוווּסט, און ניט געקוקט אויף דעם האָט זי געשיקט איר ברודער זיך צו ראַטעווען פריער, איבערלאָזנדיק איר אייגענעם גורל אין די הענט פון די מערדער.

עס איז שווער געווען צו האַלטן אַ סוד צווישן די ד׳ אמות פון די באַראַקן. די הכנות צום אַנטלויפן האָבן גלייַך באַמערקט די קרוב צוואַנציק שכנים פון דעם באַראַק. אייניקע פון זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט קנאה, וואָס איך האָב די זכיה אַרויסצוגיין אויף דער פרייַ. אַנדערע האָבן זיך געשראָקן, אַז טאָמער וועט מיר ניט געלינגען זיך צו ראַטעווען און איך וועל אַרייַנפאַלן אין די דייַטשע הענט, וועט דער גאַנצער באַראַק באַשטראָפט ווערן מיט טויט. קיינער האָט אָבער ניט פּראָבירט צו שטערן מייַנע פּלענער.

איך האָב אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ לייַכט העמדל, כדי איך זאָל זייַן וואָס מער אייַנגעשרומפּן, ווען איך וועל זיך דאַרפן אַרויסשאַרן אונטער די שטעכל־דראָטן. דער פּאַליציאַנט האָט מיך געוואָרנט, אַז אויב אַ דריטע פּערזאָן וועט פּראָבירן נאָכקריכן, וועט ער אָנהייבן צו שיסן. איך האָב עס דערציילט מייַנע שכנים, איך האָב געבעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן אונדז זיך לאָזן ראַטעווען. ווייַזט אויס אַז די קנאה אין זיי איז געווען גרויס און אפשר האָבן זיי געוואָרט אויף דער געלעגנהייט, ווען זיי וועלן זיך אויך קענען אַדורכשמוגלען אונטער די דראָטן.

פון דער ווייַטנס, אַנטקעגן די דראָטן זענען געשטאַנען צענדליקער יידן און אָבסערווירט אונדזערע באַוועגונגען. איך דערנענטער זיך צו די דראָטן הינטער די אַפּטריט־ביידלעך. איך בעט זיך בייַם פּאַליציאַנט, אַז ער זאָל זיך אַ ביסל דער־ווייַטערן און זיך מאַכן ניט זעענדיק, איך און מייַן וועג־ווייַזער וועלן זיך דאָן

אַרויסשאַרן. ער אײַלט זיך ניט... "שפּעטער... שפּעטער... ווען עס וועט טונקעלער ווערן" — זאָגט ער.

איך ציטער פון שרעק. די צײַט לויפט. באַלד דאַרף ער פאַרענדיקן זײַן שמירה. ער האָט אָבער אויך געהאַט זײַן אויסרעכענונג. האַלב נאָך זיבן אָוונט בײַט זיך די וואַך, וועט ער אונדז אַרויסלאָזן אַ פּאָר מינוט איידער די נײַע וועכטער קומען אָן. טאָמער כאַפּט מען אונדז, וועלן די דײַטשן ניט וויסן ווער עס האָט אונדז אַרויס־געלאָזט...

די שפּאַנונג וואַקסט מיט יעדער מינוט. איך ווער אומגעדולדיק און פּראָביר אין אײַלעניש אויפצוהייבן די דראָטן. — "ניין זאָגט ער, ניט איצט, ווען אַזוי פיל אויגן קוקן אויף אונדז!"

איך זאָג אים — "דאָס זענען דאָך ייִדן און זיי וועלן אונדז ניט שטערן, זיי ווילן מיר זאָלן זיך ראַטעווען".

— "צווישן אײַערע ייִדן זענען דאָ מוסרים און זיי וועלן זיכער דערציילן די דײַטשן וועגן אײַער אַנטלויפן" — האָט ער געענטפערט מיט אַ בייזן טאָן.

איך קער זיך צו די אַרומשטייענדיקע ייִדן און איך בעט זיך בײַ זיי, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין און ניט שטערן אונדזער אַרויסגיין. אַ טייל פון זיי פאַרשווינדן אין די באַראַקן, אייניקע פון זיי בלײַבן שטיין פון דער ווײַטנס און וואַרטן... אפשר וועלן זיי אויך קענען מיטגיין...

איך דערנענטער זיך צו די דראָטן און ניט קוקנדיק וואָס דער פּאָליציאַנט קערט זיך ניט אָפּ, הייב איך אויף פּלוצלונג די שטעכל־דראָטן און קריך אויפן בויך... דאָס האַרץ קלאַפּט ווי מיט האַמערס... די פאַרבלוטיקטע פינגער פון די הענט שנײַדן זיך אַרײַן אין דער קויטיקער ערד און שטופּן מײַן קערפּער פאַרויס... הינטער מיר שאַרט זיך מײַן וועג־ווײַזער מיכל קאַבאַק, נאָך אים רוקט זיך פאַרויס נאָך עמעצער, איינער פון די וואָס האָבן ניט געוואָלט הערן מײַנע רייד פון ניט שטערן אונדזער אַרויסגאַנג פון לאַגער. מײַן שוועסטער פּראָבירט אים אָנצוכאַפּן בײַם אָרבל פון זײַן העמד און בעט זיך בײַ אים, אַז ער זאָל, חס וחלילה ניט אומברענגען אונדז און אויך זיך אַליין. ער רײַסט זיך אַרויס פון אירע הענט און קריכט אונדז נאָך. אַ נס וואָס דער פּאָליציאַנט האָט ניט הרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן עסק און ניט אָנגעהויבן צו שיסן אויף אונדז.

מיר זענען געלאָפן לענג־אויס די קאַרטאָפל־פעלדער. דער דראַנג צו ראַטעווען זיך פון טויט האָט אונדז געטריבן פאַרויס. מיר האָבן זיך ניט אומגעקוקט אויף הינטן צום לאַגער, אָבער מיר האָבן געפילט ווי הונדערטער אויגן פון די פאַר־בליבענע הינטער די דראָטן, קוקן אויף אונדז פול מיט שרעק און פחד פאַר אונדזערע און אויך פאַר זייערע אייגענע לעבנס.

פּלוצלונג האָבן מיר באַמערקט ווי אַ קריסט קומט אונדז אַנטקעגן. אויב ער וועט דערקענען אַז מיר זענען ייִדן, קען ער נאָך אונדז איבערגעבן אין די דײַטשע הענט. עס זענען שוין געשען אַזעלכע פאַלן פריער, מיט עטלעכע חדשים צוריק. עס איז ניט געווען קיין צוריקוועג. מיר זענען געגאַנגען פאַרויס און געהאַפט, אַז

אויך דאָ וועט אונדז בײַשטיין אַ נס. צום גליק האָט דער קריסט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף אונדז. ער האָט זיך זיכער ניט פאַרגעשטעלט, אַז די פאַרבײַ־גייענדיקע זענען אַנטלאָפענע ייִדן פון דעם נאָעטן לאַגער, פאַר וועמענס לעבנס ער קען לײַכט באַקומען אַ פּרייז פון הונדערט מאַרק.

מיר האָבן זיך דערנענטערט צום קאַרעליטשער שאָסיי, וועלכן מיר האָבן געמוזט איבערשנײַדן, כדי אַנצוקומען אין דעם נאָענטן וועלדל. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זענען מיר געלעגן אין דעם טאָל נעבן דעם שאָסיי און געוואַרט אויף אַ מאָמענט, ווען עס וועלן זיך ניט באַווײַזן קיין פורן אָדער, חס וחלילה, אויטאָ־מאָבילן.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און מיר זענען שנעל אַריבערגעלאָפן דעם שאָסיי. מיר זענען פאַרבײַגעגאַנגען די פרישע, נאָך ניט אין גאַנצן־פאַרדעקטע גריבער, וווּ עס ליגן די קרובֿ פון צוויי הונדערט קרבנות פון דער שחיטה פון מיט אַ וואָך צוריק.

— „דאָ ליגן מײַן פרוי און קינד" — רופט זיך אָפּ איינער פון אונדז, זײַן שטימע צעבראָכן, פול מיט געוויין. מיר שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווײַל, בויגן אונדזערע קעפּ איבער די פרישע נאָך ניט־פאַרשאָטענע גריבער און לויפן ווײַטער...

אין לויף דערמאָן איך זיך, אַז זײַענדיק אין לאַגער האָב איך זיך געגעבן אַ נדר, אַז אויב איך וועל זוכה זײַן זיך אַרויסצורײַסן פון לאַגער, וועל איך קושן די ערד וואָס ציט זיך אויף דער אַנדערער זײַט פון די שטעכל־דראָטן. איך פאַל אַנידער אויף די קני און לייג צו מײַנע פאַרשמאַכטע ליפּן צו דעם פײַכטן גראָז...

ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ קליין, געדיכט וועלדל. עס איז נאָך געווען בין־השמשות׳דיק און ווײַטער גיין וואָלט געווען צו געפערלעך. מיר בלײַבן ליגן אין די קוסטעס און באַשליסן צו וואַרטן ביז עס וועט ווערן טונקעלער. פון דער ווײַטנס דערטראָגן זיך צו אונדז קלאַנגען פון פאַרבײַ־פאָרנדיקע אויטאָס, געשרייען פון פויערים, געזאַנגען פון פויערטעס...

אונדזערע הערצער קלאַפּן שטאַרק, די געדאַנקען פליען איינער נאָך דעם צווייטן. האָט מען אונדז באַמערקט בײַם אַרויסגיין פון לאַגער? זוכט מען אונדז שוין אַרום? וואָס וועט זײַן מיט די איבערגעבליבענע אין לאַגער ווען מען וועט אויסגעפינען, אַז מיר זענען ניט געקומען צו דער אַרבעט?

די נאַכט איז צוגעפאַלן און מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אויף די פיס צו שפּאַנען ווײַטער איבער די פינצטערע פעלדער און וועלדער. אונדזער ציל איז געווען צו דערשלאָגן זיך צו דעם קריסט קאָזלאָווסקי, וועלכער האָט געוווינט אויף אַ כוטאָר, בײַ דעם צוועלפטן קילאָמעטער, ניט ווײַט פון שאָסיי וואָס ציט זיך פון נאָוואָרעדאָק קיין לידע. מיר האָבן אויסגעמיטן צו גיין איבער די וועגן, טאָמער קען נאָך עמעצער אונדז באַמערקן. מיר זענען אָפּגעגאַנגען העכער דרײַ שעה צײַט און פאַרלאָרן דעם וועג. קריכנדיק אין טיפע בלאָטעס און איבער פריש־צעאַקערטע פעלדער, האָבן אונדזערע פיס זיך געשלעפּט ווי קלעצער.

פון דער ווײַטנס האָבן מיר פּלוצלונג באַמערקט אַן איינזאַם פויעריש הײַזל.

מיר האָבן זיך לאַנג מיישב געווען, צי מיר זאָלן אַרײַנגיין צום פּויער און אים פרעגן דעם וועג. עס האָט אונדז אַרומגענומען אַ שרעק, טאָמער וועט דער בייזער הונט אַרויספאַלן אויף אונדז און אויפוועקן די פּויערים. ווער ווייס, אפשר געפינען זיך דאָרטן דײַטשן און אפשר לויערן זיי אויף אונדז פון דער ווײַטנס...

מיר האָבן אָבער אויך דערפילט, אַז די נאַכט רוקט זיך ביסלעכווײַז אַוועק און די פרימאָרגן־שײַן וועט אונדז פאַרכאַפּן אין וועג, דאַן וועלן מיר זײַן אויס־געשטעלט צו אַ זיכערן טויט. עס איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה. מיר האָבן געמוזט אויסגעפינען דעם וועג וואָס פירט צו דעם צוועלפטן קילאָמעטער אויף דעם לידער שאָסיי.

מיר האָבן זיך אַנגענומען מיט מוט און זיך דערנעענטערט צום פענצטער. דער הונט האָט אונדז ניט דערשמעקט און איז ווײַטער געשלאָפן אין זײַן בודע. מיכל קאַבאַק האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער ערשטער מיטן פיסטאָלעטל אין האַנט. איך און יאָסעלע מירסקי, דער דריטער פון אונדז, האָבן געהאַלטן שטעקנס אויף די אַקסלען, עס זאָל אויסזען ווי ביקסן.

מיט ציטערנדיקע פינגער האָט מיכל קאַבאַק אַנגעקלאַפּט לײַכט אין פענצטער. קיינער האָט ניט געענטפערט. ער האָט אַנגעהויבן צו קלאַפּן אַ ביסל שטאַרקער. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ פאַרשלאָפענע שטים. — "ווער איז דאָרט!?" — "קום אַרויס און ווײַז אונדז דעם וועג צום לידער שאָסיי" — האָט זיך מיכל אָפּגערופן.

אין דער אָפענער טיר האָט זיך באַוויזן אַ ציטערדיקער פּויער אין זײַנע אונטערוועש. דערזעענדיק אונדז, איז אַרויפגעפאַלן אויף אים אַ שרעק און ער האָט זיך אַנגעהויבן צו בעטן, אַז מען זאָל אים לאָזן לעבן, ער האָט אַ פרוי און קינדער... מיר האָבן אים פאַרזיכערט, אַז אַלץ וואָס מיר ווילן איז, ער זאָל אונדז נאָר באַווײַזן דעם וועג. דער פּויער, דערהערנדיק אונדזער פאַרלאַנג, איז ניט צוריק אַרײַן אין הויז, נאָר איז גלײַך מיטגעגאַנגען מיט אונדז, ער פאַרויס, מיר נאָך אים. אָפּגייענדיק אומגעפער איין קילאָמעטער, האָט ער אונדז אַרויסגעפירט פון וואַלד און אַנגעוויזן אויף דעם שאָסיי, וואָס איז געווען אײַנגעהילט אין אַ טויטער שטילקייט. דער פּויער איז שנעל צוריקגעלאָפן אַהיים און מיר, מיט קלאַפּנדיקע הערצער זענען אַרויף אויף דעם הויפּט־וועג.

ערשט איצט האָבן מיר פרײַער אָפּגעאָטעמט. מיר האָבן געזען די שרעק און אימה וואָס די יידישע פאַרטיזאַנער האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף דער גאַנצער געגנט אַרום. דער פּויער איז געווען זיכער, אַז מיר זענען פון ביעלסקי'ס פאַרטיזאַנער־גרופּע. ער האָט אונדז באַוויזן צו דערציילן, אַז די דײַטשן און די פּויערים אַרום ציטערן אַרויסצוגיין בײַ נאַכט פון די הײַזער, ווײַל אונטער יעדן קוסט לויערט אויף זיי אַ ייִד מיט אַ ביקס אין דער האַנט...

צום ערשטן מאָל זינט דעם דײַטשן אַרײַנמאַרש, האָבן מיר מיט איין מאָל באַקומען דאָס געפיל, אַז פון איצט אָן וועלן מיר זיך מער ניט לאָזן פירן ווי שאָף

צו דער שחיטה, אַז אונדזערע הענט זענען אויסגעשטרעקט נקמה צו נעמען פאַר אונדזערע אויסגעשאָכטענע מאַמעס און טאַטעס, ברידער און שוועסטער.

נאָך עטלעכע שעה גאַנג, האָבן מיר ענדלעך דערזען דעם צוועלפטן קילאָ־מעטער. פון דער ווייַטנס, אויף לינקס, האָבן מיר געקענט באַמערקן אין דער פינצטערניש אַ גרופּע הייַזער. ניט זייַענדיק מיליטעריש געשולט און פאַרגעסנדיק, אַז ערשט מיט אַ פּאָר שעה צוריק האָבן מיר געציטערט פאַר יעדן שאָרך, האָבן מיר מאַרשירט רעדנדיק הויך אויף ייִדיש. מיר האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז עמעצער קען אונדז נאָך דערהערן. אַזוי גייענדיק לענגאויס דעם שאָסיי, האָבן מיר פּלוצלונג דערהערט אַ קול און געקלאַפּ פון אַ ביקס־שלאָס. — "סטאָי, קטאָ אידיאָט ?" (שטיי, ווער גייט דאָרט ?).

ווייַזט אויס, אַז דער לאַגער, מיט זייַנע טאָג־טעגלעכע באַזוכן און אונטער־זוכונגען פון די דייַטשן האָט זיך טיף אייַנגעקריצט אין אונדזער באַוווסטזייַן, ווייַל דערהערנדיק דעם געררויש פון אַ ביקס, האָט זיך אינסטינקטיוו אַרויסגעריסן פון מייַן מויל דאָס וואָרט "האַלט"!

— "לאָזשיס!" (לייג זיך!) — האָבן מיר ווידער געהערט. מיר האָבן זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט פרעגט אַ שטים: — "פּאַראָל"! איינער פון אונדז האָט זיך אָפּגערופן "געטאָ!", "ייִדן!", "ייִדן!" — האָבן מיר אויסגעשריען.

— "שטייט אויף, מיר זענען אויך ייִדן, שרעקט זיך ניט!".

מיר האָבן זיך שנעל אויפגעשטעלט און צוגעלאָפן צו די אומבאַקאַנטע געשטאַלטן, וואָס זענען געווען באַהאַנגען מיט געווער און בלישטשענדיקע מע־טאַלענע קוכלען. מיר זענען אַרויפגעפאַלן, איינער דעם צווייטן אויף די העלדזער און זיך ברידערלעך צעקושט. דאָס זענען געווען פּאַרטיזאַנער פון ביעלסקי'ס אָטריאַד, ייִדן פון נאָווארעדאָק, ליוביטש, איוועניץ און אַנדערע שטעטלעך אַרום. זיי האָבן מיט אַ קורצער צייַט צוריק פאַרלאָזט דאָס הויז פון דעם פּאַרטיזאַנער־פאַרבינדעטן קאָזלאָווסקי.

מיר זענען דאָס געווען די ערשטע אַנטלאָפענע ייִדן פון נאָווארעדקער לאַגער, נאָך דער שחיטה פון זיבעטן מאַי. זיי האָבן אונדז שנעל אַוועקגעפירט צום פויערס הויז, ווו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן זיי אונדז אויסגעפרעגט וועגן אַלץ און אַלעמען אין לאַגער.

דער פויער האָט ווידער געגרייט צום טיש און צום ערשטן מאָל, נאָך לאַנגע חדשים פון זייַן אין לאַגער, האָבן מיר אָפּגעגעסן צו זאַט. מען האָט אייַנגעשפּאַנט פערד און וואָגן און אין אַ פּאָר שעה אַרום זענען מיר אַרייַנגעפאָרן אין ביעלסקי'ס לאַגער, ווו די פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. מע האָט זיך באַצויגן צו אונדז ווי "געקומענע פון יענער וועלט", ווו עס הערשט דער בלוטיקער חלף פון די דייַטשע מערדער. דער קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי האָט מיט אונדז געהאַט אַ לאַנגען שמועס, אויספרעגנדיק גענוי אַלע פּרטים וועגן די לעצטע געשעענישן אין לאַגער.

נאָך אַ קורצער צײַט פון זײַן מיט די פּאַרטיזאַנער אין ביעלסקי׳ס משפּחה־לאַגער, בין איך אַוועק אין ליפּיטשאַנסקער פּושטשע, ווו איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם ״אָרליאַנסקי־אָטריאַד״, וואָס איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון אַנטלאָפענע און געראַטעוועטע פון די שחיטות אין זשעטלער געטאָ.

מײַן שוועסטער פאַניע איז ניט אַרויס פון לאַגער, ניט מיט אַ וואָך שפּעטער און ניט מיט אַ חודש שפּעטער, ווי מיר האָבן געהאָפט, ווען מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט פאַר מײַן אַנטלויפן פון לאַגער. זי איז פאַרבליבן אין מורא׳דיקן פּחד פאַר יעדן אָנקומענדיקן מאָרגן נאָך העכער פיר חדשים צײַט, ווען די לעבן־געבליבענע זענען אַרויסגעקראָכן פון לאַגער דורך אַ טונעל, וואָס זיי האָבן אויסגעגראָבן אונטער די באַראַקן, ביז אויף יענער זײַט דראָטענעם פּלויט. זייער אַרויסגאַנג איז אַנטדעקט געוואָרן און צענדליקער פון זיי זענען געפאַלן טויט פון די קוילן פון די דײַטשע וועכטער.

פאַניע און אַ קליינער צאָל געראַטעוועטע האָבן זיך, נאָך לאַנגע מאַטערנישן, דערשלאָגן צו ביעלסקי׳ס משפּחה־גרופּעס. דאָרטן, בײַ די ביעלסקיס, איז זי געווען ביז דער באַפרײַונג פון אונדזער געגנט דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי אין חודש יוני 1944.

ביז דאַן, האָב איך ניט געוווּסט צי זי איז געבליבן בײַם לעבן, און זי פון מיר האָט אויך ניט געהערט. ערשט אין איינעם פון די יוני־טעג נאָך דער באַפרײַונג, האָבן מיר זיך באַגעגנט אויפן זשעטלער מאַרק־פּלאַץ, זיך אַרומגעכאַפּט פון פרייד און אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין נאָך אונדזערע טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברודער, נאָך אונדזערע ליבע משפּחות, וואָס זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך די דײַטשן און זייערע אַרויסהעלפער.

מיר זענען געשטאַנען אויף די חורבות פון אונדזער אַמאָליקער היים...

## יוסף קערלער

# געלעבט האָט אַ ייִד אויף דער וועלט

מיטן ערשטן בליק — דאַכט זיך — אַ געוויינלעכער ייִד, אַ ייִד פון אַ פולער וואָך, שטענדיק איבערפולט מיט אָן אַ שיעור זאָרגן און פאַרשידענע דאגות, שטענדיק געיאָגט און געטראָגן זיך — ממש געפלויגן...

— וווּהין איז דאָס לויפעניש, ר' מרדכי? — האָב איך אַ מאָל געפרעגט.

— וווּהין, פרעגסטו, יאָשוניע?... — האָט ער מיך אַ וואַרעם געטאָן מיט זײַן ליבלעכן שמייכל, — צו וואָס אײַלט מען זיך אַ גאַנצע וואָך? כדי מען זאָל, חלילה, נישט פאַרשפּעטיקן דעם שבת...

און באמת טאַקע איז דאָס שטענדיקע אײַלעניש זײַנס, די זאָרגן און די דאגות און אַלע זײַנע גרעסערע און קלענערע וואָכעדיקע מעשים — דאָס אַלץ איז ביי אים תמיד געווען ערב שבתדיק.

אין רוסלאַנד, אין ישראל, אין אַמעריקע, אין פיל אַנדערע עקן וועלט — אומעטום וועט איר געפינען ייִדן, וואָס האָבן אויב נישט געקאַנט, האָבן זיי כאָטש געהערט זײַן גוטן שם, דעם שם טוב פון ר' מרדכי שינקאַר ז"ל.

איך האָב געהאַט די זכיה צו דערקענען אים אַ ביסל נעענטער און וויפל צײַט ס'וועט מיר געגעבן ווערן, אַזוי פיל צײַט וועל איך נישט מיד ווערן צו דערציילן וועגן אָט דעם ניט געוויינלעכן און פּראָסט־פּשוטן בערדיטשעווער ייִד.

וואָלט אים עמעצער ביים לעבן געפּרוווט אויפקלערן, אַז אייגנטלעך איז ער, ר' מרדכי, איינער פון די צדיקים פון אונדזער דור, וואָלט ער קודם שטאַרק רחמנות געקראָגן אויף יענעם, וואָס האָט אים געזאָגט אַזעלכע שטותערײַען און ער וואָלט מיט גרויס באַדויער נאָכגעשעפּטשעט, ווי זײַן שטייגער: — נעבעך, נעבעך... דער ייִד איז נעבעך נישט מיט אַלעמען...

— וואָס יאָ? —

ער האָט באַשײַמפּערלעך געשפּירט, ווי דעם אויבערשטנס השגחה שפּרייט זיך איבער אים דאָס גאַנצע לעבן. ער האָט נאָר נישט געקענט באַנעמען — פאַר וואָס קומט עס אים?

פאַר די מצוות? פאַר די גמילות חסדים, פאַר אַ פּרק משניות, פאַר אַ קאַפּיטל תהילים?

איז ערשטנס האָט ער זיך קיין מאָל נישט געהאַלטן פאַר קיין גרויסן אויפטוער און אוודאי נישט פאַר קיין גרויסן למדן, צווייטנס, טוט ער דאָך אַלץ ווידער טאַקע צוליבן אייגענעם פאַרגעניגן און דריטנס:

— הלוואי וואָלט מען געקענט שטענדיק דאַווענען ווען מע דאַרף, עפּעס פּאַרמאָגן, צוליב טיילן גמילות חסדים, שטענדיק זיך האַלטן ביים ייִדישן דין...

— אין הײַנטיקן רוסלאַנד — פּלעגט ער זאָגן מיט אַ קרעכץ — ווי דו זאָלסט זיך נישט היטן פון טרפות, מוז מען געבעך נישט ווילנדיק אויפעסן נישט ווייניקער פון אַ האַלבן "דבר אחר" דאָס יאָר...

אָבער גאָטס חסד איז טאַקע געווען אין לשער. באַרעכנט זיך נאָר, און די וועלכע זענען געקומען פון יענעם "גן עדן" וועלן גוט פאַרשטיין, וואָס דאָס באַטײַט, — זינגט ער געדענקט זיך — האָט ער, דער דאָזיקער ייִד, צוזאַמען מיט זײַן טרײַער ביילע־לעבן, צוזאַמען מיט קינדער און אייניקלעך, געהיט כשרות, אין די שבתים און יום טובֿים — מאַגערער צי זאַטער — נאָר געפּראַוועט אַ שיינעם ייִדישן טיש. קיין אורח האָט אויך קיין מאָל נישט אויסגעפעלט...

צי האָט מען זיי גערודפט? — אוודאי יאָ. אָבער נישט שרעקלעך. גאָט איז אַ פאָטער!...

אמת, טאַקע פאַר זײַן צו אָפּנהערציקער פרומקייט, זענען אין איינער אַ נאַכט געקומען נאָך אים די פֿינצטערע חברהלײַט פון דער ק.ג.ב. איבערגעקערט און איבערגענישטערט דאָס גאַנצע הויז און צוזאַמען מיט אים צוגענומען ווו ערגעץ אַ ספרל...

מען האָט אים געמאַטערט, נישט געגעבן קיין ברויט, קיין וואַסער, קיין שלאָף און פאַרט נישט געקענט דערווײַזן, אַז ער איז נישט געווען מער ווי אַ "פאַנאַטישער תלמודיסט, אַ רעאַקציאָנערער פאַרשפּרייטער פונעם רעליגיעזן אָפּיום" צווישן די ייִדן פון לעמבערג. און ס'איז טאַקע אויך געווען אַ שטיקל נס וואָס ער האָט "אַרײַנגעכאַפּט" פאַר דעם נישט מער ווי אַ "צענערל" — צען יאָר רעזשימנע צוואַנגס־לאַגער...

אָ, וואָלטן זיי, די מחבלים פון ק.ג.ב. זיך דערגרונטעוועט, אַז ער איז נישט נאָר געווען אַ פרומער ייִד, נאָר אויך אַן אַקטיוו־טעטיקער ציוניסט! וואָלטן זיי געוווּסט, אַז אין זײַן הויז אין לעמבערג, האָבן זיך געקליבן אין געהיים צענדליקער ייִדיש־סאָוועטישע משפחות, בעיקר — פון די ליובאַוויטשער, וואָס האָבן שפּעטער דורכגעמאַכט זייער אומלעגאַלע עליה קיין ישראל. געפאָרן זענען זיי, פאַרשטייט זיך, פריִער קיין פּוילן מיט גאַנץ "כשרע" רעפּאַטריאַציע־פּאַפּירלעך...

וואָלטן זיי דאָס געוווּסט אין דער ק.ג.ב., וואָלט ער, ר' מרדכי נישט אָפּגעקומען מיט קיין "צענערל"!

און נאָך אַ נס האָט געטראָפן: אינעם שרעקלעכן רעזשים־לאַגער פון וואָרקוטאַ איז אים אויסגעקומען צו האָרעווען אויף שווערער אַרבעט נישט צו פיל צײַט. נאַטשאַלסטווע האָט זיך געגייטיקט אין אַ הויך־קוואַליפיצירטן בוכהאַלטער און מען האָט אים גלײַך אַרויסגערופן צום שעף.

ר' מרדכי האָט צוגעזאָגט דעם גרויזאַמען גזלן, דעם פּאַלקאָווניק בגאַנקאַ, אַז די בוכהאַלטעריע וועט אַרבעטן ווי אַ זייגער, נאָר וואָדען? מיט איין תנאי: אים, מרדכין, זאָל מען שבת פרײַלאָזן פון אַרבעט...

ביים גזלן האָבן זיך די אויגאַנעס אָנגעגאָסן מיט רציחה, דער דיקער בויך האָט זיך געטרייסלט פון כעס. ער האָט געשריגן, אַז ער וועט דעם פאַרשיווע זשיד פאַרקאַטעווען צום טויט, אַרײַנוואַרפן אים אין פינצטערן קאַלטן קאַרצער און זאָל ער דאָרטן פּראָווען זײַנע זשידאָווסקע שאַבאַשן...

ר׳ מרדכי שינקאַר האָט שווײַגענדיק אויסגעהערט אַלע דראָונגען, אַלע שמוציקע זידלערײַען און דערנאָך שטיל און הכנעהדיק געזאָגט:

כ׳בין אין אײַער מאַכט אדוני נאַטשאַלניק, אָבער ס׳איז נישט אין קיינעמס מאַכט מיך צווינגען מחלל שבת זײַן...

בקיצור — מען האָט זיך אויסגעדונגען, אַז ר׳ מרדכי גייט יאָ אַרויס יעדער שבת אי קאַנטאָר, דאָרט וועט ער זיצן, אָבער אַרבעטן וועט ער ניט...

נו, איז דאָס נישט געווען קיין חסד פון זײַן ליבן נאָמען? — — —

אין לאַגער האָט ר׳ מרדכי, כדי אויסצומײַדן טרפות, זיך באַנוגנט מיט דער לעפּקע פּייקע ברויט און פאַרטרונקען מיט וואַסער. און פלעגט ער אַ מאָל באַקומען אַ פּעקל פון דער היים, פלעגט ער עס אויך תיכף פאַרטיילן צווישן די אויס־געמאַטערטע, שטענדיק הונגעריקע ייִדן־"ראַבאָטיאַגעס", דאָס הייסט, צווישן די, וואָס ווערן אויסגעריסן אויף די שווערסטע קאַטאָרגע־אַרבעטן: אין קוילנגרוב, ביים קעסל־אויוון, שאַכטיאָכן, ערדגרעבער, לאַסט־טרעגער.

ביים באַקומען זײַן מאַגערן געהאַלט, פלעגט ער שוין פּאַקן ערגעץ אין אַ ווינקל עמעצן פון די סאַמע באַליידיקטע, הונגעריקע און געיאָגטע:

— רב ייִד, טוט מיר אַ טובה, נעמט ביי מיר אַ גמילות חסד...

— אַ דאַנק, ר׳ מרדכי — זאָגט יענער, זיך שטיקנדיק מיט דער אָנגעלאָפענער סליונע אין מויל — אַ דאַנק, כ׳קען זיך נאָך באַגייען...

ר׳ מרדכי כאַפּט פאַרן אַרבל פון יענעמס וואַטיוווקע און בעט זיך שוין ממש מיט אַ טרער אין דער שטימע:

— נאַרישער ייִד וואָס איר זייט! כ׳האָב דען אײַך אין זינען? זיך, זיך אַליין! אַ מענטש איז דאָך גיט מער ווי אַן עגאָיִסט — לאָזט מיך פאַרדינען אַ מצוה!

ביי אַן אַנדערן, אַ יונגן יאַדישליוון בחור, בעט ער זיך:

— איר דאַרפט וואַרפן רויכערן. פאַר אײַערע קראַנקע לונגען איז דאָס רויכערן — סם המות. ווייסט איר וואָס? הייבט אָן פון נישט רויכערן אום שבת, וועט איר שוין זען ווי גרינג דאָס איז...

ס׳איז געווען אַ צײַט, ווען כ׳האָב זיך אַזוי שווער פאַרהאַרעוועט אין דער קוילן־שאַכטע, אַז ס׳האָט שוין, דאַכט זיך, קיין כוח נישט געקלעקט נישט צום עסן און נישט צום שלאָפן. האָט ער מיך אַ מאָל געטראָפן, ר׳ מרדכי, און מיט גרויס רחמנות אין די טרויעריקע אויגן זײַנע, געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

— כ׳וויל אײַך, יאַשוניע, כ׳וויל זייער אײַך אויסלערנען צו זאָגן פאַרן שלאָף קריאת שמע; אָבער ביז וואָס — פאַרגעדענקט און פאַרגעסט נישט איבערצוחזרן אויך יעדן אין דער פרי ביים אויפשטיין צו דער אַרבעט:

שמע ישראל ה׳ אלקינו, ה׳ אחד — — —

— — — — — — — —

כ׳וואָלט געקענט נאָך אַ סך, אַ סך דערציילן וועגן ר׳ מרדכי שינקאַר ז״ל, אָבער כל זמן, ווי ער פלעגט זאָגן, סע ברענט נאָך דאָס ליכטל מוז מען זיך פאַרקיילעכיקן.

בקיצור און מיט דער הילף פון דעם וואָס לעבט אייביק — ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון וואָרקוטער צוואַנגס־לאַגער און שפּעטער פון ״סאָציאַליסטישן לאַגער״ בכלל...

ער איז עולה געווען, מיט דער גאַנצער משפחה און טאַקע איינער פון די ערשטע, קיין ישראל. זיך באַזעצט אין בני ברק, געגרינדעט אַ גמילות חסדים־קאַסע ״קדושת לוי״ — אויפן נאָמען פון זיין באַליבטן רב לוי יצחק דעם בערדיטשעווער זצ״ל. אַ קאַסע, וואָס האָט געהאָלפן איינגלידערן זיך הונדערטער און הונדערטער נייע עולים פון רוסלאַנד און פון אַנדערע לענדער... און פונקט ווי דאָרט, אין לאַגער פלעגט ער אויך דאָ צוזאַמענשטעלן יידישע קאַלענדאַרן און בענטשערלעך, איצטער שוין שיין געדרוקטע, נישט פון דער האַנט געשריבענע ווי אַמאָל און נישט אויסבאַהאַלטן מער פון אַ בייז אויג...

— — — — — — — —

יענער שבת צו נאַכטס, ווי ס׳דערציילן זיינע קינדער, האָט זיך געלויכטן מיט אַ באַזונדער מין שיין. דער טאַטע און זיידע מאָטיע, וועלכער האָט זיך נישט לאַנג אומגעקערט פון שפּיטאָל נאָך אַ שווערער קרענק, איז געזעסן אויבן־אָן און מיט אַ באַזונדער האַרציקייט געזונגען דעם ״ידיד נפש״, געזאָגט קאַפּיטלעך תהילים און אַלעמען אַרום איז געווען אַזוי גוט, אַזוי פריידיק אויפגעלייגט אויפן האַרצן כאָטש דער שבת גייט אַוועק... און אָט נעמט ער שוין ר׳ מרדכי דעם שיינעם הבדלה־כוס אין דער האַנט און דאָ טאַקע האָט ער שטיל און אומגעריכט אויס־געהויכט זיין ריינע נשמה...

פאַרבליבן אויף שטענדיק שוין אין תחום פון שבת הקודש...



## משה שקליאר

### נאַכט

די נאַכט איז שטיל,
די נאַכט איז בלאָ
און איך בין דאָ
און בין נישטאָ.
אין דרויסן ערגעץ שפּילט אַ גריל —
די נאַכט איז שטיל,
די נאַכט איז שטיל.

אַ שטערן פֿונעם הימל פֿאַלט
און איך בין יונג
און איך בין אַלט
ווי דער שטערן אין דער נאַכט —
אַ שטערן פֿאַלט,
מײַן שטערן פֿאַלט — — —

די נאַכט איז שטיל,
די נאַכט איז גרין
און מיך ציט אַלץ אַהין, אַהין,
ווו איך בין דאָ
און בין נישטאָ,
ווו איך בין יונג
און איך בין אַלט
און דער שטערן אַלץ נאָך פֿאַלט
אין דער גרין-בלאָ-שטילער נאַכט,
וואָס אַ מאָל כ׳האָב אויסגעטראַכט.

### אין יעדן טראָפּן

געהערט ערגעץ דעם קלאַנג
און כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען

פֿון ווי און וואַנען
צי ס׳איז געווען געזאַנג,
צי בלויז אַ שטילער ברומען,
אַ שטומער ניגון,
וואָס וויל נישט שטומען — — —

ער גייט מיר נאָך דער קלאַנג,
דאַכט זיך, פֿון וויגל,
און אפֿשר גאָר פֿון יענעם לאַנג.
וואָס קאָנסט בלויז אַנען
און דאָך איז ער פֿאַראַנען
אין יעדן טראָפּן פֿון דײַן בלוט.



## נײַע ביכער

**זאַמי פעדער** — ״דורך 12 גיהנום־פײַערן״. ה. לייוויק־פאַרלאַג. 1985. פאָרוואָרט פון מ. צאַנין. פאַרטרעט געצייכנט פון מיכאל מילבערגער. 188 ז׳.

**יאָסל בירשטיין** — ״דער זאַמלער״ (ראָמאַן). פאַרלאַג ספרי סימן קריאה, הוצאת הקיבוץ המאוחד, תל־אביב, 1985. אַרויסגעגעבן דורכן ליטעראַטור־פאָנד א.ב. פון ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ביי דער ירושלימער יידישער קולטור־געזעלשאַפט. שער־בלאַט פון נורית ענבר־שגי. 224 ז׳.

ש. בר-עוזי

## די אָפּעראַציע אין מאַרינסקער לאַגער-שפּיטאָל *

צווישן דער 5טער און 6טער חזיר־שטאָל איז געלעגן אַ טיפער טאָל, צו וועלכן ס׳האָט זיך אַראָפּגעשלענגלט דער וועג, מאַכנדיק אַ קרײַז, ס׳איז דווקא געווען אַ מער קורצער וועג צום דורכגיין מיט אַ סטעזשקע, אָבער פאַר מיר, מיט אַ שלעכטער ראיה איז עס מעגלעך געווען נאָר אין די ליכטיקע שעהן.

גייענדיק שפּעט בײַ נאַכט אין אַ נאַסן וועטער צו מײַן צווייטער חזיר־שטאָל, טאַפּנדיק דעם גרונט מיטן שטעקן, האָב איך, באַרג אַראָפּ, זיך אויסגעגליטשט, געפאַלן און געכאַפּט אַ פּעסטן זעץ אין דער אונטערשטער טייל פון קערפּער. כ׳האָב גלײַך דערשפּירט אַ שרעקלעכן ווייטיק אויפן אָרט פון דער קילע.

איך ליג אויף דער נאַסער ערד און ראַנגל זיך, פּרווונדיק די קילע אַרײַנ־פּראַווען אויף איר אָרט. די הענט זענען שוין בײַ מ־ר פאַרבלאָטיקט און כ׳קען זיך מיט גאָרנישט העלפן און טאָר זיך נישט צורירן צו דער אַרויספאַלנדיקער מאַסע. איך האָט גלײַך פאַרשטאַנען צו וואָס אַזאַ לאַגע קען מיך דערפירן. וואָס טוט מען? ס׳איז אַ פינצטערניש. איך מוז האָבן באַלדיקע מעדיצינישע הילף. ס׳פלאַמט מיר דאָס פּנים פון היץ און איך באַגיס זיך מיט שווייס. סע שנײַדן די ווייטיקן ווי מיט מעסערס. ווער וועט מ־ך דאָ דערהערן? כאָטש בײדע חזיר־שטאַלן, צווישן וועלכע איך ליג דאָ אויף דער ערד זענען נאָענט פון מיר, אָבער מײַן קול וועט בשום אופן נישט דערגיין צו די פאַרמאַכטע אויף נאַכט שטאַלן. אויך דאָס כרוקעניש פון די חזירים וועט שטערן צו דערהערן מײַן רוף.

שוין פאַרלוירן אַ היפּש ביסל צײַט ווי כ׳ראַנגל זיך און כ׳זע נישט קיין אויסוועג. ס׳קען זיך מאַכן חלילה, אַז די הילף זאָל שוין קומען צו שפּעט... כ׳האָב געוווסט, אַז ס׳דאַרפן דאָ ערגעץ אַרומגיין די לײַט פון דער פרײַער וואַך, וועלכע היטן אָפּ דעם לאַגער שטח, אַז די אַרעסטאַנטן זאָלן נישט אַנטלויפן פון די לאַגערן, איבערהויפּט אין די פינצטערע נעכט.

איך האָב אָנגעהויבן רופן צו הילף אַלץ העכער. שוין דערגאַנגען צו אויסער־געוויינלעכע קולות. די שרעק באַהערשט מיך וואָס אַ מאָל שטאַרקער און מײַנע גוואַלד־געשרייען זענען ווי אַ ״קול קורא במדבר״. פּלוצים דערהער איך פאַרט פון ווײַטנס: ווער שרײַט? מ׳האָט זיך צו מיר דערנענטערט. דאָס איז געווען אײנער פון די נאַכט־וועכער — ער האָט מיך דערקענט... איך האָב געבעטן תיכף

* פון בוך ״מײַן יסורים־וועג״ (2טער טייל).

איבערגעגעבן דעם באַטשאַלניק לאַריאַנאָוו, וועלכער האָט געוווינט נישט ווײַט פֿון דאַנען, אַז ער זאָל אַרויסרופֿן ד״ר זײַצעוו פֿון שפּיטאָלעכל אין ערשטן ל״ַגער (ווו איך בין פֿריער געלעגן מיט אַ לונגען־אָנצינדונג), אָבער נישט אַזוי גיך טוט זיך, ווי סע רעדט זיך. קיין טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונג איז דאָ נישט פֿאַראַן. אויך נישט קיין פֿערד. מײַן פֿערד שטייט אין שטאַל גאַנץ ווײַט פֿון דאַנען. מען דאַרף לויפֿן צו פֿוס אין דער פֿינצטערער נאַכט. ווער וויל דאָס און ווער דאַרף דאָס? סע שטייען שוין נעבן מיר עטלעכע בײַנאַכטיקע שטאַל־באַדינער. עמעצער פֿון זיי איז דאָך אַוועק און אין אַ צײַט אַרום איז געקומען לאַריאַנאָוו מיט זײַן ״עקיפּאַזש״, אָבער איך קען זיך פֿון אָרט נישט רירן. די ווייטיקן זענען גרויס. איך שרײַ.

מען האָט סוף סוף געבראַכט דעם ד״ר זײַצעוו, וועלכער האָט מיר אין דער פֿינצטער אַ ביסל פֿאַרגרינגערט און געהאָלפֿן צופֿירן צו זײַן שפּיטאָלעכל. ער האָט דורכגעמאַכט אייניקע פּראָצעדורן מיט אַן אײַנשפּריצונג און באַגלייט פֿון אַ באַוואָפֿנטן קאָנוואָיר (איך זאָל, חלילה, נישט אַנטלויפֿן) מיך אָפּגעשיקט אין מאַרינסקער לאַגער־שפּיטאָל, שטרענג אָנזאָגנדיק דעם קוטשער, ער זאָל פֿאָרן פּאַמעלעך און פֿאָרזיכטיק.

מער ווי 3 שעה (אַרום 30 קילאָמעטער) האָט געדויערט דער זייער פּײַנלעכער וועג. מ׳ר האָבן זיך געשלעפּט איבער אַ נישט ברוקירטן שליאַך, פֿול מיט גריבער, בערגלעך, שטיינער און אויך דורכגעשניטן אַ טיף טײַכל צווישן די דערפֿער ״טשעבולינקע״ און ״באַימקע״. יעדער שטיין אין וועג האָט אַרויסגערופֿן ווייטיק ביז געשרײַ. איך האָב דאָס אָרט פֿון דער קילע די גאַנצע צײַט צוגעהאַלטן מיט די הענט.

אין כירורגישן אָפּטייל פֿון מאַרינסקער לאַגער־שפּיטאָל האָט מען תיכף אָנגעהויבן מאַכן אַלע צוגרייטונגען, ביז דער הויפּט־כירורג ד״ר סטאַרצעוו ניקאָלײַ סטעפּאַנאָוויטש איז אָנגעקומען. נאָכן באַטראַכטן מיך גאַנץ גענוי און לויט די שנעלע צוגרייטונגען צו דער אָפּעראַציע, האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז מײַן לאַגע איז קאָמפּליצירט ווײַל שוין פֿאַרבײַ נישט ווייניקער פֿון 6־7 שעה, זינט ס׳האָט זיך געטראָפֿן מיט מיר אָט דער אומגליק.

ווען איך בין שוין געלעגן אויפֿן אָפּעראַציע־טיש, האָט ד״ר סטאַרצעוו געבעטן מײַן הסכמה אויף דורכמאַכן גלײַכצײַטיק אַ צווייטע אָפּעראַציע אויף אַפּענדיציט. דאָס — זאָגט ער — וועט נאָר זײַן אַ לענגערער שניט. ס׳איז מיר שוין געווען אַלץ איינס, און איך האָב אים געגעבן מײַן הסכמה. צי האָב איך געהאַט אַן אַנדער ברירה?

די אָפּעראַציע איז דורכגעגאַנגען בשלום. די באַדינגונגען זענען דאָ געווען פֿיל בעסערע ווי אין די פֿריערדיקע לאַגער־שפּיטעלער.

בשעת׳ן איבערבינדן מיר די וווּנד בײַ דער קראַנקן־שוועסטער אין קאַבינעט, האָט דער ד״ר סטאַרצעוו מיך אויסגעפֿרעגט וועגן פֿיל איינצלהייטן. איך האָב אים דערציילט וועגן מײַן לאַגער־לעבן און אויך וועגן דעם, אַז איך וואַרט אויף אַ ביזטערמיניקער באַפֿרײַונג, וועלכע די לאַגער־אַדמיניסטראַציע האָט מיר צוגעזאָגט,

און אַז דערבײַ איז אויך געווען דער הויפּט־נאַטשאַלניק פון ״סיבלאַג״ פילימאַנאַוו.

סטאַרצעוו האָט מיך געטרייסט, אַז זיי וועלן זיכער זייער צוזאָג אויספילן און דאָס וועט זײַן דער פּרײַז פאַר מײַן אויסנאַמעלעכער אַרבעט בעת דער מלחמה־צײַט. דערבײַ האָט ער מיר מגלה־סוד געווען, אַז אויך ער האָט דאָ געהאַט אַ פּסק דין פון 10 יאָר, און דאָ טאַקע האָט ער זיך באַפרײַט. ער איז דאָ פאַרבליבן אַרבעטן ווי הויפּט־כירורג שוין ווי אַ פרײַער.

דער דאָקטער האָט מיר אויך פאַרטרויט, אַז יענע נאַכט, ווען ס׳איז מיט מיר געשען דאָס אומגליק, ווי אויך דער שווער־דורכגעמאַכטער וועג ביזן שפּיטאָל, און שפּעטער, איז פאַר מיר געווען לעבנס־געפערלעך, אָבער אי־צט איז די געפאַר פאַרבײַ און קיין שום סכנה דראָט מיר נישט מער.

נאָך אונדזער געשפּרעך האָב איך אָנגעהויבן צו שפּירן אַ באַזונדערע נאָענטקייט צו מײַן דאָקטער, גלײַך ווי מיר וואָלטן שוין אַ לענגערע צײַט באַפרײַנדעט געווען. איך האָב אָבער בשום אופן דאָס נישט אַרויסגעוויזן. מיר זענען אין פּאַלאַטע געווען 6 אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע אָפּעראַציעס. דאָרט האָב אי־ך שוין פיל געהערט וועגן ד״ר סטאַרצעוו און געמאַכט אַן אויספיר, אַז איך האָב זיך נישט טועה געווען אין מײַן גוטער מיינונג וועגן אים.

איך האָב זיך אַ ביסל באַרויִקט און ווידער אָנגעהויבן צו מאַכן ״פּלענער״ וועגן מײַן ווײַטערדיקער אַרבעט, שוין ווען איך וועל געזונט ווערן. ליגנדיק אין שפּיטאָל האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט דערמאָנען זיך און פאַרהאַלטן אי־ן זכרון, אַ רײ עפּיזאָדן פון מײַנע איבערלעבענישן, געשעענישן, וועלכע איך האָב באַדאַרפט פאַרצייכענען אין די קומענדיקע זכרונות, אויב איך וועל זיך דערוואַרטן די פרײַהייט.

צי וועלן זיך מײַנע אָנגעזאַמלטע פאַרצייכענונגען פאַרהיטן און נישט אַרויס־געוואָרפן ווערן דורך די באַדינער פון מײַן צימערל אין חזיר־שטאַל ? — האָב איך זיך געזאָרגט. איך בין דאָך דאָרטן נישט געווען בשעת׳ן אָפּפירן מיך אין שפּיטאָל און נישט צוגעשלאָסן ווי געהעריק די טיר. אַ סך פון מײַנע פאַרצייכענונגען זענען שוין נישט איין מאָל פאַרלוירן געגאַנגען און נישט שטענדיק בין איך בכוח געווען צוריק אַלץ פאַרשרײַבן. אַ טייל גייט שטענדיק לאיבוד אין די לאַגער־באַדינגונגען. גוט, וואָס זיי זענען געשריבן אין ייִדיש, וואָס אי־ז דאָ פאַר קיינעם נישט פאַר־שטענדלעך.

### מײַן איבעראַשונג

מײַן צושטאַנד נאָך דער אָפּעראַציע פאַרבעסערט זיך. אין איינעם אַ פרימאָרגן בין איך לאַנג געלעגן פאַרזונקען אין מײַנע מחשבות ביז כ׳האָב אויף ס׳נײַ אײַנגעדרעמלט... צי האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עמעצער איז בײַ מײַן בעטל געווען ? אפשר די רוימערינס (סאַניטאַרקעס) אָדער די קראַנקן־שוועסטער ? אפשר האָט זיך עמעצן געוואָלט אַ קוק טאָן און זען מײַן מצב ? איך ווייס נישט.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז צווישן מיר און דער וואַנט, צוגעדעקט מיטן לײַלעך געלעגן אַ פּעקעלע אַרײַנגעלייגט אין אַ ווײַס ציכעלע. איך האָב מיט ציטערנדיקע הענט דאָס באַטאַפּט אונטערן לײַלעך. דאָרט איז געלעגן אַ שטיק קוכן, שאָקאָלאַד, עטלעכע עפּל און אַ שטיקל טואַלעט־זייף. וואָס איז דאָס? ווער האָט דאָס אונטערגעוואָרפן? צי איז דאָס, חלילה, נישט קיין פּראָוואָקאַציע? איך פרעג בײַ איינעם, צווייטן פון די קראַנקע ווער איז דאָ געווען בײַ מײַן בעט. קיינער ווייסט נישט. — האָט מען עפּעס בײַ דיר צוגעגנבעט — האָט אייגער פון זיי געפרעגט. מע ווייסט נאָר, אַז דער דאָקטער סטאַרצעוו איז דאָ געווען פאַר טאָג (ווי יעדעס מאָל נאָך אָפּעראַציעס), אָפּגעשטעלט זיך בײַ יעדען בעטל, אַ קוק געגעבן אויפן קראַנקן, בײַ אייניקע געטאַפּט דעם דופּק און איז ווײַטער אַוועק. איך האָב אַלץ אַרײַנגעלייגט אין מײַן שענקעלע און געווען זייער... נישט רויִק.

מען האָט מיך שפּעטער אַרײַנגעפירט אין איבערבינדונגס־צימער. ד״ר סטאַרצעוו האָט באַטראַכט מײַן ווונד, געזאָגט עפּעס צו דער קראַנקן־שוועסטער. ווען זי איז אַרויס פון קאַבינעט, האָט ער מיר שטיל געזאָגט, אַז ער אַליין האָט מיר געבראַכט דאָס פּעקעלע בסודי סודות, כאָטש ער טאָר דאָס נישט טאָן כלפּי אַרעסטאַנטן. ער האָט מיר פאַרבאָטן ווײַטער שטעלן אים פראַגן און פאַרלאַנגט איך זאָל דאָס פּעקעלע אויסנוצן געזונטערהייט.

ליג איך אין בעט און טראַכט. דאָס איז נישט עפּעס סתם. וואָס עפּעס אין מיטן דערינען? פאַר וואָס שטעלט ער זיך אײַן פאַר מיר? און דער עיקר — ווי אַזוי דערגייט מען דעם סוד? ווי אַזוי קען איך מיט אים ריידן נאָך דעם, ווי ער האָט מיר פאַרבאָטן שטעלן פראַגן? חוץ דעם, איז ער דאָך כסדר אין דער אַרומרינגלונג פון קראַנקע אָדער פון מעדיציניש פּערסאָנאַל, וואָס אַלע פון זיי זענען אַרעסטאַנטן. ווּעמען פרעגט מען און מיט וועמען קען מען זיך טיילן אין מײַנע איצטיקע באַדינ־גונגען? אַלע זענען דאָך דאָ פרעמד פאַר מיר אין אַ פרעמדן לאַגער. אויב אויף דער פרײַ בײַ אונדז "האָבן אויך די ווענט אויערן", איז דאָך דאָ אוודאי און אוודאי. צי זענען דאָ נישטאָ אויך אַזעלכע ווי באַטאַלאָווס "שמעקער"?

מ'האָט מיך וו־דער אַרויסגערופן צו סטאַרצעוון אין קאַבינעט. ער איז דאָס מאָל געווען אַליין. ער האָט מיך באַטראַכט אויפמערקזאַם. דאַכט זיך אַז ער וויל עפּעס זאָגן, אָבער עפּעס קוועטשט אים. ער האָט פּשוט מורא. ער דערלאַנגט מיר אַ פּאַפּירל אין וועלכן ס'זענען אָנגעשריבן עטלעכע שורות און פרעגט צי קען איך דאָס איבערלייענען? איך פּראָביר לייענען מיט מײַנע קאַליע אויגן דאָס אָנגעשרי־בענע. כ'מעג שווערן — אַ באַקאַנטע האַנטשריפט. איך ווער איבערראַשט...

— גאָט! ס'איז דאָך מײַן פרויס כתב!... טאַקע. 4 יאָר פאַרבײַ ווי איך האָב באַקומען אירע לעצטע בריוו, פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, ווען איך האָב זיך נאָך געפּלאָגט אין באַזימער אינוואַלידן־לאַגער. איך האַלט נישט אויס און — ס'גיבן זיך אַ גאָס טרערן פון מײַנע אויגן. דער דאָקטער באַרויִקט מיך.

איך לייען איבער: "טײַערער! מיר לעבן. דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. מיר זענען גליקלעך מיט דער ידיעה וועגן דיר. איך אַרבעט. די מאַמע איז קראַנק. די

קינדער לערנען זיך. האָפן דיך נאָך זען. שרייַב נישט צו אונדז. מיר אַלע קושן דיך. דייַנע וועלכע האָבן דיך נישט פאַרגעסן". קיין אונטערשריפט איז ניטאָ. סע פּלאַצט אַרויס פון מיר אַ געוויין... אָבער מייַן ליבער ד"ר סטאַרצעוו בעט מיך זיך האַלטן רויִק, מעשׂה "מאַנצביל" און נישט אַרויסווייַזן קיין איבעראַשונג, נישט שטעלן קיין פראַגן און... רעכענען זיך איצטער מיט זייַן אייגענער לאַגע. וואָס מען דאַרף — האָט ער געזאָגט — וועט ער אַליין מיט דער צייַט דערציילן. איך האָב זיך אייַנגעשטילט. און אָט וואָס ער גיט מיר איבער:

זייַן טאָכטער טאַטיאַנאַ ניקאָלייַעוונאַ (אויך אַ כירורג) און מייַן פרוי אַרבעטן צוזאַמען אין מיליטערישן שפּיטאָל, וועלכער געפינט זיך איצטער אין מאַרינסק (פריער איז דאָס געווען אַ פעלד-שפּיטאָל בייַם פראָנט און איצטער איז ער איבערגעפירט געוואָרן אין טיפן הינטערלאַנד). זיי זענען ביידע געוואָרן מאָביליזירט. די שפּיטאָל-אָנפירונג און דער פּאָליט-אָפּטייל ווייסן נישט, אַז זי, מייַן ווייַב איז אַ פרוי פון אַ פּאָליטיש-רעפּרעסירטן מאַן, וואָס געפינט ערגעץ, נישט וווּ, אין אַ לאַגער מיט אַ 10-יאָריקן פּסק דין (שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז איינער פון זיי, ד"ר רעווסקי, האָט יאָ געוווּסט, אָבער זיך נישט געמאַכט וויסנדיק). זי האָט געמוזט דאָס אויסבאַהאַלטן צוליב דער געפאַר פאַר דער גאַנצער משפּחה. ד"ר סטאַרצעווס טאָכטער מיט מייַן פרוי זענען זייער באַפרייַנדעט. ווען סטאַרצעוו האָט דערציילט זייַן טאָכטער וועגן מיר און מייַן פאַל — האָט זי זיך געכאַפּט, אַז די פאַמיליע-נעמען (מייַנע און מייַן פרויס) זענען די זעלבע... און דאָס האָט געבראַכט צו דער פאַרבינדונג. דאָס באַקומענע פּעקל האָט מיר איבערגעגעבן מייַן פרוי דורך זייַן טאָכטער. נישט מער.

פאַרגעדענקט — זאָגט מיר דער דאָקטער — אַז דאָס דערציילטע מוז דערווייַל פאַרבלייַבן בסודי סודות, אין דער טיפסטער פאַרבאָרגעניש...

17 טעג בין איך געלעגן אין מאַרינסקער לאַגער-שפּיטאָל. נאָך דעם איז געקומען אַ ספּעציעלער קאָנוואָי און מיך אַ "היימ" געפירט צו מייַן טאָג-טעגלעכער אַרבעט.

בייַם פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל האָב איך ווידער באַקומען אַ וואָרענונג פון ד"ר סטאַרצעוו, אַז איך זאָל זייַן פאָרזיכטיק מיט פיזישער אַרבעט, נישט דערלאָזנדיק קיין שום אָנשטרענגונגען אין די ערשטע וואָכן נאָכן שפּיטאָל. ער האָט אויך וועגן דעם אָנגעשריבן צום לאַגער-דאָקטער.

פאַרשטענדלעך, אַז אין לאַגער-סאַווכאָז האָט מען שוין אויף מיר געוואַרט. מען האָט באַדאַרפט אָפּשיקן פאַרן פראָנט אַ גרעסערן טראַנספּאָרט מיט פלייש, וואָס אָן מיר איז דאָס געווען פיל שווערער פאַר די איבעריקע מיטאַרבעטער פון די פאַרמס.

## אברהם וועלעדניצקי

(1959—1894)

### פון עזבון

* * *

**משהס אָנדענק ***

דער ווינטער-טאָג מיך נעמט אין קלעם,
דאָס האַרץ איז מיט אַ שלייף פֿאַרצויגן.
איך לאָז אַראָפּ אַצינד די ברעם,
דײַן בילד זאָל העלן פֿאַר די אויגן.

ווו איז דאָס אָרט פֿון דײַן געפּעכט
אַקעגן מענטשישע שאַקאַלן?
דעם קאָפּ כ׳וויל נייגן צו דער ערד,
צו יענער ערד, ווו ביסט געפֿאַלן.

פֿון ווינט און גרויל דאָס בלוט הײַנט פֿרירט,
דער בליק — אין ווײַטקייט אײַנגעצויגן.
כ׳בעט בײַם ווינט הײַנט, כ׳בעט איין ריר,
כ׳וויל זען דאָס ליכט פֿון דײַנע אויגן.

### מיין פֿאָלק

אָט פונקט ווי אַ קינד
דערקענט פֿון דער ווײַט
דאָס מאַמעשע קול —
צווישן פֿעלקער אַזוי
דערקען איך מײַן פֿאָלק.
כ׳דערקען יעדן שטריך

* משה וועלעדניצקי, דעם דיכטערס זון, וואָס איז געפאַלן אין דער מלחמה קעגן די נאַצישע רוצחים.

פֿון געזיכט. אין אויג —
די ווייכקייט פֿון בליק,
די שײַן זײַנע, זע איך
אויף כוואַליע פֿון צײַטן זיך וויגט.

און איך זע אַט אַ ייִנגל,
אַ חיות — אַ ייִנגל
מיט שמייַדיקן קוק,
איך וועל ניט פֿאַרגעסן . . .
איך וועל ניט פֿאַרגעסן
די טויזנטער קינדער,
וואָס פֿײַנד האָט פֿאַרצוקט.
און טרעף איך אַ יונגן
מיט פּנים געקנייטשט
און שטערן געקאַרבט,
פֿאַרשטיי איך מיר גרינגלעך,
וואָס סע זאָגט דאָס געזיכט
און פֿון פּנים די פֿאַרב.

און דעמאָלט . . .
כ׳בעט איינס בײַ מײַן פֿאָלק,
איך וויל ניט קיין סך.
מיט פּשוטע ייִדן,
מיט אַלע באַגלײַך
כ׳וויל בלײַבן אַ טראָפּן
אין לויטערן טײַך.



## מאיר חרץ

# פון מיין נאָטיץ-ביכל

### 1. קאָמוניסטישע געפֿאַר

דער אויסדרוק ״קאָמוניסטישע געפֿאַר״ איז מיר געווען באַקאַנט נאָך פֿאַר דעם 28סטן יוני 1940, ווען די רויטע אַרמיי פֿון סאָוועט־רוסלאַנד איז אַרײַן קיין באַסאַראַביע און קיין צפֿון־בוקאָווינע און אונדז געמאַכט פֿאַר סאָוועטישע בירגער אַ קורצע צײַט נאָך דעם ווי צענדליקער טויזנטער ייִדן האָבן דאָרט אַ דאַנק דער אַזוי גערופֿענער ״רעוויזיִורעאַ״ (רעוויזיע) פֿאַרלוירן די רומענישע בירגערשאַפֿט. כ׳האָב געוווּסט די טײַטש פֿון וואָרט קאָמוניזם און די טײַטש פֿון וואָרט געפֿאַר און פֿון ביידע ווערטער צוזאַמען, נאָר אין וואָס די געפֿאַר באַשטייט האָב איך נישט געוווּסט, טראָץ דעם, וואָס איך האָב געזען דעם מיליציאַנער מיט דער גרויסער לאַטע אויף זײַן העמד אין צענטער פֿון טשערנאָוויץ, בשעתן רעגולירן די באַוועגונג; טראָץ דעם, וואָס כ׳האָב מיטגעמאַכט אַלע צרות, אַלע גזירות און אַלע אָטשערעדן, אַלע גזירות און אַלע שרעקן, אַלע ליגנס און אַלע מיספֿאַרשטייעניש, וועלכע זענען אײַגן דעם רעזשים. אויך דעמאָלט, ווען איך בין געוואָרן מיט געוואַלד אָפּגעריסן פֿון מײַן משפּחה, אומשולדיק אַרעסטירט און פֿאַרשיקט אויף שווערער אַרבעט אין אַל די רוחות אויף ״איבערדערציִונג״, אויך דעמאָלט האָב איך נאָך אַלץ אַרומגעזוכט אין וואָס די קאָמוניסטישע געפֿאַר באַשטייט, ביז איינעם אַ טאָג, ס׳איז געווען אין באַזונדערן לאַגערפּונקט נומער זעקס אין ״אונזשלאַג״ פֿון סוכאָבעזוואָדנאָ׳ע אין גאָרקעווער געגנט, מ׳האָט גראָד געזײַערט קרויט פֿאַרן לאַגערפּונקט און נאָך פֿאַר עטלעכע לאַגערפּונקטן פֿונעם אויבן דערמאָנטן ״אונזשלאַג״. אַ באַזונדערע בריגאַדע האָט גערייניקט די קעפּלעך קרויט פֿון די אייבערשטע שמוציקע בלעטער און איך האָב די הויפֿנס באַזײַטיקטע בלעטער געדאַרפֿט מיטן פֿערד־און־וואָגן, מיט וועלכן כ׳האָב דעמאָלט געאַרבעט, אַרויספֿירן פֿון לאַגער־שטח אַ קילאָמעטער די ווײַט און זיי דאָרט אויסלאָדן אין אַ ספּעציעלער ״סוואַלקע״. אַרויספֿאָרנדיק פֿון טויער מיטן ערשטן וואָגן, זענען מיך די ווײַבער פֿון די לאַגער־אויפֿזעער באַפֿאַלן מיט תחנונים, איך זאָל צו זיי, אין זייערע הויפֿן, פֿאַרפֿירן די משא. ס׳איז, זאָגן זיי, אי נענטער, אי זיי וועלן אָנשטאָט מיר אויסלאָדן די בלעטער, וועלכע זיי דאַרפֿן פֿאַר זייערע בהמות צו האָדעווען. אייניקע האָבן מיר אַפֿילו אָפּגעצאָלט מיט אַ שטיקל פּוטער, אַ שטיק קעז, אַ גלאָז און אַ מאָל אויך אַ קריגל מילך און איך האָב אויך געקענט עפּעס־וואָס דערנאָך ברענגען אין לאַגער

אַרייַן פּאַר אַ חברים וועגן. איז אַט זיץ איך איין מאָל אין הויז פון אַן אויפזעער ביי אַ גלאָז מילך און די באַלעבאָסטע זעט ווי איך קוק אויף איר ניקלנע בעט, וואָס איז געשטאַנען אין דער איין־צימערדיקער דירה און געמיינט האָט זי, איך ווייס נישט פאַרוואָס, אַז איך קוק מיט קנאה, האָט זי באַשלאָסן מיך צו טרייסטן און מיר געזאָגט: בייַם קאָמוניזם וועלן אַלע שלאָפן אין ניקלנע בעטן און דאָ האָב איך דערזען די געזוכטע געפאַר. די השגות פון די מענטשן, וועלכע גייען אויסלייזן די וועלט. צוליב דעם שולט מען אויס אַן אַרמיי, מע באַוואָפנט זי מיט אַטאָם־באָמבעס, כדי, ווי געזאָגט, אויסצולייזן די וועלט און די לעבנגעבליבענע נאָך "דער לעצטער און אַנטשיידענער שלאַכט" צו באַלייגן אין ניקלנע בעטן?

## 2. יעקב צאַלעמטשוק, דוד אויסטראַך און דער טרעגער

און נאָך אַ קורצע מעשה פון לאַגער, ריכטיקער, אַ קורצער עפּיזאָד. מיר זענען אין אַ ווינטערדיקן אויפדערנאַכט געלעגן אויף די צווייגאָרנדיקע געלעגערס, די איוונס אין די באַראַקן אין סאַמע מיטן וואַלד זענען געווען גוט אויסגעהייצט, דאָס עלעקטרישע ליכט האָט געברענט — די לאַגערנ קעס קענען עס אַליין נישט אויס־לעשן. עמעצער, אַ נישט געזעענער, צינדט עס אָן פאַר נאַכט און לעשט עס אויס אין דער פרי — דער ראַדיאָ־טעלער איז געווען אַנגעשלאָסן — די לאַגערניקעס קענען אים אַליין נישט אויסשליסן, זיי מוזן שלאָפן מיטן ליכט און מיטן ראַדיאָ. מע האָט גראָד איבערגעגעבן אַ פידל־קאָנצערט פון דוד אויסטראַך און יעקב צאַלעמטשוק, אַ ווייַסרוסישער ייִד, וואָס האָט די לעצטע יאָרן ב־זן ערעסט געלעבט אין מאָסקווע, גייט אַרום צווישן די בעטלעך און מאַכט אַלעמען אויפמערקזאַם, אַז ס׳איז אַ קאָנצערט פון דוד אויסטראַכן און אַז דוד אויסטראַך איז דער בעסטער פידלער און איז אַ ייִד. דערוויַיל איז אַנגעקומען די בריגאַדע טרעגערס שטאַרק אַנגע־פּרווירענע. דאָס איז געווען אַ בר־גאַדע, וואָס האָט געמוזט שטענדיק זייַן אין איינעם און שטענדיק זייַן גרייט אַרויסצוגיין אויף דער אַרבעט. האָבן געקענט שלאָפן 24 שעה און אַז מע האָט געדאַרפט — 36 שעה אַן איבעררייַס אַרבעטן. זיי זענען אַרייַן אין וואַרעמען באַראַק, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאַלטע קליידער, אָפּגעש־קט זיי אין דער "סושילקע" (וואַרעמקאַמער צו טריקענען קליידער און וואַליקעס) און זיך אַרייַנגעוואָרפן אין די געלעגערס און דאָ שטייט צו אונדזער צאַלעמטשוק צו איינעם פון די טרעגערס: דו הערסט דעם פידל־קאָנצערט? דאָס שפּילט דוד אויסטראַך און דוד אויסטראַך, דער בעסטער פידל־שפּילער איז אַ ייִד.

גוט איז אים צו שפּילן אין אַ וואַרעמען זאַל ערגעץ און נישט אין קאַלטן וואַלד, האָט געענטפערט דער טרעגער און אַנטשלאָפן געוואָרן ווי אונדזער האַרש־בער דער קוילנטרעגער.

## 3. דער שאַך־שפּילער

צווישן די קאַרגע 2000 אַרעסטאַנטן פֿון 6טן באַזונדערן לאַגערפּונקט זענען געווען איבער 50 ייִדן און צווישן די 40 שאַך־שפּילער זענען געווען 8 ייִדן און יעקבֿ צאַלעמטשוק האָט געהאַלטן, אַז צווישן די ייִדישע שאַכמאַטיסטן פֿון 6טן באַזונדערן לאַגערפּונקט אין סוכאָבעזוואָדנאָיע איז ער דער בעסטער שפּילער, דער טשעמפּיאָן.

מיך האָט ממש געוויילט ווי קונציק ער האָט אויסגעבויט אַ ראָם פֿאַר זײַן ערשטיקייט. — בעסטער שאַכמאַטיסט פֿון די ייִדישע שאַכמאַטיסטן אין זעקסטן באַזונדערן לאַגערפּונקט. מיט מײַן נייגונג צו חקירהן האָב איך זיך געפֿרעגט, צי זעען מיר נישט אויס אַזוי מיט די וועלטמײַסטערס, ווען מע טראַכט וועגן אוניווערס און זיך באַלד געטרייסט, אַז שאַך שפּילט מען נאָר אויף אונדזער ערד־קוגל. איר וואָלט באַדאַרפֿט זען אונדזער קליינוווקסיקן צאַלעמטשוקן, ווי ער שטראַלט, ווען ער געווינט אַ פּאַרטיע. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן אַ שטיקל צײַט, ביז ס׳איז געקומען אַן אַדעסער ייִד אין די מיטעלע יאָרן און אַלעמען צעלייגט, ווי מע זאָגט, אויף די לאָפּאַטקעס. ער האָט בײַ אַלעמען גרינג געוווּנען סײַ באַזונדער און סײַ אויף סעאַנסן, ווען ער האָט איינצײַטיק געשפּילט מיט אַלע פֿערציק שפּילערס. ער האָט בײַ אַלע אָן אויסנאַם געוווּנען. איך האָב זיך געסטאַרעט, וואָס ווייניקער מיט אים צו שפּילן און וואָס מער בײַצוזײַן, ווען ער שפּילט מיט אַנדערע, בעסערע שפּילערס פֿון מיר. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַזוי וועל איך עפּעס לערנען פֿון זײַן שפּילן.

איין מאָל אָן אונטערגעוואָרעמטער פֿון זײַנע געווינסן, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: דו ווייסט, כ׳האָב זיך איין מאָל געטראָפֿן מיט באָטווינעקן (דער דעמלטיקער וועלטמײַסטער) אין אַן אָפּרו־הויז (בית הבראה) און פֿון זעקס פּאַרטיעס האָב איך געוווּנען 5 און איין פּאַרטיע געענדיקט רעמי. דעם אמת געזאָגט, האָב איך אים נישט זייער געגלייבט און בײַ זיך געטראַכט: אָט האָסטו נאָך איין מאַניאַק. אַזוי, למשל, האָט מיר אין לאַגער אַ מאָל איינער, אַ קיעווער ייִד, דערציילט, אַז בשעת ער האָט געדינט אין מיליטער — ער איז געווען אַ קאַפּיטאַן בײַ דער גרענעץ־וואַך אין קאַזאַכסטאַן אויף דער גרענעץ מיט כינע — איז איין מאָל צו זיי געקומען אַ גרופּע עקסקורסאַנטן און צווישן זיי סוועטלאַנע סטאַלינאַ אין דער באַגלייטונג פֿון אַ העכערן אָפֿיציר פֿון דער ג.ק.וו.ד.. רײַטנדיק אויף איר פֿערד, איז זי צוגעריטן ביז צו מיר, דערציילט ווײַטער דער געוועזענער קאַפּיטאַן, און אויסגלײַכנדיק זיך מיט מײַן פֿערד און אַ ביסל דערווײַטערט פֿון די אַנדערע, האָט זי פֿאַר מיר אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ: איר מיינט, איך בין גליקלעך, וואָס איך בין סטאַלינס טאָכטער, האָט זי זיך אָנגערופֿן און גלײַך זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אויף איר פֿאָטערס אַכזריותדיקן כאַראַקטער. דער אָפֿיציר פֿון דער ג.ק.וו.ד. האָט נישט געקענט הערן, וואָס זי רעדט און וואָס איך הער, נאָר מיטן פֿינגער פֿון דער ווײַטנס האָט ער צו מיר געמאַכט: נו. נו. נו! און איך האָב זיך, זאָגט ער, פֿון איר דערווײַטערט. אויך איך האָב פֿון מײַן דערציילער געזוכט זיך צו דערווײַטערן, טראַכטנדיק, אַז אויב ער איז נישט קיין פּראָוואָקאַטאָר, איז ער זיכער נישט נאָרמאַל.

אַ צווייט מאָל האָט ער מיך געפּאַקט אויפן וועג פון דער סטאָלאָווקע צום באַראַק און אין דער לענג פון אַ הונדערט גיכע טריט האָט ער מיר באַוויזן, דאָס מאָל נישט וועגן סטאַלינס טאַכטער, נאָר וועגן סטאַלינען גופא, אַנצודערציילן אַזוי פיל זאַכן מיט פּרטים, גלייך ער וווינט אין קרעמל מיט סטאַלינען אין איין צימער. מיך האָט באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס פאַר הוילער שרעק דאָס אויסצוהערן. איך האָב אים אָנגעהויבן אָפּן אויסצומיידן. אפילו אַ פּאָר מאָל נישט געגאַנגען עסן אויס מורא אים צו באַגעגענען, ביז ער האָט מיך איין מאָל דאָך געפּאַקט. — איך ווייס, האָט ער געזאָגט, איר גלייבט מיר נישט. איר וועט זיך אַ מאָל איבערצייגן, אַז יעדעס וואָרט מיינס איז אמת.

אין 1956 אין כרושטשאָווס פאַרמאַכטער בריוו צום 20סטן פּאַרטיי־קאָנגרעס, וואָס איז גאָר גיך געוואָרן אַן אָפּענער און אַ רשות הרבים, איז דריי פערטל פון זיין אינהאַלט נישט געווען פאַר מיר קיין נייס. אויך סוועטלאַנעס בוך וועגן איר פאָטער האָט פאַר מיר נאָר אַנטפּלעקט, אַז דער קיעווער ייִד איז געווען מער ווי אַ נאָרמאַלער און אפשר, פאַרקערט, איז ער טאַקע געווען אַ נישט נאָרמאַלער, ווייל נאָרמאַלע מענטשן האָבן נישט געוווסט דאָס וואָס ער האָט געוווּסט. איר וועט זיך אַ מאָל איבערצייגן, אַז מיין יעדעס וואָרט איז אמת. און איך זאָג היינט "אויב נישט נאָך העכער". דערווייל אָבער האַלטן מיר ביים אָדעסער ייִדישן שאַכמאַטיסט, וועגן וועלכן, ווי געזאָגט, כ'האָב דעמלט געטראַכט: אָט האָסטו דיר נאָך אַ מאַניאַק. נאָר אויפן אָרט זיך צו דערווייטערן פון אים, בין איך אַרויס מיט אַ: פאַרוואָס זשע זענט איר נישט, נאָר באָטוויניק איז דער וועלט־מייסטער?

— ווייל מיר האָבן געשפּילט נישט אָפיציעל, "וועניע קאָנקורסאַ", האָט ער מיר געענטפערט, נישט אין קיין אָפיציעלן פאַרמעסט. עס איז געווען צווישן אונדז אַ פּריוואַטע אָדער ווי דאָס הייסט אַ חברישע באַגעגעניש און דאָס רעכנט זיך נישט אפילו ווען איך געווין ביי אים נישט 5, נאָר גאַנצע דרייסיק פּאַרטיעס. צו שפּילן אויף וועלט־מייסטערשאַפט, האָט ער ממשיך געווען, דאַרף מען פריער געווינען ביי צענדליקער אַנדערע, מע דאַרף קודם כל געווינען דאָס רעכט צו שפּילן מיטן וועלט־מייסטער אויף דער שאַך־קרוין און איך בין געווען פאַרנומען מיט אַנדערע . . . וויכטיקערע ענינים, וועלכע האָבן מיך געבראַכט אַהערצו. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען אים איבערגעפירט אין אַן אַנדערן לאַגערפּונקט און מער האָב איך פון אים נישט געהערט. אויך זיין נאָמען האָב איך, ליידער, פאַרגעסן. צאַלעמטשוק איז ווידער געוואָרן דער טשעמפּיאָן פון די ייִדישע שאַכמאַטיסטן אויפן זעקסטן לאַגער־פּונקט פון "אונזשלאַג" אין סוכאַ־בעזוואָדנאַיע. צוליב דעם קיעווער ייִדן גלייב איך היינט אויך דעם אָדעסער און פאַרוואָס נישט? צי האָב איך באַוויזן, אַז ער האָט נישט געוווּנען ביי באָטוויניקן אין אַ נישט אָפיציעלער שפּיל, אין אַ חברישער באַגעגעניש? אויך אין ספּאָרט־פאַרמעסטן זענען פאַראַן אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע שפּילן, די אַזוי גערופענע חברישע באַגעגענישן צווישן פוטבאָליסטן, קוישבאָליסטן און אַנדערע. צוליבן כאַראַקטער פון פאַרמעסטן זיך ווערט אויך דאָס שפּילן אין שאַך צוגערעכנט צו ספּאָרט. אייגנטלעך זענען פאַראַן צווייערליי

פאַרמעסטונגען — קאַמף־פאַרמעסטן ווי, למשל, באָקס, שאַך, טעניס, פוטבאָל, קוישבאָל, פאַרשידענע געיעגן אין גיין, לויפן, פאָרן, שווימען און צענדליקער אַנדערע סיי פון יחידים אוז סיי פון קאָמאַנדעס און פאַראַן פאַרמעסטן אויף פונקטן, אין וועלכע די אַנטיילנעמער קומען נישט אין דירעקטן קאָנטאַקט ווי אַשטייגער גימ־נאַסטיק, טענץ אויפן אייז, זינגען און פיל פיל אַנדערע. די שופטים פון דער ערשטער קאַטעגאָריע, פון די קאַמף־שפּילן מיט שטרענגע אויסקריסטאַליזירטע כללים איז גרינגער צו זיין אָביעקטיוו און אויב סע טרעפט זיך, אַז אַ שופט איז טריף, פאַרקויפט, מוז ער דאָס קענען גוט־באַהאַלטן און נישט תמיד געלינגט עס אים, אויב די דיפערענץ צווישן די ריוואַלן איז אַ צו בולטע. די שופטים פון דער צווייטער קאַטעגאָריע, פון די פאַרמעסטן אויף פונקטן איז אַ סך שווערער צו זיין אָביעקטיוו און זיי זענען זיך, אַפּט אומשולדיק, טועה. די טריפענע צווישן זיי קענען זיך לאָזן ווילגיין און רוף מיך קנאַק־ניסל.

אויך אין ליטעראַטור, וואָס איז לגמרי נישט קיין ספּאָרט, קומען פאָר פאַרמעסטן. אמת נישט ווי אין שאַך, פנים אל פנים איינער קעגן צווייטן און אין דער מיט דאָס שלאַכט־פעלד (דאָס שאַך־ברעט). אויך קיין פונקטן ווערטו דאָ נישט ציילן. ס׳איז אַ פאַרמעסט פון גאָר אַן אַנדערער, פון אַ דריטער קאַטעגאָריע.

אַ צייטונג מיט אַ וועכנטלעכער זייט, צי אַפּטייל פאַר ליטעראַטור. אָדער אַ ליטעראַרישער זשורנאַל רופט אויס אַ קאָנקורס אויפן בעסטן ליד צי דער בעסטער דערציילונג. אַ פאַרלאַג אָדער אַ ליטעראַטור־פאָנד אויפן נאָמען פון דעם אָדער פון יענעם נדבן ביי דעם אָדער יענעם קאָמיטעט צי פאַראיין, ביי דער אָדער יענער געזעלשאַפט אָדער אָרגאַניזאַציע פרעמירט יערלעך דאָס אָדער יענץ בוך צי ביכער אויף דער אָדער יענער טעמע צי דעם סך הכל פון דער ליטעראַרישער טעטיקייט צי ליטעראַרישע פאַרדינסטן פון דעם אָדער יענעם שרייבער צו זיינס אַ יובל, צי צו אַן אַנדער חשובער דאַטע. דאָ זענען, ווי שוין געזאָגט, נישט גילטיק די כללים פון די שפּיל־פאַרמעסטן און אויך נישט דער סיסטעם פון פונקטן פון די ערשטע צוויי קאַטעגאָריעס. די שופטים, די מיטגלידער פון די אַזוי גערופענע זשוריען האַנדלען אַ מאָל לויט אַזעלכע און אַ מאָל לויט אַנדערע קריטעריעס און אַ מאָל לויט . . . פערזענלעכע אינטערעסן — איך דיר און דו — מיר. און ווי זאָגט דאָס פאָלק אַ ווערטל: וואָס מע רייסט נישט אָפּ מיט געוואַלד, דאָס האָט מען נישט. איין מעלה האָט די דאָזיקע דריטע קאַטעגאָריע, וואָס די ערשטע צוויי פאַרמאָגן נישט. נישט פאַראַן קיין אָפיציעלע און נישט־אָפיציעלע פאַרמעסטן. אַלע זענען גילטיק. אויב דיר געלינגט אַנצושרייבן אַ גוט ווערק, וועט עס ביי דיר קיין שום פאַרזיצער פון קיין שום פאָנד און קיין שום שטעקן פון אַן אַזוי גערופענער זשורי נישט אָפּנעמען. פאַרפאַלן!

## 4. אַ מעשה מיט מם'ען

אַ מעשה מיט אַ יִידישער שילערין פון אַ רוסישער שולע. אַ שילערין, וועלכע איז געווען סײַ פעיִק און סײַ פלײַסיק. האָט נישט געוווּסט פון קיין שום שפּאַרגאַלקעס און נישט פון אַנדערע מינים שווינדלערײַען און זיך נישט באַנוצט מיט זיי נישט אין משך פון לערניאָר און נישט בשעת די עקזאַמענעס. אַלץ גענומען ערנסט און ערלעך געאַרבעט. האָט זיך אָבער איין מאָל געטראָפן אויף אַ לעקציע פון היסטאָריע. מע האָט אויסגערופן די שילערין און זי געפרעגט: ווען, אין וועלכן יאָר איז פאָרגעקומען די און די געשעעניש און זי האָט נישט געדענקט גענוי צי אין יאָר 1760 צי אין יאָר 1860. צי אין "טיסיאַטשי סעם סאָט שעסטדעסיאַט", צי אין "טיסיאַטשי וואָסעם סאָט שעסטדעסיאַט" נאָר אַזוי ווי אין רוסיש ענדיקט זיך סײַ די סעם (זיבן) און סײַ די וואָסעם (אַכט) מיט אַ מם, האָט זי געענטפערט — טיסיאַטשי מ'סאָט שעסטדעסיאַט. דער לערער האָט געהערט, וואָס ער אַליין האָט געוווּסט און אַלץ איז פאַרבײַ בשלום. ווען זי האָט דערציילט דערנאָך אין דעם היים, וואָס ס'איז מיט איר הײַנט פאָרגעקומען אין שול, האָבן די עלטערן געזאָגט, אַז פאַרגעסן קאָן איעדער און אַז דער אײַנפאַל איז זיי מער געפעלן ווי אַ ריכטיקער ענטפער, נאָר זי, די שילערין, איז מיט זיך נישט געווען צופרידן און זיך געסטאַרעט, אַז מער זאָל זיך אַזוינס נישט איבערחזרן.

אין דאָזיקן פאַל האָב איך זיך דערמאָנט, ווען איך בין איין מאָל געווען אויף אַן אויפטריט פון איינעם זייער אַ חשובן רעדנער און אין משך פון זײַן רעדן האָב איך עטלעכע מאָל געהערט מם'ען. דער עולם איז געווען אַ געקליבענער און ווי יענער לערער פון היסטאָריע געהערט דאָס וואָס ער האָט געוווּסט אַן דעם לעקטאָר. דער לעקטאָר אַליין האָט פאַסמאַקעוועט פון דאָזיקן מם'ען־מעטאָד און אפילו איין מאָל אויסגעדריקט זײַן גליק מיטן מעמד, וואָס ער האָט דערגרייכט. דאָס וואָרט מעמד, וואָס פאַרמאָגט צוויי מם'ען האָט ער באַזונדער אונטערגעשטראָכן.

## 5. אַ מעשה מיט אַ לערער

אַ מעשה מיט אַ לערער פון פּריוואַטע לעקציעס, וועלכער האָט זיך נוהג געווען צו שטעלן צייכנס זײַנע פּריוואַטע שילערס לויטן צען־באַליקן סיסטעם. די צייכנס האָבן די שילער באַקומען בײַ זיך אין דער היים און איינער פון צווייטן האָט נישט געוווּסט. איינעם אַ שילער, וועלכער האָט זיך זייער געסטאַרעט צו דערגרייכן דעם העכסטן צייכן, דעם צען, און אַז ער האָט דאָס דערגרייכט, האָט אים דער לערער דאָך געשטעלט בלויז אַ גוט, אַן אַכט כדי דער שילער זאָל זיך נישט באַרויִקן מיטן דערגרייכטן און נישט אויפהערן זיך ווײַטער צו סטאַרען. אַ צווייטן שילער, וועלכער איז אפילו געווען ווייניקער פעיִק, אָבער נישט ווייניקער זיך געסטאַרעט, אויב נישט מערער, און דערגרייכט דעם אַכט, האָט אים אָבער דער לערער געשטעלט אַ

צען, כדי דער שילער זאָל זיך נישט מיאש זײַן, נישט אַ מאָל טאָן אויף זיך מיט דער האַנט, נאָר זיך ווײַטער סטאַרען אויפצוהאַלטן דאָס דערגרייכטע און דאָס, האָט זיך דער לערער פאַר מיר באַרימט, האָט גוט געאַרבעט און געגעבן די געוווּנטשענע רעזולטאַטן. דאָס האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ביז דער לערער האָט באַקומען אַרבעט אין אַ שול און אַרײַנגעקראָגן ביידע אויבן דערמאַנטע שילערס אין איין קלאַס. לויט אַלטער געוווינהייט האָט דער לערער ממשיך געווען מיט זײַן טאַקטיק און ווען איך האָב אים געזאָגט — דו באַגייסט אַן אומגערעכטיקייט, ממש אַן אוממאָראַלישע זאַך צו שטעלן דעם גוטן שילער אַן אויסגעצייכנט און דעם אויסגעצייכנטן אַ גוט, בשעת ביידע זענען אין זעלבן קלאַס צווישן די זעלבע מיטשילערס. דערויף האָט ער מיר געענטפערט: אויף די לעקציעס פון ליטעראַטור באַמי איך זיך אונטערצושטרײַכן נישט נאָר די עסטעטישע זײַט, נאָר אויך און דער עיקר די עטישע זײַט, די מאָראַל, דעם יושר, די הומאַניסטישע אידעען פון ליטעראַרישע ווערק און איך פלאַנץ דאָס אײַן אין די מוחות און אין די הערצער פון מײַנע שילערס און דערפאַר, מיין איך, וועט מיר פאַרגעבן ווערן די קלייניקע עוולה קעגן אויסגעצייכנטן שילער, קעגן איין און איינציקן שילער. נישט עס וועט דיר פאַרגעבן ווערן, האָב איך אים געזאָגט, נאָר דו אַליין ביסט דער, וואָס האָסט עס דיר פאַרגעבן, לויטן רוסישן פאָלקסווערטל — ווען איך בין שולדיק, בין איך אַלעמען... מוחל. ווער האָט דיר דערלויבט דאָס שפיכת דמים אפילו פון איין און איינציקן שילער? פאַרצייכנענדיק אַצינד אָט די זכרונות דערמאָן איך זיך ווידער אין סאָוועטישן לאַגער:

די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן ווערן אין לאַגער דורך די שטייגער־אַרעסטאַנטן, דורך די נישט־פּאָליטישע, גערופן „שונאים פון פאָלק" און זיי, די אַזוי גערופענע „שונאים פון פאָלק" ענטפערן, רופן איראָניש די נישט־פּאָליטישע, די גנבים, רויבער מערדער, פאַרגוואַלדיקער „פרײַנד פון פאָלק". איינער אַ רויבער, אַ רעצידיוויסט האָט זיך אַ מאָל, געדענק איך, געקלאַפּט אין האַרצן און געשריגן — אמת, איך בין אַ רויבער, אַ גזלן, אָבער קיין שונא פון פאָלק בין איך נישט!

## ישראל פורמאַן

(1967—1890)

# פאַרבליבענע העפטן

### פון מיין קינדהייט

בית מדרש-עולם איז כמעט זיך שוין צעגאַנגען,
דער שמש האָט די מעריב-ליכט געבלאָזן טונקל.
צעצויגענע מעריב-און-קדיש-געזאַנגען
הויקערן טריב אין מזרח-ווינקל.

דער נר תמיד-שײַן און דאָס יאָרצײַט-פּלעמל
צעהענגען לצים-שאָטנס איבער וואַנט
און סטעליע (האַלדז און האָרב דערמאָנט אַן קעמל)
געשאָקלט פון אַ ווילדער סודות-האַנט.

פון שאָטנס מיר, די בעל-בתים הערן פול מיט גלויבן
די מעשיות שטיל דערציילטע וועגן רבעס
אַמאָליקע — זייערע מופּתים — ווײַטער טויבן-
געפּלאַטער אונטער בלאָען הימל פאַר טאַטעס

מיט קינדיש האַרץ און העלע ווײַטע נשמות.
אויך איך, געטוליעט צו דער האַנט מײַן טאַטנס,
פאַרגאַפּט און וואַרעם איך הער די וווּנדער-מעשיות!
אויף לאַנג פאַרבליבן מיר ליבער שײַן פון ווײַטנס.

### מיין בוים

איך בין אַליין מיט נאָר די שטומע ווענט,
דער הימל טריב און ווי מיט שוסטערפּאַפּ
פאַרקלאַסטערט, איז דאָס האַרץ ווי אָפּגעווענדט
פון אַלעם, שווער און טרויעריק. דאָך איך זאַפּ

נישט לאַנג דעם אומעט אין מיר איַין. איך הייב
דעם קאָפּ, דערבליק מיַין בוים, דער ליבן,
צעשמייכל זיך און אומגעקלערט איך וועב
אַ וואָרט נאָך וואָרט: ״דו טרייסטסט מיך בוים?״

ווי ענטפֿער-קלאַנגען גיבן זיך פֿון בוים דאָ אַ שיט,
דערהער אים אַזוי אין פֿענצטער זינגען:
״דו פֿיל, ווי איך, אין טבע ווי אַ גליד,
מיר זענען אַלע ווי איין קייט דער טבע׳ס רינגען״.

דו ביסט ניט וויַיט פֿון הויכער בוים-מדרגה,
ווו גאַנצע וועלט איך שעפּ אין מיר אַריַין
מיט ליבשאַפֿט און מיט פֿרייד איעדע רגע —
דעם הימלס בלאָ, דעם וואָלקנס גראָ, די שיַין

דער זונס, דעם פֿויגלזינג און דונערקראַך,
דעם ראָבנקרעכץ און סוד פֿון ווינט,
דאָס נאַכטליד, וואָס די שטערן זינגען מיר, גליַיך
איעדעס נעם איך אויף אין מיר און ווי דעם קינד

איז וווּנדער מיר אַלצדינג, וואָס געשעט
און איז. איך ווייס, אַז ביסט ניט מערער וויַיט
פֿון ד ע ר מדרגה, וויַיל דיַין האַרץ עס זעט
איז ברוינער נאַקעטקייט אין מיַינער, נאָר אַ בייַט

פֿון זומער-קלייד אויף שיינעם ווינטער-מלבוש,
און האָסט די זעלבע פֿרייד פֿון ריַיכסטן צוויט
און נאַקעטן צוויַיגן-פּלאָנטער. ווינטלס קוש
און שנייען-שטראָם באַגעגנט מיט העלקייט דיַין געמיט.

און היַינט, ווען פֿרילינג זינגט זיַין פֿרי געזאַנג,
באַשענקט דעם צוויַיג מיט וויַיסער יוגנט מיר
און דו ביסט פֿריַי פֿון טונקלעם גאָלד-פּאַרלאַנג,
איז ריַיכקייט דיר מיַין יונגע בלעטער-ציר.

באַקעו 27.5—27.6 1955

## גאָט פֿון אברהם

דער בין השמשות שטיל פֿאַרהענגט די ווענט מיט ליבע סודות.
באַהערש, נשמה מײַנע, ווײַט געעפֿנט, זייער ברייטן פֿלאַטער,
קלוגע מוטער זעט די חלום-אויגן און לאָזט זיי טרוימען ווײַט און ווײַטער,
קלאַפּט אין פֿענצטער ווייך דער מאַטער אָוונט: אויס שוין מיטן שבת!

רײַסט מײַן מאַמע זיפֿצנדיק דעם רײַכן חלום איבער —
העל, דערהויבן שפּאַנען מיר אין אָוונט-שטיבל האַנט בײַ האַנט,
מאַמע זינגט מיט זיסן קול איר "גאָט פֿון אברהם" פֿאַרשווינדט די וואַנט
און איך זע: "דער שבת קודש גייט אַוועק". "דער ליבער".

שטילע טרעלן ווײַט אַרויס באַגלייטן אים פֿול מיט בטחון,
זינגט זי ווײַטער: "זאָל די וואָך אונדז קומען צו געזונט און צו פּרנסה".
נענטערט, נאַכטגעהילט מיט שווערן בונד. ווי הינקענדיק פֿון שכן,
טונקלט זיך די וואָך: מאַמע צינדט אַ ליכט און "גוטע וואָך"
זעצט זיך ברייט און נאָענט בײַם טיש, צערינט מײַן וויזיע שטיל.
ערגעץ פֿון אַ שפּאַלט אַפֿיר, אַן אויפֿהער, צירקט אַ גריל.

## עס ליידט מיין נשמה

אַלץ ווידער און ווידער
פֿאַרטרוקענען די כוואַליעס
פֿון ברויזיקן טײַך,
פֿון שוימיקן טײַך,
וואָס פֿלייצט אין נשמה.

דאָס טרוקנט די זון
די שטראָמיקע וואַסערן?
די גילדענע זון
מיט ווונדערלעך רײַכן
געפֿלעכט פֿון שטראַלן?

צי אפֿשר גאָר רוישן
די ווינטן אַריבער
דאָס ברויזן אין מיר,
עס ניט צו דערהערן?

עס לײַדט מײַן נשמה,
עס לײַדט מײַן געמיט
ניט פֿון זון, וואָס העל בליט,
צי פֿון ווינט, וואָס ניט רוט.

עס לײַדט מײַן נשמה,
סע דונערן קאַנאָנען,
סע קראַכן געווערן.
ווי קען מײַן נשמה׳ס
צאַרט שוימען איך הערן ?

מיט טאַנקען-גערודער,
מיט שטאָל האַרט געפּאַנצערט
גייט ברודער אויף ברודער.
ווי קען מײַן נשמה׳ס
טיף ברויזן איך הערן ?

ס׳פּליט שרעק איבער הימל
און שפּײַט באָמבען-טומל
אויף דער אומשולד פֿון קינדער.
ווי קען מײַן נשמה׳ס
מילד כוואַליען איך הערן ?

נאָר טרערן און טרערן.

## פּרוש

בוים בײַם פֿענצטער מיך לערנט חומש,
כאָטש ס׳איז דער זומער פֿון בראשית :
לאָז דאָס חומש אויפֿן טיש,
קום צו מיר און זע וואָס ס׳איז.

כ׳פֿאָלג דעם בוים און קוק צו אים,
שטרעקט אַ צווײַג ער צו מיר אויס,
מאַכט דער צווײַג אַ רויש, אַ רושם
ווינט-צעשאָקלט ברייט און גרויס.

ווי די קאַבראַ, ווען סע שפּילט
דער מכשף אויף זײַן פֿײַפֿל
און אַזוי כ׳האָב לײַכט דערפֿילט
בראשית-מענטש און שלאַנג און טײַוול.

בײַט זיך לײַכט דער שלאַנגענשאָקל
מיט דעם צווײַגנוויג אין ווינט —
עפּל — רײַף און בלעטער-וואָקל
וועקט פֿאַרלאַנג אין מענטשנקינד.

קלערט זיך חוה — אפֿשר גיפֿטיק
איז די פֿרוכט גאָר? וואַרפֿט זיך צווײַגן-שלאַנג
אויף ניין — פֿרעגט זי פֿריילער, לוסטיק:
מעג איך באמת שטילן מײַן פֿאַרלאַנג?

שאָקלט צווייג אין ווינט אַרויף-אַראָפּ.
הייסט עס פֿאַר חוה-קינד — יאָ.
קוקט פֿול תאווה צו דער גאָב,
שרײַט פֿון האַרץ אַרויס אַ האָ!

עפּלס הויט און העלפֿאַנד-ביין
(בלאַסלער-געל) מיט ראָזע בעקלער.
איז אַ פֿרייד דעם אויג צו זען:
פּונקט אַזוי די יונגע בריסטלער.

הויט איז פֿאַרביק ווי דער עפּל,
ווי די בעקלער בריסטן-וואָרצל,
זעט עס אדם — בריסט און עפּל,
עסט ער אויך און בינדט דאָס שאָרצל.

בוים בײַם פֿענצטער זאָגט בפֿירוש:
וואָרער ז׳נישט קיין אַנדער פּרוש.

באַקוי 1955 13.7—9.8

# בריוו פון מאַניע יאַקיר ז״ל

מיר פאַרעפנטלעכן פיר בריוו פון אַן ערך צוועלף, וואָס מאַניע יאַקיר ע״ה האָט זיי בשעתו געשריבן צו דער משפחה גת מיטן אויסקוק, אַז ״איבער הונדערט יאָר״ זאָלן זיי אָנקומען צו די הענט פון איר זון שלום און ער וועט שוין זאָרגן פאַר זייערט וועגן. קיין הונדערט יאָר זענען נישט אַוועק. עס איז נישט אַוועק אפילו קיין איין יאָר פון איר לעצטן בריוו דאַטירט אויגוסט 1982 ביזן יוני־טאָג 1983, ווען זי איז פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט פון אַן אויטאָמאָביל־אַקצידענט.

זאָלן די פיר בריוו — אַ דריטל פון דער צאָל בריוו, וואָס שלום, דער זון פון מאַניע און יאַנקל יאַקיר, האָט אונדז איבערגעשיקט — זיין אַ יאָרצייט־ליכטל פון די יאָרצייט־ליכטלעך, וואָס ער וועט נאָך אָנצינדן לזכר זיין מוטער.

די רעדאַקציע

8.5.81

ליבע פריינד משפחת גת!

ס׳וועט אייך מסתמא ווונדערן — ערשט זיך געזען און שוין אַ בריוו? יאָ! אַזוי טרעפט זיך ביי מיר; תיכף נאָך דעם אַוועקפאָרן פון אַזעלכע נאָענטע און ליבע ווי איר זענט פאַר מיר, באַפאַלט מיך אַזאַ אומעט... און איך דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב געהאַט אַזוי פיל אייך צו דערציילן און צו ווייזן און איך האָב זיך פאַרנומען מיט די נאַרישע וואַרעניקעס — פאַרגעסן אַז איר שטאַמט נישט פון באַסאַראַביע.

מיר האָבן גערעדט וועגן חיים גראַדע, האָב איך זיך דערמאָנט זייער אַן אונטערעסאַנטן עפּיזאָד וועגן אים.

ווי אַזוי מיין מאַן האָט אים דערקענט, ביים שערן זיך, האָב איך אייך שוין דערציילט. אים געבראַכט צו אונדז ״אַהיים״ און זעקס טעג זענען מיר כמעט געווען אין איינעם און ס׳איז געווען — פריילעך קבצן... איך האָב זיך אַזוי באַפריינדעט מיט אים, אַזוי ווי אי ך קען, ווען סע געפעלט מיר דער מענטש... ער פלעגט מיר אפילו אויסרעדן דאָס האַרץ, איך זאָל נישט אַזוי פיל איבערלעבן. דאָס האָט אונדזער זון שלום זיך געקליבן, אין אַזאַ ביטערער צייט, צו קומען אויף דער וועלט. — אָט וועט איר זען, ס׳וועט נאָך זיין אַ ייִנגל און איר וועט זיך נאָך אַ מאָל איבערנעמען מיט אים...

מיר זענען זיך צעפאָרן; מיר — קיין אוזבעקיסטאַן, ער — קיין טאַדזשיקיסטאַן, זיך איבערגעשריבן און געוווּסט, אַז ער איז אויף גרויסע צרות...

אין 1942סטן יאָר האָט מען געשיקט פון מאָסקווע צוויי פאַרשטייער קיין אַמעריקע: שלמה מיכאָעלס און איציק פעפער, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן מיט די יידישע שרייבער פון אַמעריקע, ד.ה. לייוויק, לעיעלעס, משה נאַדיר און אַנדערע, האָט מען זיי געפרעגט אויף חיים גראַדע, וואָס ער טוט, ווו ער געפינט זיך? דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי

ווייסן נישט אפילו אַז גראַדע איז אין רוסלאַנד. ס'טייטש, האָט מען זיי געזאָגט, איר האָט אַזאַ גרויסן שרייבער ווי חיים גראַדע ביי זיך און איר ווייסט אפילו נישט ווו ער געפינט זיך ?

אין קורצן : מ'איז אַהיים געקומען, קיין מאָסקווע, דערציילט אַז זיי האָבן ממש געליטן אַ בושה. מ'האָט דעם חיים גראַדע גיך געבראַכט קיין מאָסקווע, געגעבן אַ דירה, אים געמאַכט אַ פּאָר אַוונטן און געלויבט און געלויבט . . .

אין רוסלאַנד איז אַזוי : אָט לויבט מען דיך ביז אין הימל אַריין און אָט גיט מען דיך אַ זשבערע אין דער ערד — ווערט מען איינגעזונקען און מ'ווייסט נישט ווו דיין געביין איז אַהינגעקומען . . .

אָבער חיים גראַדע, זאָל זיין געזונט און שטאַרק, אַבי ער האָט זיך אַ ביסל אָנגעטאָן און זיך אָנגעגעסן צו דער זעט, האָט ער זיי געהאָט אַלע טיף־טייער . . . ווי מ'זאָגט, און געשטעלט פּיס.

אַוועק קיין פּוילן און פון דאָרט — קיין אַמעריקע מיינט איר אַז שוין ! אין אַמעריקע האָט ער אָנגעשריבן "איינדריקן פון רוסלאַנד",, קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן.

די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד האָבן דאָס אַלץ געלייענט, געזאָגט בפירוש אַז ער האָט נישט באַדאַרפט אַזוי שרייבן, נאָר שטילערהייט זיך געריבן די הענט פון נחת.

פאַרגעסן צו שרייבן אַז אין מאָסקווע איז ער געווען ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט און אפילו בעקומען אַ פּרס.

אָט דאָס איז די געשיכטע וואָס כ'האָב פאַרגעסן אייך צו דערציילן, ווען מ'האָט גערעדט וועגן גראַדען. נאָר וואָס מאַכט ביי מיר אויס אָנצושרייבן אייך אַ בריוו, טייערער אלי גת !

זייט געזונט מיט אייער ליבער פרוי אין איינעם !

מיט אַ סך פריינדשאַפט,

מאַניע

מיט מיין זון איז נישטאָ וואָס צו ריידן, ער דאַרף נאָר פילן אַז די מאַמע וויל פאָרן, נעמט ער די פרוי און "שפּאַנט איין די פערד" און קומט צו פאָרן קיין נתניה און פון דאַנען קיין רמת־גן. ער איז געווען גערעכט, חיים גראַדע, ווען ער האָט מיר אויסגערעדט דאָס האַרץ אַז איך וועל זיך נאָך אַמאָל איבערנומען מיט אים. אַלע מאַמעס זענען נאַריש און איך בין, ווייזט אויס, נישט קלוגער פון זיי.

9.6.81

ליבע משפחה גת !

ווי שטענדיק — קומט אויף דעם צווייטן טאָג אַ בריוו. דעם גאַנצן וועג, האָב איך נעכטן געטראַכט צו מיין באַזוך וואָס האָט אייך אָנגעאַרבעט אַזוי פיל לויפעניש, איך האָב אָבער געפילט אַ גרויסע וואַרעמקייט און תיכף היימיש געוואָרן, אפילו מיט די זין אייערע, באַזונדערס דער עלטערער ; ער האָט אַ פּאָר מאָל אַ גוטן לאַך געטאָן.

יאָ ! אַקעגן "זכרונות" וואָס מיר האָבן נעכטן גערעדט און נישט דערערעדט. איך האָב

גענומען דערציילן וועגן דעם צווייטן וויזיט צו מאַנגערן ז״ל, ווו איך האָב אויך געטראָפן רחל קאָרן, געניע מאַנגער (די אלמנה פון משה נאַדיר) און נאָך און נאָך. נו, פאַר וואָס רחל קאָרן האָט אַזוי שטאַרק געזוכט די פרוי פון יאַנקל יאַקיר ווען זי האָט געהערט, אַז זי געפינט זיך אין לאַנד — ווייסט איר שוין, צוליבן בריוו וואָס זי האָט באַקומען אין די מלחמה־יאָרן, זייענדיק כמעט שכנים מיט אונדז; מיר אין אוזבעקעסטאַן און זי אין טאַדזשיקעסטאַן, האָט ער איר געשריבן, יאַנקל יאַקיר, ״ליבע רחל קאָרן, אַזוי ווי איך פיל, לויט אייער בריוו, זענט איר שטאַרק אויף צרות און מיר, דאַ, זענען אויך אויף צרות, איז נעמט אייער טאַכטער און קומט צופאָרן צו אונדז, וועלן מיר זיין אין איינעם אויף צרות — וועט אונדז זיין גרינגער״ . . .

פון דעם 42סטן יאָר ביז היינט, איז זי געוואָרן און געבליבן אונדזערער אַ גרויסער גוטער־פריינד. אין יענעם אָוונט האָב איך אויך איבערגעגעבן דעם גרוס פון יעקב שטערנבערג פאַר מאַנגערן, וואָס איז מיר אַנגעזאָגט געוואָרן הייליק נישט צו פאַרפעלן קיין איין וואָרט; געווען איז דאָס ענדע 65סטן יאָר, איז געקומען אַ גרופּע יידישע שרייבער פון מאָסקווע קיין קעשענעוו פייערן 5 יאָר פון דעם זשורנאַל ״סאָוועטיש היימלאַנד״. דעמאָלט האָט נאָך געלעבט משה טייף, שיקע דריז אויך יעקב שטערנבערג און אַנדערע. ס׳זענען אַרויסגעטרעטן אויך די קעשענעווער דריי יידישע שרייבער: סאַקציער, יאַקיר און שרייבמאַן. נאָך דעם אָוונט זענען אַ טייל געגאַנגען צו מאָטל סאַקציער אַהיים ווו מיר, די פרויען פון די אָרטיקע שרייבערס, האָבן צוגעגרייט אַ פיין־געדעקטן טיש און געמאַכט אַ שטיקל ״שאָקל־שאַפּקעלע״ [1].

דעמאָלט האָט שטערנבערג דערציילט אַ פּאָר עפּיזאָדן וועגן מאַנגערן און מיך געבעטן צו הערן אויפמערקזאַם און דאָס איבערגעבן (אין צוויי וואָכן אַרום, האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין ישראל), איך געדענק בלויז די צוויי עפּיזאָדן:

. . . ״און געשען איז דאָס אַזוי״ (אַזוי וואָלט יאַנקל יאַקיר דאָ געשריבן מיט דריי פּינטעלעך פאַרויס) איציק מאַנגער איז אַ מאָל אַנגעקומען אין רעדאַקציע, ווען שטערנבערג איז געזעסן, מיט אַ פען אין דער האַנט, איבער זיינע, מאַנגערס, אַ פּאָר לידער. אַז ער האָט אים אַ פרעג געטאָן — וואָס טוט איר, שטערנבערג? איז דער ענטפער געווען — איך מאַך צורעכט דעם גראַם, דאָרט ווו ער ״הינקט״ אַ ביסל אונטער.

— ״לאָזט אים ״הינקען״, שטערנבערג, לאָזט אים״ — האָט ער באַפעלעריש געבעטן!

דער צווייטער עפּיזאָד: מאַנגער איז שטענדיק געווען אַ גויט־באַדערפטיקער. דאָס איז נאָך געווען אין יאַס (ווי מ׳פלעגט זאָגן ביי אונדז אין בעסאַראַביע) איז ער אַ מאָל געקומען צו שטערנבערגן, געכאַפּט אַ שמועס און פאַרענדיקט מיט אַ ״הלוואהלעכל״. אין דעם זעלבן טאָג, זעט אים שטערנבערג דורכפאָרן אין אַ פּרעכטיקער דראָזשקע, פּריציש מיט אַ פוס איבער אַ פוס. דערזען שטערנבערגן האָט ער, מאַנגער, אַראָפּגעכאַפּט דעם ״קאַפּעליוש״ און מיט אַ האַלב קיילעכדיקן זשעסט זיך דזשענטלמעניש אַ פאַרנויג געטאָן.

1 ״שאָקל־שאַפּקעלע״ — מ׳האָט זיך אַזוי געדאַרפט אַנטרינקען, אַז דאָס שאַפּקעלע זאָל זיך שאָקלען. אַזוי פאַרשטיי איך, פּינקטלעך — ווייס איך נישט, אָבער אַזוי פלעגט מען זאָגן ביי אונדז, אָדער אַ קערמישל, אָדער אַ שאָקל־שאַפּקעלע.

אַט דאָס אַלץ און נאָך און נאָך האָב איך אים דערציילט, מאַנגערן, און ער האָט געהערט — מויל און אויער, ווי מ׳זאָגט. דאָס האָט ער, שטערנבערג, נאָך אין די יונגע יאָרן געזאָגט אָדער ערגעץ געשריבן „ער אַ מאָל וועט הייסן „איציק מאַנגער״ ״.

שפּעטער איז אַוועק אַ שמועס וועגן מיין רייזע, ווי און ווי אַזוי קומט דאָס פּאַר דאָרטן, אין סאָוויעט־רוסלאַנד? און אַז איך האָב זיי דערציילט ווי מיין שכנה איז אַריינגעקומען זיך געזעגענען מיט מיר און איבערשיקן אַ גרוס אירע צוויי שוועסטער־קינדער, וואָס זי ווייסט נאָר, אַז זיי וווינען אין תל־אביב. — ״איר דאַרפט נישט האָבן קיין שום אַדרעס, האָט זי מיר עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אַז איר וועט נאָר אָנקומען קיין תל־אביב און אַראָפּקריכן (דאָס האָט געדאַרפט הייסן פון דעם וואָגן) איז וועמען איר וועט זאָגן אַז איר האָט אַ גרוס פון דער מומע אסתר פאַר די צוויי ברידער אַווערבוך, וועט אייך שוין יעדער איינער ווייזן״.

דאָ האָט מיך רחל קאָרן ארומגעכאַפּט און געפרעגט: — ווו האָט ער אייך אַזוי גוט געפונען, אייער יאַנקל יאַקיר, איר דערציילט דאָך אַזוי שיין!! איך האָב איר, אָבער, תיכף געענטפערט — אַז נישט שטענדיק דערצייל איך אַזוי, נאָר דעמאָלט ווען איך האָב אַזעלכע צוהערער, אַיין קליינִיקייט...

די בעסטע צוויי חדשים אין מיין לעבן, זענען געווען דעמאָלט — אין ישראל. און דער סאַמע בעסטער אָוונט פון יענע צוויי חדשים, איז געווען יענער אָוונט מיט מאַנגערן און מיט רחל קאָרן. נו, מ׳דאַרף ענדיקן. אַ האַרציקן גרוס פאַר אייער פרוי, ווען זי איז אונדז געקומען אַנטקעגן, מיט די אַסימונים אין דער האַנט, איז זי געווען מלא טעם. זייט אַלע געזונט, מיט אַ סך פריינדשאַפט, אייער מאַניע.

ס׳געפעלט מיר וואָס איר לעגט צונויף מיינע בריוו; איבער הונדערט מיט צוואַנציק — וועט איר זיי איבערגעבן מיין זון... איר דאַרפט נישט קלינגען, איך וועל נישט זיין אין דער היים. אַז איך וועל קומען — וועל איך אייך אָנקלינגען. שרייבן בריוו איז שוין אפשר נישט כדאי.

דעם 20סטן יולי, 1981.

ליבער פריינד מר גת!

איך האָב אַ מאָל געלייענט זכרונות פון שלום־עליכם׳ס פרוי, ברענגט זי אַזאַ עפּיזאָד: זי האָט זיך אַ מאָל שטאַרק פאַרבענקט נאָך רוסלאַנד און געפאָרן זען די ערטער ווו זי איז אויסגעוואַקסן און אַזוי פיל יאָרן אָפּגעלעבט. פאַרנדיק אין צוג, האָט זי די גאַנצע צייט אַרויסגעקוקט דורך דעם פענצטער און געווישט די טרערן... לעבן איר, איז געזעסן אַ יונגער מיליטער־מאַן און מיט גרויס מיטגעפיל געקוקט אויף דער פרוי. ווען ער האָט געהערט פאַרוואָס זי וויינט, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו איר — ״עך מאַטושקאַ! אויב דו ווילסט פאַרגעסן אין אַלע דיינע צרות, אָט לייען ד אָ ס בוך״, און איר דערלאַנגט ״שלום־עליכם׳ן״.

מיר איז אויך היינט נישט פריילעך אויפן האַרצן... מאָרגן פאָר איך קיין חיפה און מיין זון מיט דער שנור לאָזן זיך אַוועק אין וועג אַריין און ״גאָט זאָל האַלטן די רעכטע

האַנט"... ס'איז איצט נישט אַזוי די פּאַסיקע צייט אַרויסצופּאָרן אויף אַ שפּאַציר... און רעדט מיט מיין זון, וועט ער אייך זאָגן, גלייך ווי ער איז דאָ, אין ישראל, געבוירן: דאָ איז קיין מאָל נישטאָ קיין "פּאַסיקע צייט" — איז ער אויך גערעכט!

איז וואָס זשע מיר געבליבן צו טאָן? איז דאָך געוועזן און געבליבן אַ שלום־עליכם אויף דער וועלט און דאָס בוך "אויף וואָס באַדאַרפן יידן אַ לאַנד" ליגט מיר פאַר די אויגן און איך בין אין סאַמע צימעס פון "מנחם־מענדלס בריוו" און מיט אַ מאָל שווימען אַוועק די כמאַרעס און אַז איך קום איבער דעם זאַג זיינעם, מנחם־מענדלס, "דו קאָנסט זיך דען משער זיין אַ שטייגער וואָס עס טוט זיך אָפּ, אַז, קיין עין־הרע, אַזאַ עולם פון אפשר צען טויזנט פאַרשוין הייבן אָן אַלע מיט אַ מאָל צו פּאַטשן בראַוואָ?"

אין וואָס זשע מיינט איר, דאַרף דאָס מיך דערמאָנען?

צוריק מיט אַזוי פיל יאָרן, איך געדענק שוין אַליין נישט וויפל? אַז איך בין אַלט געוועזן 14 יאָר — דאָס געדענק איך גוט, בין איך אַרויסגעפּאָרן אין דער "גרו"סער וועלט" לערנען קיין קעשענעוו. מיין מאַמע האָט מיר אַריינגעלייגט דאָס געלט אין אַ קעשענע פון דער פּאַליטאָ און צוגעשפּילעט מיט אַזאַ גרויסער שפּילקע (ביי אונדז פלעגט מען זאָגן אַ דאַיפּער) אַז דער קלענסטער גנב, האָט געקענט דערקענען, אויף אַ מייל די ווייט, אַז דאָרט ליגט "אַ גרויסע פּויטיקע"... און אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך האַלטן אַלע אין איינעם (מיר זענען געוועזן דריי מיידלעך) ווייל אין די גרויסע שטעט "פירט מען אַראָפּ מיידלעך פון דעם וועג"... מיר זענען געזעסן אויף אונדזערע בינטלעך דערשראָקענע און אויף יעדן דורכגייער, געמיינט אַז "ער גייט אונדז אַראָפּפירן פון דעם וועג". אָבער נישט דאָס בין איך אויסן:

אין קעשענעוו איז געוועזן אַ גרויסער זאַל, אַ מאָל איז דאָרט געוועזן אַ צירק. דער זאַל אַ קיילעכדיקער מיט 4 באַלקאָנען אַרום און העט אויבן איז ערשט געוועזן אַ גאַלעריי. דאָרט האָט מען גענומען די סאַמע ביליקסטע בילעטן און ס'האָט געהייסן "גאַליאַרקע". ווען איך האָב שוין געלערנט אין קעשענעוו איז שוין פון דעם צירק "עקספּרעס", אַזוי האָט געהייסן דער זאַל, געוואָרן אַ קינאָ און איך האָב דאָרטן געזען ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן, דעם פילם מיט איוואַן מאָזשוכין. סע זענען נאָך געווען, פאַרשטייט זיך, שטומע פילמען.

איז מילא, פון איוואַן מאָזשוכין בין איך געוועזן איבערגעראַשט, ווי אַזוי ער ווערט, צום סוף, בלינד און בלינדערהייט טראָגט ער זיין געליבטע אויף די הענט... אַ באַרג אַרויף... ס'איז געוועזן הימל־עפּן זיך! אָבער דער זאַל האָט מיך נאָך מערער איבער־געראַשט און איך בין נאָר געזעסן און געמאַכט דעם חשבון — וויפל מענטשן גייען דאָרט אַריין?

אַז איך בין אַ היים געקומען קיין זגוריצע האָב איך דערציילט מיין קלענער שוועסטערל און ברודערל אַז אין קעשענעוו איז דאָ אַ "קינאָ" גייען אַריין זעקס מיליאָן מענטשן. איך בין געוועזן זיכער אין מיין חשבון: אונטן — פּאַרטער — גייט אַריין אַ מיליאָן! דערנאָך איז דאָ 4 באַלקאָנען — אין יעדער באַלקאָן אַ מיליאָן, האָט איר שוין 5 מיליאָן. און אויף דער גאַלעריי וואָס האָט געהייסן "גאַליאַרקע", אויך אַ מיליאָן (אפשר נאָך מערער...) האָט איר אַזוי גרויס, ווי מנחם־מענדל זאָגט, פּונקט זעקס מיליאָן. און איר

מעגט מיר הייליק גלויבן, אַז איך האָב אפילו נישט אָנגעהויבן טראַכטן אַז איך טרייב אַ ביסל איבער.

וויפל מאָל, מיינט איר, האָב איך דערציילט און איבערגעחזרט די געשיכטע פון דעם „עקספּרעס" מיט די 6 מיליאָן מענטשן, פאַר מיין מאַן און פאַר די קינדער ?...

איצט, האָב איך אייך צו פאַרדאַנקען וואָס מנחם־מענדל מיט זיינע „צען טויזנט פאַרשוין וואָס האָבן אַלע מיט אַ מאָל געפּאַטשט בראַוואָ", (וואָס זענען שוין מנחם־מענדל'ס צען טויזנט פאַרשוין די בראַוואָ־פּאַטשער, קעגן מיינע זעקס מיליאָן ?...), האָבן מיך אָוועקגעפירט אויף אַזאַ גוט סטעזשקאַלע פון זכרונות...

מיין מאַן פלעגט מיר נישט איין מאָל ציטירן עמעצנ'ס אַ זאָג :

— „אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט, דאַרף מען אים זיך אויסטראַכטן". אָקעגן וואָס איך זאָג דאָס ? אפשר ווייסט איר אָקעגן וואָס !...

מיר איז גרינגער געוואָרן ; זיך אַביסל אַראָפּגערעדט פון דעם האַרצן און איר האָט מסתמא הנאה געהאַט.

זייט געזונט, מיט אַ סך פריינדשאַפט, מאַניע.

אַ האַרציקן, וואַרעמען גרוס אייער פרוי.

איר זענט דער איינציקער, פאַר וועמען איך שרייב זיך אַראָפּ פונעם האַרצן ! פאַרוואָס דווקא איר ? ווייס איך נישט, כאָטש כ'האָב שוין, בפירוש, געטראַכט מער נישט צו שרייבן.

**6.1.82**

ליבער פריינד אלי גת !

ס'רעגנט היינט שוין אַ היפּש ביסל צייט. אַלץ הייסט רעגענען ? ס'דונערט, ס'בליצט, ס'איז ממש „הימל עפן זיך" ווי מיין מאַמע ז"ל פלעגט זאָגן. איז וואָס זשע טוט מען אין אַזאַ טאָג, ווען די הענט לייגן זיך צו גאָרנישט ? האָט מיר דער רבונו של עולם צוגעשיקט אַ גוטן־פריינד וואָס האָט הנאה פון מיינע בריוו און דער עיקר : ער דערלאַנגט אַ קלונג און לויבט !

און איך האָב אַזוי ליב אַז מ'לויבט מיך...

ביום שישי, דעם 8טן יאַנואַר, פאַר איך קיין חיפה זיך פרייען מיט די 40 יאָר וואָס מיין זון ווערט. אָט דאָס קליינע שלומעל איז שוין אויך אַ פערציקער ! ווי לאַנג האָט ער מורא געהאַט פאַר אַ סאַליוט (ער איז שוין געווען אַ בחור פון דריי יאָר מיט עפּעס, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט — דעם 9טן מאַי 1945 — פלעגט מען יעדן יום־טוב, באַזונדערס דעם 9טן מאַי, אין די גרויסע שטעט, שיסן מיט האַרמאַטן אין הימל און ס'זענען זיך צעפלויגן איבער דער גאַנצער שטאָט פילפאַרביקע שטערנדלעך) אָט דאָס האָט מען אָנגערופן — אַ סאַליוט. אַלע קינדער פלעגן אַרויס פון די שטיבער און געלאָפן קוקן. ער, מיין בחורל, פון אַריבער דריי יאָר, האָט מורא געהאַט און אַרויף צו מיר אויף די הענט...

אַ לאַנגע צייט שפּעטער, ווען נאָר ער האָט דערהערט אַ טראַך, פלעגט ער מיך באַרויקן :

— מאַמאַ, ניע באָיסיאַ, עטאָ ניע סאַליוט, עטאָ באָמבאַ. ד.ה. מאַמע, האָב נישט מורא — דאָס איז נישט קיין סאַליוט, דאָס איז אַ באָמבע...

שפעטער מיט יאָרן, ביי אַ יאָר 16־15, פלעגט אים זיין טאַטע האַלטן פאַר זיין בעסטן מיטשמועסער, באַזונדערס — אין פּאָליטיק. איך האַלט אים פאַר דעם בעסטן זון אין דער וועלט !

גיי ווייס דעמאָלט, אין 42סטן יאָר, ווען דער דייטש איז שוין געווען הינטער מאָסקווע און ס׳זענען שוין געווען קלאַנגען אַז מאָסקווע איז שוין אויך פאַרנומען און דאָ האָט דער שלום אונדזערער, זיך געפונען אַ ״גוטע״ צייט צו קומען אויף דער וועלט און איך, אַ פאַרצווייפלטע, האָב געזוכט ווי אַזוי זיך צו ״פּאַטערן״ פון אים... אָבער מיין ליבער, גוטער מאַן האָט מיר אויסגערעדט ס׳האַרץ מיט די ווערטער :

— נאַרישער מענטש וואָס דו ביסט, אויב ס׳וועט זיין באַשערט צו בלייבן לעבן, איז ווו ס׳לעבן דריי, וועט אויך לעבן דער פערטער, אלא טאָמער, חלילה, נישט — גייען מיר אַלע קאַפּוט...

וויי־ווי, וואָס וואָלט איך איצט געטאָן ווען איך נעם זיך, נאָך מיין נאַרישן קאָפּ ?...

ווען איך האָב אָפּגעזוכט מיינע עלטערן (זיי זענען געווען אַרויסגעשיקט קיין סיביר, ווייל מיין פאָטער איז געווען אַ קרעמער און דאָס איז געווען גענוג מ׳זאָל אים אָנרופן ״עקספּלאָטאַטאָר״ און אַריינשטעלן אין ״צעטל״) איז ווען איך האָב זיי, נאָך גרויסע שוועריקייטן אָפּגעזוכט, אָוועקגעשיקט דעם ערשטן בריוו און אויך צו וויסן געטאָן אַז ס׳איז ביי אונדז — ״פּונקט איצט״ געבוירן געוואָרן אַ זון, האָט מיין מאַמע מיר געשריבן, טעקסטועל :

— ״טייערע טאָכטער, זיי נישט אַזוי פאַרזאָרגט ; ביי אַ שלעכטן יאַריד, שפּאָרט מען אַ מאָל אָפּ בעסער ווי ביי אַ גוטן !...״

און זאָגט אַז מיין מאַמע איז געווען אַ נאַרישע יידענע ? און דווקא מיט איר פּשוטער קרעמערישער שפּראַך, האָט זי מטריח געווען אַזאַ קלוגן פאַרגלייך.

איז אַט ווינטש איך מיר און אויך מיין זון מיט זיין משפּחה און נעם אייך אויך אַריין אין קאָן, אַז פּונקט אַזוי ווי ער האָט נישט געוווּסט ביי דריי יאָר וואָס איז אַזוינס ״אַ באָמבע״ און מערער מורא געהאַט פאַר דעם סאַליוט, אַזוי זאָל ער ווייטער אויך נישט וויסן ! זאָגט — אמן !

זייט געזונט, מיט אַ סך פריינדשאַפט, אייער מאַניע יאַקיר.

אַ האַרציקן גרוס פאַר אייער פרוי.

פּ.ס.

איר הערט ״די יידישע שעה״ פון 6.30 ביז 7 אין אָוונט ? ס׳איז מעגלעך אַז דעם 22סטן, אָדער 23סטן יאַנואַר וועט זיין אַ טראַנסלאַציע אין ראַדיאָ וועגן יאַנקל יאַקיר צו זיין 2טן יאָרצייט.

## חיים זיידמאַן

# אין שטעטל מיהייליען

### 1. יעקב גראַפּער

געגנט ווי אין באַסאַראַביע האָבן אויך מיר אין דער מאָלדעווע געהאַט אַ מין ליפּקאַני. נישט אין דעם פאַרנעם, באַשיידענער, אָבער אַ שטעטל וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט פון די אַנדערע, אין ענין פון ליטעראַטור. בלויז מיט דעם וואָס פון דאָרטן שטאַמט יעקב גראַפּער ז״ל, דער ״ראשון פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע און רומעניע״, אָדער ווי פּראָפ׳ סדן באַטיטלט אים אין זיין הקדמה צו מיין בוך ״דער חוב פון זכרון״ ווי דער ״פּיאָנער און שם דבר פון יידיש־ליטעראַטור אין רומעניע״, קומט דעם שטעטל אַן אויסצייכענונג. ס׳איז די רעדע פון צפון־מאָלדעווישן מקום, מיהייליען. פון דאָרטן האָט אויך געשטאַמט דער ייִנגערער פון גראַפּערן, דער דיכטער אין יידיש לעאָן בערטיש ז״ל און זיי צו לענגערע יאָר די שרייבער אין העברעיש אידוב כהן און ישראל לבנון.

די לעצטע דריי האָבן אין זין געהאַט אין זייער שרייבן אויך זייער שטעטל. בערטיש אין זיין באַנד פּאָעזיע ״שטילע ווינקלען״, אידוב כהן אין זיין באַנד ״שכחה ולקט״ וואָס איז געווידמעט בלויז דעם שטעטל, און לבון אין זיין באַנד ״מצא חן במדבר״ ווו ער גיט אָפּ אַ קאַפּיטל זיין ״מיהיילן — סיפור עם עיירה יהודית במולדובה״, און אפשר זענען נאָך פאַראַן אַנדערע, פון וועלכע איך ווייס נישט.

צום ערשטן מאָל האָב איך געזען יעקב גראַפּערן אין האַרלוי אײדער כ׳בין אַוועק־געפאָרן קיין בוקאַרעשט. באַקענט זיך מיט אים האָב איך מיך נישט, נאָר געוווסט פון אים האָב איך שוין יאָ. ווייל, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגן מיר ביי אונדז אין שטעטל באַקומען די פּובליקאַציעס ״התקוה״ (אין רומעניש) און ״ליכט״ (אין יידיש), די צייטשריפט וואָס אַ גרופּע יונגע לייט האָבן אַרויסגעגעבן נאָך אין 1914. איך פלעג זיי לייענען, און דאָרט האָב איך מיך באַקענט מיטן דיכטער, יעקב גראַפּער, ז״ל, ווי דער גרינדער און מיטאַרבעטער.

ווען כ׳האָב מיך באַזעצט אין בוקאַרעשט און האָב אָנגעהויבן צו קומען אין די יידישע קרייזן, האָב איך באַגעגנט און מיך באַקענט טאָקע מיט יעקב גראַפּער, מיט יעקב שטערנבערגן און מיט אַנדערע.

בכלל פלעגט מען מיט די יידישע שרייבערס, דיכטער, קולטור־טוער און שעפער, און אויך כ״ל־טוער זיך טרעפן אינעם יידישן קוואַרטל, ווו זיי האָבן געהאַט אויך זייערע וווינונגען, אָבער מערסטנטייל זייערע טועכצער. מ׳האָט זיך באַגעגנט אין דער קולטור־ליגע, אין יידישן טעאַטער און אויך אַ מאָל אין אַ יידישן רעסטאָראַן, אַ שטייגער ביי

„סרולן". גראַפּער און שטערנבערג, האָבן אין זיך אויך געהאַט געמיינזאַמעס, ביידע זענען זיי געווען יעקבס, ביידע יידישע דיכטערס, ביידע הויכע מענטשן, ביידע האָבן געטראָגן שטעקנס און ביידע פלעגן זיי זיך אַ מאָל צעבייזערן. אָבער דאָס זענען געווען די אויסער־לעכע שטריכן. אין די אינערלעכע, זענען זיי געווען אין גאַנצן פאַרשידענע.

יעקב גראַפּער האָט געוווינט אין יידישן קוואַרטל, און מ׳פלעגט אים אָפּט זען אין די יידישע גאַסן, ווו ער איז געווען פּאָפּולער. ער פלעגט זיך געלאַסן שפּאַצירן, פאַרטראַכט, מיט זיין שטעקן אין דער האַנט, און ס׳רוב דורכגייער האָבן אים געקענט, אויך באַגריסט און אָפּט מאָל זיך אָפּגעשטעלט שמועסן מיט אים. איך פלעג אים באַגעגענען ביי דער קולטור־ליגע אָבער נישט זייער אָפּט דאָרטן, נאָר מערער מאָל ביי נטע רויטמאַן אין פאַרלאַג, „שלום עליכם" ווו ער איז געווען דער בן־בית, בפרט האָב איך דאָרט באַגעגנט גראַפּערן ווען רויטמאַן האָט אָנגעהויבן זיך באַשעפטיקן מיטן אַרויסגעבן גראַפּערס ביכל פּאָעזיע „אין שאָטן פון אַ שטיין", וואָס איז אַרויס אין 1934. און כאָטש אויפן פאַרלעצטן זייטל — דאָס בוך האָט אין גאַנצן 96 זייטן און ניִשט פון גאָר גרויסן פאָרמאַט — איז דער פאַרלעגער מודיע אַז „אַ צווייטער באַנד לידער פון זעלבן מחבר וועט דערשיינען בקרוב", זענען מער גראַפּערס ווערק, קיין מאָל נישט דערשינען ביי זיין לעבן.

דער פאַרלעגער שטרייכט אונטער אין זיין נאָכוואָרט, אַז „דער רוב לידער וואָס קומען אַריין אין באַנד — זענען געשריבן פון דיכטער נאָך פאַרן קריג" (פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה).

יאָ, דאָס זעט מען אין מ׳פילט עס פונעם צווייטן ליד אָן („מאַרגן־בלומען") און ווייטער. ס׳איז נאָרמאַל אַז אַ דיכטער, אַ טאַלאַנטפולער ליריקער, זאָל שאַפן אַזעלכע לידער ווי „מאַרגן־בלומען", „שולמית", „פרילינג", „ביים ברעג", ווו ער דערזעט „אַ רויזיק פּנים, בלאָנדע האָר און... גרינע צווייגן", און נאָך און נאָך אַזעלכע לידער; אפילו זיין שטיפעריש ליד „רעקלאַמע" פּאַסט זיך אויך זייער גוט צו צו יענער תקופה.

אָבער איך בין מיך משער אַז דאָס ערשטע ליד „אין שאָטן פון אַ שטיין" און די צוויי כמו אַריינפירן („וואָלט די נאַכט" און „שטיי איך מיר אויפן גאַנעק" לויט אַ פאָלקס־מאָטיוו) זענען די לעצטע, אָדער פון די לעצטע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן ביים אָפּדרוקן דעם בוקאַרעשטער באַנד. אָט די פערזן זיינע — רופן זיך אָפּ, זענען אַ פּועל־יוצא פון דער ווידמונג, „זשינאַ מיין האַרצוווּנד עד סוף כל הדורות" אָדער אין העברעיש „גנה גנתי במותך מתי", נאָך דעם וואָס ער האָט פאַרלוירן זיין פרוי אין דער יוגנט, און האָט אָפּגעלעבט אַלע זיינע יאָרן, אַליין אָן משפחה. ער האָט דעם באַנד געגעבן דעם נאָמען לויט דעם נאָמען פון ערשטן ליד. כאָטש, ווען מ׳לייענט די אַלע לידער זעט מען „ווי קונציק ער פלעג שרייבן און זיין פאַנטאַזי ווי שיין" („אין שאָטן פון אַ שטיין"), און אַז זיי זענען כמעט אַלע פול מיט לעבנספרייד, מיט בלומען, שמעטערלינגן, פרילינגס, מיט אַלץ, וואָס אַ יונגער מענטש ווי ער, ווען ער האָט זיי געשריבן, לעבט איבער. אָבער נאָך דער „האַרצוווּנד", נאָך זיין אומגליק, ווייזט אויס, אַז אַלץ איז ביי אים געבליבן אין שאָטן פונעם שטיין, פון דער מצבה, וועלכע איז געוואָרן אַ גרענעץ־שטיין צווישן זיין לעבן פון „פאַר" און דעם פון „דערנאָך".

ס׳קאָן זיין אַז דאָס איז געווען איינע פון די סיבות און אפשר טאָקע די הויפּט־סיבה,

וואָס דער אינספּיראַציע־קוואַל פון זיין שאַפן, האָט זיך אויסגעטרוקנט כמעט לגמרי. ווייל איך מיין, אַז אַ היפּשע צאָל לידער פונעם עזבון זענען אויך געשריבן געוואָרן פאַר 1934. ווען ס׳זאָל נישט געווען בלייבן אַ טייל נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע לידער, וואָלט נישט גראַפּער געווען דערלויבט צו שרייבן און נטע רויטמאַן דער פאַרלעגער וואָלט נישט געווען געשריבן אַז אַ צווייטער באַנד וועט דערשיינען ״בקרוב״. ערנסטע מענטשן ווי זיי ביידע זענען געווען וואַרפן נישט מיט קיין ווערטער, ווען ס׳איז נישטאָ קיין יסוד דערצו. און אַז מ׳קוקט זיך צו און מ׳לייענט אויפמערקזאַם אייניקע לידער פון דעם עזבון, ווי אַ שטייגער ״אַ פאַרפסחדיקס״, ״באַלינעשט״, ״אין אַ טאַנצזאַל״, ״יונג דאָס האַרץ״, ״אַ ליד צו דער כלה״ און מסתמא נאָך אַנדערע, (יעקב גראַפּער, ״געקליבענע לידער״, עברית—יידיש, 356 זייטן, תל־אביב—אשקלון, תשל״ו 1975), וואָלטן זיי זיך אַן שוועריקייטן צוגעפּאַסט צו יענער צייט פון ״פאַר״ 1934 ווי צו דער פון ״נאָך דעם״.

אַ פאַראַנטעזע: אין ד׳ער בוקאַרעשטער אויסגאַבע (1934) געפינט זיך אַ ליד ״אַרבעטער־נאַכט״ וואָס באַווייזט אַז גראַפּער איז נישט געווען בלויז אַ צאַרטער ליריקער, נייערט ער האָט געקאָנט שרייבן אויך לויטן מאַניער פון ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט צי באָוושאָווער, אַמעריקאַנער יידישע סאָציאַלע דיכטער פונעם אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט, וועגן אַרבעטער וועלכע, פאַר ברויט וואָס דער בעל־הבית גיט זיי, גיבן זיי אים אַוועק זייער חיות און פילן, אַז דער אָטעם גייט זיי אויס און ווערן דערשטיקט . . .

איז מיר אַ חידוש וואָס דאָס דאָזיקע ליד איז פּלאַסירט צווישן ״האַרבסט״ (״רואיקייט, ווי דו ביזט שען״) און ״סערענאַדע״ (״צו די היכלען פון דער ליבע, לויטערקייט און אייביק גליק״), ס׳וואָלט זיך גיכער געפּאַסט צו שטיין נעבן ליד ״אין אַן ערשטן מאַי״, וואָס רעדט אויך פון דער שיינער נאַטור, ״דער פרילינג איז געקומען״), אָבער מ׳קאָן מרמז זיין אויך אויף אַ סאָציאַלן פרילינג ״זאָל אייך דער טאָג ניט שלאָפנדיק געפונען . . .״).

גראַפּער איז געווען זייער ווייניק פּראָדוקטיוו בכתב די לעצטע יאָרן. אוודאי האָט ער נאָך געשריבן, אָבער ווייניק. הוא היה אומר, ער פלעגט זאָגן, ווען מ׳האָט אים געפרעגט אין דעם ענין, אַז אַ שרייבער צי אַ דיכטער, וועלכער האָט אָנגעשריבן איין און איינציק גוט בלעטל, מעג מען אים דערמיט אַליין אַריינשרייבן אין פּנקס פון דער ליטעראַטור.

אויך פלעגט ער זאָגן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין אַלט־רומעניע און בפרט אין בוקאַרעשט, אויך שרייבערס און דיכטער פון די נייע פּראָווינצן, באַסאַראַביע, בוקאָווינע און טראַנסילוואַניע, אַז זיי קאָנען נישט אויסדרוקן די געפילן, מיינונגען, און בפרט די מענטאַליטעט פון די יידן פון רעגאַט (אַלט־רומעניע), און דערפון פלעגן אַרויסקומען אָפטע דיסקוסיעס און צו מאָל אויף הויכע טענער (כ׳האָב דאָך גערעדט פון צעבייזערן זיך). מ׳האָט זיך, חלילה, נישט געקריגט, צי צעקריגט, מ׳פלעגט מיטאַרבעטן, אָבער די מיינונגען זענען געווען פאַרשידן.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט, ליידער, געלייזט די פראַגע, די גרעסטע טייל יידישע שרייבער און דיכטער, האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד איבערהויפּט די פון די פּראָווינצן, די פּראָווינצן גופא האָבן זיך טיילווייז אויך אָפּגעטיילט פון אַלט־רומעניע, אַ טייל פון די שרייבער זענען אַוועקגעפאָרן אין סאָוויעטישן ״גן עדן״, אַן אַנדערער טייל אין מערבדיקן גן־עדן.

אויף וויפל גראַפּער איז געווען אין כמות שוואַך ביים שרייבן איז ער אָבער געווען שפּרודלדיק בעל־פּה, נישט בלויז אויף לעקציעס און קאָנפערענצן, האָט ער זיך געקאָנט ספּראַווען מיט כלערליי מינים טעמעס, ליטעראַרישע, סאָציאַלע, יידישע געשיכטע און אַנדערע, נאָר פּשוט אין געוויינטלעכע שמועסן צווישן גוטע ברידער איז ער געווען מלא וגדוש.

נאָך דעם וואָס מיר, די גרופּע גרינדער פונעם איקוף, האָבן אים פאַרלאָזט איבער פאַרשידענע סיבות, מערערע פּאָליטישע, פלעגן מיר זיך צונויפקומען אין אונזערע וווינונגען כמעט יעדע וואָך. גראַפּער איז אויך געווען צווישן אונדז. איז געווען אַן אמתער נחת־רוח ווען ביי אַ גלעזל טיי, צי טאָקע ביי אַ גלעזל וויין, פלעגט זיך מערער מאָל און טאָקע אַמערסטן, גראַפּער "צערעדן" און מיר האָבן אים אויסגעהערט, אויף סיי וואָס פאַר אַ טעמע. אין דיסקוסיעס פלעגן זיך די געמיטער דערוואַרעמען. יעדער האָט זיך אַרויס־געזאָגט זיין מיינונג. גראַפּער פלעגט זיך אַ מאָל "צעבייזערן", אָבער אין אַלגעמיין איז געווען אַ פאַרגעניגן אים אויסצוהערן.

די לעצטע יאָרן פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין ישראל, ווען איך האָב געאַרבעט אין דער פעדעראַציע פון די יידישע קהילות, זענען מיר עטלעכע יאָר געפאָרן צוזאַמען, איך מיט מיין פרוי ע"ה, און ער, אין אַפּרו־אַרט קיין קריסטיאַן נעבן בראַשאָוו. ער פלעגט זיך צופּאַסן צו אונדז מיט דער צייט, ווייל, פלעגט ער זאָגן, ס'איז אַנגענעמער אַז מ'איז אין איינעם מיט באַקאַנטע, היימישע מענטשן, מיט וועלכע מ'האָט אַ געמיינזאַמע שפּראַך, נישט בלויז פּשוטו כמשמעו.

קריסטיאַן געפינט זיך אין אַ זייער שיינער פּאָזיציע אין די בערג, אַנגעטוענע מיט אַלטע גרויסע וועלדער. וואָס זשע טוט מען, אַז מ'קומט אין אַזאַ אָרט פון בוקאַרעשט, ווו אין יולי און אויגוסט, איז נישטאָ קיין קאַפּינקע לופט צום אָטעמען, און אַז דו גייסט אויף דעם דערהיצטן שטראָז בלייבן שפּורן פון דיינע שיך אין דעם ווייך געוואָרענעם אַספאַלט? מ'עסט, מ'טרינקט, מ'שלאָפט זיך גוט אויס, מ'לייענט אַ ביסל אַ ביכל אויך, און בעיקר שלינגט מען מיט ביידע לונגען די פרישע אָזאָנירטע לופט. און ווו איז די בעסטע לופט, אַז נישט אין וואַלד, וואָס איז אַ שפּאַן וועגס פונעם הויז, אין וואַלד מיט זיינע פּילפּאַכיקע און איבערהויפּט טענען־ביימער?

גייען מיר אַרויס איין מאָל אין וואַלד, אַ קליינע גרופּע געסט פון דער ווילע. רעדט מען צווישן זיך, שיחת חולין. און ווי אַזוי אין וואַלד זענען קיין טעלעפאָן־סלופּעס, זיי זאָלן אויפכאַפּן די רייד, נישטאָ, און די פייגעלעך זענען פאַרטון מיט זייער צווישטשעריי און הערן זיך נישט צו צו דיין פּלאַפּלעריי, מעגסטו רעדן וואָס דו ווילסט, באין מפריע. דערציילט איינער אַזאַ וויץ אַן איידלערן, דער אַנדערער — איינעם מיט אַנצוהערעניש — ס'זענען דאָך דאָ "דאַמען" אויך — געשעענישן בין אדם לחברו, בעסער געזאָגט לחברה, און הערן זיך נישט צו צו דיין פּלאַפּלעריי, מעגסטו רעדן וואָס דו ווילסט, באין מפריע. אָבער פּשוטו כמשמעו "מקום" די פאַרבינדונגען צווישן מענטש יעדער מיט זיין מקום, מיט זיין אַרום. און ב"ה ס'איז דאָ פון וואָס צו לאַכן.

און גראַפּער איז אויך מיט אונדז. און ער לאַכט, ווי אַ קינד, אַזוי איז ער געווען גראַפּער. פון איין זייט פאַרפירן שמועסן, וואָס זענען ברומו של עולם, און פון דער

אַנדערער, זאָגן אַ וויץ, צי הנאה האָבן פון אַ קלוגן זאָג און דאָס אַלץ בעל־פּה.

אָבער ער האָט אויך געשריבן, ס׳קאָן זיין אַז נישט קיין סך, אַז ער איז נישט געווען אַזוי פּראָליפיק ווי אַנדערע שרייבער, נאָר אַז ער האָט אָנגעשריבן אייניקע פּאָעמעס נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה דאָס זעט מען אין דער אויפלאַגע וואָס ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך זיין פּטירה.

פאַרן אַוועקפאָרן קיין ישראל, האָב איך אים אויך געהאָלפן אַ פּאָר טעג, ווי אויך אַנדערע פריינד האָבן דאָס געטון, ביים איינפּאַקן אַ טייל פון זיין ביבליאָטעק וואָס ער האָט געוואָלט מיטנעמען מיט זיך. אויך זיינע כתב־ידן האָט מען מסדר געווען דעמאָלט.

איך האָב געהערט פון אים, אַז ער האָט געהאַלטן אין שרייבן אַ פּאָעמע „שבת נחמו״, ער פלעגט שרייבן אַזוי פיל וואַריאַנטן, אַז ס׳קאָן זיין אַז דאָס איז איינע פון זיינע פּאָעמעס, וועמענס נאָמען איז אויך געביטן געוואָרן. מ׳דאַרף פרעגן אליעזר פרענקל דער אַפּוטרופּוס אויפן ליטעראַרישן עזבון. ווען ער איז שוין געווען פאַרטיק צום פאָרן, איז ער קראַנק געוואָרן און די נסיעה האָט זיך ווייטער אָפּגעלייגט אויף אַ שטיקל צייט.

און ווען אַלע שווערקייטן, די אָביעקטיווע און די סוביעקטיווע זענען שוין באַזייטיקט געוואָרן, און ער איז שוין געווען אויפן פלי־פּלאַץ, ענדלעך צוגעקומען צו דער אַזוי לאַנג געוואַרטער רייזע קיין ארץ־ישראל, האָט זיך געטראָפן אַ מעשה מיט אַ שטעקן.

כ׳געדענק נישט פאַר וואָס איך האָב נישט געקאָנט פאָרן אים באַגלייטן צום פלי־פּלאַץ, נאָר מ׳האָט מיר דערציילט וואָס ס׳איז דאָרט געשען.

כ׳האָב שוין דערמאָנט, אַז ער פלעגט זיך נישט שיידן פון זיין שטעקן. קומט ער צום צאָל־אַמט מיט זיינע באַגאַזשן, זאָגט מען דאָרט, אַז ער קאָן נישט נעמען דעם שטעקן, מ׳דאַרף אים קאָנטראָלירן, צי ס׳איז עפּעס נישטאָ קיין פאַרזאָגטע זאַכן אינעווייניק. מסתמא האָט מען געטראַכט וועגן וואַלוטע. צעבייזערט ער זיך, און זאָגט, אַז אָנעם שטעקן פאָרט ער נישט. זאָגט דער אָנגעשטעלטער, אַז ער פאָרט נישט, דאַרף מען נישט. דער גוי ווייסט דאָך נישט, און וויל אויך נישט וויסן, אַז גראַפּער איז ביי אונדז רומענישע יידן, דער עלטסטער יידישער פּאָעט. און דאָ דאַרף מען אין אַ שעה אַנדערטהאַלבן אָפּפאָרן. ס׳האָט נישט געהאָלפן קיין חכמות, עמעצער פון די באַגלייטער האָט גענומען דעם שטעקן, האָט געכאַפּט אַ טעקסי, אַראָפּגעפאָרן קיין בוקאַרעשט, כ׳ווייס נישט אין וועלכער לאַבאָראַטאָריע, מ׳האָט „אַריינגעקוקט״ אין שטעקן און אַרויסגעגעבן אַ צעטל אַז ער איז נקי.

אַ מעשה מיט אַ שטעקן, אַ גראַפּעריזם.

און אַזוי האָט יעקב גראַפּער אויך פאַרלאָזט רומעניע. אויף אים האָט מען געקענט זאָגן, אַז ער איז נישט געווען פּשוט אַ פּערזאָן, נייערט אַן אינסטיטוציע אין יידישן פּאָסאַזש. אָבער אַזוי ווי דער פּאָסאַזש, און דאָס יידנטום פון רומעניע, זענען פאַרשווונדן, האָט שוין יעקב גראַפּער, אויך שוין נישט געפעלט, און ער האָט שוין געמעגט פאַרלאָזן רומעניע און פאָרן ווו מ׳קען אים, ווייל דאָרט האָבן אים שוין זייער ווייניק געקענט.

ביים סוף פון זיין פּאָעמע „אין שווערסטע טעג״ שרייבט גראַפּער:

. . . האַלט, האַלט אויס, פאַרהאַלט!

און נישט צעשפּאַלט אַליין דיך, פאָלק מיינס,

האַלט זיך,
און געזונט ווער
בלייב און זײ!
ווי ערד אונטער די פיס, איבערן קאָפּ אַ הימל — פרײ . . .
שטאַרק דיך, מענטש דיך, שטרעק און בענטש דיך.
מענטש דיך!
וואַקס, צעוואַקס דיך, אַרבעט, זינג און זײ —
הלוואי! . . .

יעקב גראַפּער פּלעגט זאָגן אַז מ'האָט אָנגעשריבן אפילו איין און איינציק גוט בלעטל האָט מען זיך געטון זיין פליכט ווי אַ דיכטער.

ווייזט אויס, אַז ער האָט טאַקע געהאַט רעכט.

ווייל ווען גראַפּער וואָלט געווען אָנגעשריבן בלויז די אויבן געבראַכטע שורות, דעם ווונטש און די ברכה וואָס ער גיט דעם יידישן פּאָלק, וואָלט ער זיך דערמיט אַליין געווען פאַרדינט, אַריינצוגיין אין פּאַנטעאָן פון דער יידישער פּאָעזיע.

## 2. לעאָן בערטיש

און איצט צום מיהיילענער נומער צוויי, צום יידישן דיכטער לעאָן בערטיש און וועגן זיין לידערביכל, מע קען זאָגן וועגן זיין העפט, ווייל ס'אַנטהאַלט נישט מער ווי זעכציק זייטן פון קליינעם פאָרמאַט און טראָגט דעם באַשיידענעם נאָמען "שטילע ווינקלען" און איז דערשינען אין 1939 אין פאַרלאַג "שלום עליכם", פאַרשטייט זיך.

ער האָט נאָך געשריבן אַ חוץ דעם, און כ'ווייס אַז, ער האָט נאָך אַרויסגעגעבן אַ באַנד לידער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָר, ליידער, איז ער נישט אין מיין באַזיץ. בעת איך בין געווען רעדאַקטאָר אין דער בוקאַרעשטער צייטשריפט האָב איך אָפּגעדרוקט עטלעכע זיינע זאַכן, פּאָעזיע און פּראָזע.

בערטיש, איז געבוירן אין 1897, און די צייט וואָס איך האָב אים געקענט אין בוקאַרעשט, איז ער געווען תמיד אַן אָנגעשטעלטער, און ס'דאַכט זיך פון די העכערע, אין אַ גרויסער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט פון רומעניע. ער איז געווען אַ באַלעבאַטישער, סימפּאַטישער יונגערמאַן, אויך ווען מ'וואָלט נישט געקאָנט זאָגן, אַז ער פאַרנעמט זיך אויך מיט לידער און מאָלעריי. ער איז געווען פיל איבערגעגעבן זיין משפחה, און האָט אפילו פאַרשפּעטיקט מיטן חתונה האָבן, ווייל ער האָט געהאַט אַ פּאָר שוועסטער, און האָט קודם זיי געוואָלט פאַרזאָרגן, און די עלטערן זענען שוין נישט געווען. כ'האָב זיינע שוועסטער נישט געקענט, נאָר, מיר דאַכט, אַז זיי זענען געווען ייִנגער פון אים, נאָר אין יידישע משפחות טרעפן זיך אַזעלכע פאַלן. איך האָב נאָך געקענט אַזעלכע מענטשן, ביי אונדז אין שטעטל. אויך "באַלעבאַטישע" יונגעלייט, וואָס האָבן געטראַכט ס'ערשטע מכוח דער משפּחה, איינער פון זיי, האָט אַזוי פיל אין זיבן געהאַט זייניקע, אַז ער האָט

פאַרגעסן אין זיך און ווען ער האָט זיך דערמאָנט, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אַז ער האָט שוין אַ ביסל צו פיל פאַרשפעטיקט, און איז שוין געבליבן זיין גאַנץ לעבן אַ בחור. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט די משפחות וואָס ער האָט געהאָלפן שאַפן.

אָבער דאָס איז נישט געווען דער פאַל מיט בערטישן. ער האָט חתונה געהאַט, נאָך זיינע שוועסטער, און דווקא מיט אַ האַרלויער מיידל, אַנוצאַ (חנה) ראָזען, אויך פון אַ באַלעבאַטישער משפחה. איר פאָטער איצעל ראָזען האָט געהאַט אַ שיין אייזנוואַרג געשעפט, אויף דער האַרלויער גרויסער גאַס.

וואָלט מען דאָך געקאָנט פרעגן, ווי קומט צו אַזוי פיל באַלעבאַטישקייט — אין דער משפחה, ביי דער אַרבעט, ביי די מחותנים — ווי קומט פלוצעם לידער און מאַלעריי, ווייל די עטלעכע בילדער וועלכע זענען פאַראַן אין באַנד זענען געצייכנט אויך פונעם דיכטער, איז דער ענטפער אַ פשוטער, אי די לידער, אי די צייכענונגען, זענען אויך באַלעבאַטישע. נישט חלילה פאַרשאַרטע, שרייענדיקע, נאָר שטילע ווי ס׳פּאַסט זיך פאַר דעם טיטל ״שטילע ווינקלען״, אין אַ שטיל קליין שטעטל.

ער באַווייזט ״די שול (די הילצערנע שיל) פון הונדערט יאָרן״ נאָך וועלכער ״אין די שטיבלעך זיצט מען שבעה / נאָך די ספרים פון דער שיל״. ״שטילער, שטילער, . . . אַלץ מער שטילער״. און ער צייכנט זי די שול, וועלכע איז געווען ״פול מיט שיינקייט, פול מיט וווּנדער״, ״און אַז אַ שיל מיט ספרים ברענען / וויינען יידן — בלוטיקע טרערן; / וויינען מתים אין די קברים; / וויינט דער הימל, וויינען שטערן״.

און ער באַזינגט און מאָלט אויס דעם עמוד וועלכער ״שפּעט ביי נאַכט אין ריינער שטילקייט / ווען ס׳שלאָפט דער שאַרך דער דינסטער / . . . אינעם פאַליש שטיל דערוואַכן / שטילע קולות, מילדע טענער: / טרייסט און טרערן מעלאָדיען? / זינגט אַליין פון זיך דער עמוד״.

זיינע העלדן זענען קליינשטעטלדיקע, שטילע מענטשן, אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן ליב אַ ניגון. זיין פישעלע, רב פישלס ״דראַזשקע / מיט בינטאַלעך אַרומגעפּאַקט / ווייזט אויס ווי אַ קוואַטשקע / זי האָט אַ גרויסן ״אויבן־אָן״ / און האָט אויך אַן ״אָקעגן״ / ווי אַזוי מ׳פאָרט מחיה׳דיק / זאָלט איר גאַרנישט פרעגן״, און אַז מיט זיינע שוואַכע פערדלעך, דאַרפן פאָרן אַ לאַנגן וועג ״ברומט מען צו אַ ניגון״, אין מיטן די פעלדער און די וועלדער וואָס שמעקן אַרום.

און זיין אהרן בלעכער איז שוין גאָר אַ מזיק אויף ניגונים, ווייל ״אויפן שפּיץ פון קלויסטער־דאַך / זיצט זיך אהרן בלעכער / ער זינגט זיך צו אַ ניגונדל / און פאַרקיטעט לעכער / גייט ער איבער מיט דער פאַרב — / זאָגט ער ״השכיבנו״ / און קלאַפּט אויס מיטן העמערל / ״אבינו מלכנו״ / און עס בלייבן שטיין ערלים / טוען אַ קוק, טוען אַ זיפץ / און מאַכן זיך דעם צלם״.

וועגן זיין זיידע, וועלכער איז געווען אין דער יוגנט אין ארץ ישראל, שרייבט ער כמעט אַ פּאָעמע. און איצט אויף דער עלטער ווען זיין שמייכל זיך פאַרביטערט און ״זיין גאַנצער קערפּער ציטערט / פלאַפּלט ער שטיל אַזוי אַ סוד / ווער ס׳האָט אַ לאַנד, זאָל זיין ווי קליין / האַלט ניט דעם קאָפּ געבויגן״, און ״מיטגעבראַכט האָט ער מיט זיך / דאָס טאָרבעלע דאָס קליינע / מיט ווייסער ערד פון הייליקן לאַנד / ווו מילגראַמען בליען — /

פאַר קבר ער עס אָנגעגרייט / זיין מידער קאָפּ זאָל רוען״.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז בערטיש זאָגט זיך אַרויס דעמאָלט, נאָך אין די דרייסיקער יאָרן און אפשר נאָך פריער דורך דעם זיידנס מויל, אַז מ׳דאַרף האָבן אַ לאַנד. און ס׳מעג זיין אַ קליינס, כדי נישט צו האַלטן דעם קאָפּ געבויגן. ווייזט אויס אַז ער איז נישט פון די חסידים וואָס האָבן געוואָלט דאָס לאַנד, אויף ביידע ברעגן פונעם ירדן.

ווייטער באַשרייבט בערטיש, זייער אַ סימפּאַטישן ערב פסח ווען מע לופטערט און מע פראַשעט, און ווו מ׳שטייט, איז אָרע קאָרע און דאָס צוגרייטן פון מצות און פון שמירות. און אַ ווינטער פייסאַזש מיט די הויכע שנייען, אַלצדינג איז פאַרשנייט, פאַרשיט, אָבער אינעם שטיבל איז שיין און וואַרעם און לעכטיג, און ס׳איז אַ באַזונדער פאַרגעניגן צו לעזן און צו שרייבן.

אַזוי האָט לעאָן בערטיש דעמאָלט געשריבן זיינע שטילע, באַלעבאַטישע שיינע לידער. ווי געזאָגט, האָב איך נישט זיין צווייטן באַנד, וואָס מ׳האָט געדרוקט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער איך מיין, אַז זיינע לידער האָבן זיך נישט געענדערט און געוואָרן קעמפּעריש, און ער האָט זיך נישט צוגעפּאַסט הונדערט פּראָצענטיק צום ״גייסט פון דער צייט״ ס׳קאָן זיין, אַז ער האָט געשריבן אין גייסט פון נאָך דעם חורבן וואָס דאָס יידישע פאָלק איז דורכגעגאַנגען. ס׳האָט זיך ביי מיר פאַרבלאָנדזשעט אַ טייל פון זיינס אַ ליד, וואָס כ׳האָב געדרוקט אין דער בוקאַרעשטער צייטשריפט, אין דער צווייטער העלפט פון די זעכציקער יאָרן.

מ׳קאָן זיך פון דעם מאַכן אַ בילד פון זיין געדאַנקן־גאַנג אין יענע יאָרן.
כ׳גיב דאָ איבער צוויי סטראָפן פון דעם ליד :

## עקשנות

### (אַזוי בין איך)

אַזוי בין איך,
אַזוי געווען מיין טאַטע און מיין מאַמע,
מיינע זיידעס גאָר קיין ריידע
און מיינע באָבעס — ביידע
עקשנים ! . . .
פון אוראַלטע אבות :
אַלע דורות איינס־ווי־איינס . . .
גלייכע מחותנים ! —
מעשה אבות ירשו בנים.

— — —

איך גלויב אַזוי
ווי ס׳האָט געגלויבט
מיין טאַטע און מיין מאַמע

פון זיידעס גאָר קיין ריידע
און מיינע באָבעס —ביידע
מיט יאָרן טויזנטער צוריק.
מיין גלויבן ליגט, פאַרשטיי, אין בלוט,
ווי דער ריח דופט פון צוויט
באַזונדער שטאַרק, עקשנותדיק.

לעאָן בערטיש איז געשטאָרבן צוריק מיט עטלעכע יאָר אין בוקאַרעשט, און זיין פרוי אנוצא (חנה) איז געבליבן אויך דאָרטן.

*

## פעריאָדישע זאַמלונגען

### "ייִדן און ייִדישע טעמאַטיק אין סאָוויעטישע און מזרח־אייראָפּעיִשע פּובליקאַציעס". נומ' 1 (1985)

דאָס איז אַ בולעטין אַרויסגעגעבן אין רוסיש און אין ענגליש דורכן צענטער צו פאָרשן דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדנטום ביים העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. דאָרטן ווערן גרינטלעך באַהאַנדלט סאָוויעטישע פּובליקאַציעס, אין דער פּרעסע, אין "וויסנשאַפטלעכע" בראָשורן און אין קינסטלערישער ליטעראַטור, וועלכע טראָגן ס'רוב אַן אַנטיסעמיטישן אַנטי־ישׂראל כאַראַקטער.

הקדמה פון פּראָפ' שמואל עטינגער — דעם אָנפירער פון צענטער. מיט ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַרבעטן און רעצענזיעס באַטייליקן זיך מ. חפץ, ל. ציגעלמאַן, מ. קיפּנים, ע. ווייַנערמאַן און ס. דודאַקאָוו.

ס'ווערן אויך פּובליקירט נייַע סאָוועטיש־געזעצגעבערישע דאָקומענטן מיט קאָמענטאַרן פון י. אייַזענשטאַט.

# שרייבער און ווערק

## אננאַ דרעסנער

### באַמערקונגען אויפן באַנד פון חיים גראַדעס "פּליטים"

דאָס בוך, אַ זאַמלונג פון 49 לידער, געשריבן אין די יאָרן 1941—1945, איז דערשינען אין בוענאָס-איירעס, אין 1947. אַ באַזונדערע באַדייטונג האָט די באַמערקונג אויפן שער־בלאַט "געשריבן אין ראַטן־פאַרבאַנד", ווו דער דיכטער האָט פאַרבראַכט די מלחמה־יאָרן. איינגעטיילט אין פינף ציקלען, אַנטהאַלט דער ערשטער פון זיי, "פּליטים", פופצן לידער; די איבעריקע, לויט דער ריי, נעמען אַרום: "אַדעס צו דער זון" — פיר לידער; "דער דיכטער" — צען; "דערקענסט מיך נישט" — צוועלף, און דער לעצטער — "מיט דיין גוף אויף מיינע הענט", געווידמעט דעם אָנדענק פונעם דיכטערס פרוי, וואָס איז אומגעקומען אין ווילנער געטאָ — באַשטייט פון צוואַנציק לידער. אַ פּליאה גאָר, למאי די ווידמונג איז נישט חל אויף דער גאַנצער זאַמלונג.

יעדער ציקל שטעלט מיט זיך פאָר אַ קינסטלערישע גאַנצקייט, הגם אַלע זענען טעמאַטיש פאַרבונדן און דורכגעדרונגען מיט דעם זעלבן גייסטיקן קלימאַט.

די לידער, באַשטימט אין צייט און אָרט, זענען — מעג מען אָננעמען — גיכער אַן אויסדרוק פון אינערלעכן איידער פון שעפערישן אומרו.

איבער אַלץ און אַלעמען הערשט די מלחמה און די אומגעהויערע דערשיינונגען וואָס באַגלייטן זי. אירע גרויזאַמע געזעצן באַשטימען דעם לויף פון אַלע געשעענישן; טוט מען אַלץ, כדי זיך צו זיי צופּאַסן. קלאַמערט מען זיך איינעם לעבן און מען קעמפט פאַר אים.

מען קאָן די מלחמה נישט אויסמיידן — אַנטלויפט מען פאַר איר ווייטער און ווייטער; מע קלערט נישט וועגן דעם, וואָס עס דערוואַרט אין דער אומבאַקאַנטער ווייט; וואָס עס שטייט פאַר די, וועלכע פאַרבלייבן אויפן אָרט און מען האַלט זיך נישט אָפּ פאַרן איבערלאָזן הינטער זיך דאָס ליבסטע און טייערסטע אויף גאָר דער וועלט.

מיט יעדער וויאָרסט וואָס דערווייטערט פון דער היים, קערט זיך אום די פעיקייט צו דענקען קלאָר. דורך מרחקים פון טויזנטער קילאָמעטערס, הייבט מען אָן דערזען, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין יענער וועלט, וואָס איז צוריקגעבליבן אונטער "דער פייערדיקער וואַנט".

אַט שילדערט גראַדע, אין "טאַדזשיקיסטאַנער האַרבסט", חודש אלול אין ווילנער געטאָ. דעמלט, ווען ער האָט דאָס ליד געשריבן, האָבן נאָך צו אים קיין ידיעות וועגן דעם נישט געקאָנט דערגיין; קיין איינצלהייטן אוודאי נישט. דאָס בילד אָבער וואָס ער מאָלט, דער־שיטערט ממש מיט זיין אויטענטישקייט. די פּרטים טרייסלען אויף מיט זייער געטרייקייט צו דער טראַגישערווירקלעכקייט, וועגן וועלכער מע האָט זיך ערשט אַ סך שפּעטער דערוווּסט.

די לידער אין "פּליטים" זענען, צווישן אַנדערע, אַ פּועל יוצא פון טיפער אינ־טראָספּעקציע. זיי דריקן אויס דעם דיכטערס גרויסן צער און ווייטאָג; די מעכטיקע חרטה און שולד־געפילן, וואָס ווייזן אויס צו פּאַראַליזירן אַלע אַנדערע חושים, אָדער צו נייטראַליזירן זיי. "איך האָב פיל מאָמעס יידישע אין וועג געטראָפן, פאַרשולדיקט האָב איך דעם קאָפּ אָוועקגעדרייט" — איז ער מודה. "מיין טויב מיין שטילע האָב איך פאַרלאָזט... נאָר מיר העלפט נישט קיין מחילה ווייל נישט פאַרריכטן קען איך שוין מיין זינד" — קלאָגט ער, און גיט צו: "פאַרשאָלטן בין איך זינט איך האָב דיך פאַרלאָזן ס'גייט אַ קללה מיר נאָך כ'קען קיין רו נישט געפינען" — און די לידער שפּיגלען אָפּ דעם דאָזיקן צושטאַנד זיינעם.

דאָס טאָפּלטע שולד־געפיל עגבערט זיך טיף איין אין דיכטערס נשמה און ענדערט זיין אינערלעכע וועלט. עס בייט זיך די באַציונג צו זיין דיכטונג און איר צילגעוווּנדטקייט. נישט נאָר ער קאָן זיך פון דעם שאַנד־און־שולד־געפיל נישט באַפרייען, נאָר עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז ער וויל עס נישט, און פּרוּווט עס נישט טאָן. "אויף אייביק, אויף אייביק פאַרבלייבן דיין מאַן, / און ווערן מיין קאָפּ פון דיין אָטעם זאָל סיווער / ווי ס'ווערט אינעם ווינטער פון אייז־אָקעאַן / די שיף אויף איר וואַנדער פאַרשמידט און פאַרגליווערט, / אַזוי האָט באַפוילן דיין בליק — איך בין גרייט" — דערקלערט ער.

"דאָס אַלץ קעגן וועלכן מיר קעמפן, איז אויף אַזוי פיל קליין, אויף וויפל עס איז גרויס אַלץ דאָס, וואָס קעמפט קעגן אונדז" — זאָגט ר. מ. רילקע.

אין קעגנזאַץ צו די פריערדיקע לידער גראַדעס, זענען אין "פּליטים" נישט פאַראַן קיין שפּורן פון סימבאָליזם. דאָ איז זיין דיכטונג קאָנקרעט; דער שתי וערב אירער באַשטייט פון אַן אייגנאַרטיקן שעפערישן שטאָף. מע וואָלט געמעגט באַהויפּטן, אַז ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין באַזונדערן קינסטלערישן שעטנז, געוועבט פון ביז גאָר אינטימע, אינדיווידועלע דערקענטעניש און פון אַן אַלגעמיינעם וועלט־באַנעם; אַזאַ ווי ער האָט זיך אים אַנטפּלעקט דורכן פענצטער פון יענעם טונקעלן חדר, אין וועלכן ער האָט יאָרן "געצאַנקט" — ווי ער זאָגט — איידער ער איז פּלוצים "אין פרימאָרגן אַרויס זינגען לידער, / אַרויס פון דער פינצטערניש — אַ דיכטער".

נישט לייכט איז אויפן סמך פון "פּליטים" פעסטצושטעלן, אויף וויפל גראַדען האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרבייטן די טעאָלאָגיע פון לעבן, פון וועלכער ער האָט געצויגן יניקה אין די קינדער און יוגנט־יאָרן, אויף דער פילאָזאָפיע פון יענעם לעבן, אין וועלכן ער איז אַריינגעפּלאַצט ווי אַ דיכטער. די פּאָעזיע זיינע זאָגט אָבער עדות, אַז הגם דערווייטערט פון אים, האָט ער דאָס "אַנדערע לעבן גוט פאַרשטאַנען און געשפּירט.

דאָס דיכטערישע אויג זיינס האָט זיך אָנגעזעטיקט מיטן קאָלאָריט פון דער וועלט, וועלכע ער האָט — ערשט ווי אַ דערוואַקסענער — אַנטדעקט; האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך אירע זיס־ביטערע זאַפטן;; אָנגעפילט די לונגען מיט איר ברויזנדיקן אָטעם, און געגווי אָפּ־געשפּיגלט, די פאַר אים נייעווירקלעכקייט, מיט אַלע שאַטירונגען פון ליכט און שאָטן; פון פרייד און טרויער; פון שטרעבונגען, טרוימען, האָפנונגען און פאַרצווייפלונג. און האָט זיך די ווירקלעכקייט געענדערט, איז אַלץ מיט אַ מאָל צעשטערט, חרוב ונחרב געוואָרן — איז אין איינעם מיט איר אויך צעשטערט געוואָרן זיין אייגענע, ביזאַיצטיקע פּאָעטישע וועלט. ווען ער בויט זי ווידער — איז זי שוין אַ געביטענע, אַ דורכאויס אַנדערע. דערמאָנען זיך די ווערטער פון באָריס פּאַסטערנאַק: "אַ דיכטער איז אַ פּאַלגזאַמער אָביעקטיוו, וועלכער אונטערליגט די פאַקטן; זיין אויפגאַבע איז צו פאַראייביקן די ווירקלעכקייט פון זיין צייט אין אַזאַ פאָרם, אין וועלכער עס וועלן זיך מיט איר באַקענען די קומענדיקע דורות", און גראַדע פילט אויס די דאָזיקע פליכט.

מע מעג אָננעמען, אַז גראַדעס פּאָעטישע וועלט, ווי זי קומט צום אויסדרוק אין "פּליטים", איז אַ טאָפּלטע. פון איין זייט שטאַרקע, אויפטרייסלענדיקע געפילן; קאָמפּליצירטע, נישט פאַרשטענדלעכע, נישט לעזבאַרע פּראָבלעמען; פון דער צווייטער זייט — גוט באַקאַנטע איינצלהייטן; נאָענטע חפצים, קלייניקייטן, וואָס רעדן צו אים מיט אַ דייטלעכן, פאַר־שטענדלעכן לשון. די נאַטור, וואָס רינגלט אים אַרום; דאָס לעבעדיקע און טויטע; דאָס שיינע און העסלעכע, דאָס גוטע און שלעכטע — פאַרבאָרגט אין זיך אַן אמת, וועלכן מען קאָן נישט און מען טאָר נישט בייטן, וואָרעם ער באַצווינגט מיט זיין אומיטלבאַרקייט און פּשטות.

איז דער פערז זיינער דורכזיכטיק, דער קלאַנג מעלאָדיש, די דיכטערישע שפּראַך אָנגעלאָדן אי מיט אייגנאַרטיקייט אי מיט התלהבות. דורך די וואָלקנס אירע שלאָגן זיך דורך שטראַלן; זי איז דורכגענומען מיט עצבות און מיט אַ ברען פון כל עצמותי תאמרנה, הגם דער פּאָעט שפּאָרט קיין מי נישט, כדי דעם דאָזיקן רושם אָפּצושוואַכן. פּאָעזיע איז אָבער פייערלעכקייט. זינט די גריכישע דיאָניזיען, און מן הסתם פון אַ סך פריער נאָך, איז פּאָעזיע אַ יום־טוב, התרוממות פון גייסט און נשמה. דאַך שיינט, אַז גראַדע טוט אַלץ, כדי אָט די יום־טובדיקייט צו פאַרשווענכן; כדי אַריינצוברענגען וואָכעדיקייט אין איר דערהויבנקייט. עס באַקומט זיך אָפּט דער רושם, גלייך ער וואָלט בכיוון טאָן אַלץ, כדי זי צו מעסיקן, צו האַמעווען איר שוווּנג; דעפּאָעטיזירן זי דורך אַריינפירן עלעמענטן פון טרוקענער, גרויער אַלטעגלעכקייט.

דאָס געפיל פון דאָמינירנדיקער "וואָכעדיקייט" ווערט פאַרשטאַרקט דורכן פאַקט, וואָס מע באַגעגנט זיך דאָ זעלטן מיט דער זאָרג פאַר דער "עלעגאַנץ" פון דער פּאָעטישער פּראָזע. דערפאַר אָבער שטויסט מען זיך שוין צו אָפּט אָן אין דער שיטה פון גראַמען "בשור וחמור". עס חזרן זיך איבער תיבות, געבויט אויף גראַמען, ווי "רעגן" — "וועגן"; "פיינט" — "היינט"; "ווייב" — "לייב"; "הוילן" — פוילן"; "דול" — "פול"; "לאָטע" — "טאָטע,"; "ברידער" — "ווידער", און ענלעכע.

ביי אַ פּאָעט פון גראַדעס מאַסשטאַב, שטערט באַזונדערס די גרויסע צאָל פון צוויי־טראַפיקע גראַמען, פון וועלכע עס שמעקט אָפּט מאָל מיט נאַכגעלאַזנקייט, מע מערקט

דאָ קוים דעם דראַנג צו דעם, וואָס די פּראַנצויזן באַצייכענען, מיט "ראַפינעמאַן" פון דער סטראָף. עס טרעפט אויך, אַז דער דיכטער פאַלט אַריין אין באַנאַליטעט.

אין ערשטן ליד, "אין נאַכט און ווינט", אין וועלכן די עפּיק איז כמעט אַ פּראָזאַישע, ווי למשל: "מיר וואַלגערן זיך אויף די וועגן, / אין פּאַרקן, אויף טרעפּ פון וואָקזאַלן / ווי האַרבסטיקע בלעטער וואָס פאַלן / אין וואַגל פון באַנען אויף באַנען", און עס שפּירט זיך דאָ דייטלעך די פאַרלוירנקייט און הילפלאָזיקייט — לייענט מען אַזעלכע פערזן, ווי: "מיר זענען שוין יענע מקנא / וואָס בעטן נישט וואַסער אַ טראָפּן / און גאָט איז שוין זייער צוקאָפּן", און דאָס איז נישט דער איינציקער ביישפּיל פון דעם מין. גראַדע, וועלכער באַהערשט מייסטערהאַפט די דיכטערישע קונסט, ווייזט דאָ קוים אַרויס אַ שטרעבן צו איינציקאַרטיקייט, צו אַנדערשקייט, צו ממשותדיקע ענדערונגען פון מאָס, מעטריק און ריטם, שוין אָפּגעשמועסט פון וועזנטלעכע חידושים; און מיט "חידושים" איז נישט געמיינט דווקא דאָס אַריינפירן דורכויס ביז איצט נישט באַקאַנטע פאָרמען.

אונטערצושטרייכן אַז עס זענען דאָ כמעט נישט געמאַכט געוואָרן קיין ערנסטע פּרווון צו באַנייען די אָנגענומענע נאָרמעס, אפילו פון אויסערלעכער סטרוקטור. דאָ און דאָרט באַגעגנט מען זיך אפילו יאָ מיט אַן אָפּנויג פונעם סטאַנדאַרט, צי פון די קאָנווענציאָנעלע נאָרמעס, קלינגען אָבער די יוצאי מן הכלל טייל מאָל אָנגעצוויגן און אפילו ווי קינסטלעך. ובפרט, ווען ער העלפט זיך דערביי אויס מיט די דיאַלעקטיזמען, וועלכע זענען טאַקע פאַראַן אין "פּליטים" בלויז געציילטע, אָבער דערפאַר ווערן זיי מערערע מאָל איבערגעחזרט. ווען גראַדע גראַמט "עס אייגלט" מיט "דער פייגל", אַנשטאָט "פויגל", איז עס אוודאי "אַנדערש", עס שאַפט אָבער פאַרט אַ פּריקרע בייגעשמאַק.

צו ענלעכע אויסנאַמען געהערט אויך "יוכטענע כאַליאַוועס" געגראַמט מיט "חלומען פון חלות", אָדער: "בית־עולם" — "אין מויל אים"; אָבער אויך דאָס זעט אויס מער געצוווּנגען ווי דערפינדעריש. מער נאַטירלעך קלינגט זיכער "מיין דלאָניע" — "ראש השנה", צי "געבענטשט שוין" — "מענטשן", אָבער אויך דער דאָזיקער גראַמען־בוי ווייכט נישט צו ווייט אָפּ פונעם דורכשניט. דער אינטערעסאַנטסטער און דער אָריגי־נעלסטער פון אַלע "אויסנאַמען" איז אָן ספק דער פערז "אַ מאָרד דאָ / פון אַקאָרדן". דער עצם פאַקט אָבער, אַז די דערמאָנטע סטראָפן דערשיינען אַזוי זעלטן און נאָך דערצו אויפן פאָן פון אַ גאַנצער מענגע "רעגלמעסיקע" פּאָעטישע קאָמפּאָנענטן איז גורם, אַז זיי בילדן גיכער אַ מין ספּאָראַדישן אָפּנויג, איידער אַן ערנסטן פאַרמעסט צו באַנייונג, און קלינגען ווי אַ דיסאָנאַנס, אַנשטאָט ווי אַ האַרמאָנישע דערגענצונג.

די לידער אין "פּליטים" זענען דורכגענומען מיט נאָסטאַלגיע. אַלץ איז אָנגעזאָפּט מיט טיפער בענקשאַפט נאָך די נאָענטסטע און טייערע; נאָך דער היים, דער היים־שטאָט; דער היימישער נאַטור און באַקאַנטע פּייזאַזשן; נאָך בילדער און איבערלעבענישן, וואָס דאָס האַרץ און די נשמה גייען אויס נאָך זיי אין פּיין און יסורים; נאָך דעם אַלעמען פון וואָס מע וויל נישט און מען קאָן נישט אַנטלויפן, ווי מע קאָן נישט אַנטלויפן פון זיך אַליין.

דער דאָזיקער געמיט־צושטאַנד קומט בולט צום אויסדרוק אין די לידער, וועלכע זענען אָנגעלאָדן מיט אַ ספּעציפישער אַטמאָספער פון דערשלאָגנקייט, און זענען דורכגעזאַפּט מיט שטיקנדיקע, נישט אויסגעוויינטע, ברענענדיקע טרערן פון אַנמעכטיקן פאַרדרוס און

צאָרן. די שפּראַך איז אַ רײַכע, אַ פּילזײַטיק ניואַנסירטע, אַן אײַנפּאַלערישע. די מעטאַפאָרע אַן אָריגינעלע, אָפט מאָל אַן אומפּאַרהאָפטע. די שילדערונגען זענען מאַלעריש, איבער־צײַגעוודיק. דער יידיש איז קערנדיק, זאַפטיק, אורשפּרינגלעך, די דרײַ רוסיציזמען — "אַזיערע", "סאָסנע" און "ברוסניצעס", פלעכטן זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן אײַן אינעם ווילנער לשון זײַנעם און שענקען אים אַ ספּעציעלן קאָלאָריט. דאַקעגן, ווײַט מיט אָפּ־געפרעמדקייט פון דעם אײַן און אײנציקן פאַלאַניזם "לאָנקע", וואָס שײַנט צו זײַן ווי אַרײַנגעשמוגלט פון אַ פרעמדן מיליע; פון אַן אַנדערן שפּראַכלעכן קרײַז — און דאָס שטערט.

דער יידיש אין "פּליטים" איז — אויסער געצײלטע פאַלן — נישט דיאַלעקטיש. די בולטסטע דיאַלעקטיזמען זענען, אַ חוץ דעם שוין דערמאָנטן "אײגלט" — "פייגל", און "היכל" — "מוחל" (מייחל"); "שמייכל" — "מוחל" (מייחל") — אַ מין סאָרט פון נישט איבעריק גײַסטרײַכע "נויט־גראַמען". צו עטלעכע מאָל חזרן זיך איבער אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן "גופן" — "רופן"; "גופן" — גערופן". נאָר אײן מאָל שטימט דער ריכטיקער אויסלייג מיטן קלאַנג — "גופים" — "רוף אים" און שענקען דעם פערז אי פרישקייט אי חן.

אין פאַרגלײַך מיטן פאַרמלחמהדיקן גראַדען איז — ווי שוין באַמערקט — די דיכטונג אין "פּליטים" אַ קאָנוועגציאָנעלע, און אין אַ געוויסער מאָס, אויך אַן עפּיגאָנישע. עס כאַראַקטעריזירן זי על פּי רוב די גראַמען־פּאָרן (צמדים) און די טאָנישקייט. אויב עס ווערן ערטערווייז יאָ געשאַפן אינטערוואַלן און עס ווערט געבראָכן דער ריטם, פעלט אָבער אין אַלגעמיין די געוואַגטקייט אַרײַנצופירן דורכאויס נײַע נאָרמעס אָדער גאָר קאָנוועגצן.

מע וואָלט געמעגט באַהויפּטן, אַז צווישן די לידער־ציקלען אין "פּליטים" איז קײן וועזנטלעכער חילוק נישט פאַראַן. נישט אין דער אינערלעכער און אויסערלעכער סטרוק־טור, נישט אין פּאַעטישן מהות און אין דער דראַמאַטישער לאַדונג. כמעט אַלע לידער זענען אַנגעהאַלטן אין אַ רויקן טאָן אָדער אין שטילע, טייל מאָל מאָנאָטאָנע האַלבע טענער, פון אַ נישט אויסגעקלאָגטן ביזן סוף טרויער און פּײַן. אַן אויסנאָם שטעלן מיט זיך פאָר די פיר "אָדעס צו דער זון", פונעם צווייטן ציקל, הויך, אויף אַ קול, שאַלט אין זײ דעם דיכטערס לויב־געזאַנג צו דער זון, דעם מקור פון ליכט און פײַער, פון אויפלעבונג און באַפרײַכפערונג, פון מילדער וואַרעמקייט און פאַרצערנדיקער היץ.

עס קומען אין די "אָדעס" צום אויסדרוק דעם דיכטערס באַציונג צום אוניווערס, צום באַשאַף, צו יענעם מעכטיקן, אַנאָנימען כוח, דעם אויסשליסלעכן געוועלטיקער איבער עקזיסטענץ און פאַרניכטונג.

אין קעגנזאַץ, צו די איבעריקע, סטאַטישע לידער, ענג פאַרבינדענע מיט זײַן אָבסעסיווער טעמע, מיט זײַן פּאָעטישן "איך" און טיף־פּערזענלעכער דערקענטעניש — פילט זיך דאָ אַ נישט באַגרענעצטע פרײַקייט פון דיכטערישן פאַרנעם; אַן אומגעצווונגענקייט און דינאַמישקייט. אויף אַ ווײַלע — פיר "אָדעס" די לענג — פאַרשווינדט די באַהערשטע צוריקגעהאַלטנקייט. עס רײַסט זיך פּלוצלינג אַרויס אַ הילכיקער הימען צו דער זון און קעגן איר; צו די הימלען און קעגן זײ. עס ווערט מיט אַ מאָל נעלם די אונטערטעניקייט און געפּאַלנקייט. דער זעלבער דיכטער, וואָס וואָגט, דוכט זיך נישט, די שטים אויפצוהויבן;

וואָס האָט אפילו קיין העזה נישט צו באַקלאָגן זיך, און נעמט אָן בהכנעה, פון פּאַראויס, יעטוועדן פּסק־דין; דער זעלבער דיכטער, וועלכער האַלט זיך פאַר אומווערדיק צו בעטן מחילה, הויבט אָן אַרויסצוואַרפן פון זיך דונערדיקע ווערטער, פול מיט כעס און פּראָטעסט, פול מיט מרידה. ער פאָדערט אַרויס, באַשולדיקט, האַגלט מיט פראַגן, וואָס וועלן קיין מאָל נישט פאַרענטפערט ווערן, און וועלן אייביק נישט אויפהערן צו קוועלן.

דער בונט אָבער, ווי אומפאַרהאָפט ער ברעכט אויס, אַזוי אומפאַרהאָפט רייסט ער זיך אָפּ. דער "נביא" הערט אויף צו "צערנען". דער גאַנצער "זעם" טוט זיך פון אים אָפּ. ער קערט זיך צוריק צו זיין גענויינטלעכן חיתוך־הדיבור. זיין פּאַרדרוס ווערט געמעסיקט. זיין ליריש־עלעגישע השתפכות הנפש איז ווייטער איבערגעפלאָכטן מיט תחנונים. דער מוסר איז דורכגעדרונגען מיט רחמנות, מיט נחמה; פון שטראָף — קיין זכר נישט.

שפּעדישע השפּעות פונעם מין, וואָס באַרייכערן און באַפרוכפּערן די ליטעראַטור, זענען אַ באַקאַנטע דערשיינונג ביי פאַרשידענע פּאָעטן; פאַרהוילן זענען נאָר די וועגן פון זייערע וואַנדערונגען.

אויך ביי גראַדען לאָזן זיך באַמערקן מער אָדער ווייניקער דייטלעכע שפּורן פון איינפלוסן, וואָס ווירקן אויף אים אויף פאַרשיידענע אופנים, און קומען פון פאַרשיידענע ריכטונגען. אַ מאָל גענוגט אַן אָנדייט, אַ רמז, כדי אַרויסצורופן אַן אַסאָציאַציע מיט אַן אַנדערן דיכטער; אַן אַנדערט מאָל זענען עס אַ מאָטיוו, אָדער גאָר אַ נייער וואַריאַנט פון איינער און דער זעלבער פּאָעטישער טעמע, באַאַרבעט אויף אַן אינדיווידועלן שטייגער; באַלעבט דורך אַן אייגענעם קינסטלערישן פּרינציפּ.

טרעפט, אַז די נאָענטקייט איז אַ צופעליקע און דער איינפאַל איז אַ ספּאָנטאַנער; עס פּאַסירט אויך, אַז עס איז אַ מאַניער, אָדער אַ דורכגעטראַכטער שפּערישער מאַנעוור. די עסטעטישע ווירקונג און רעאַקציע איז אָבער אַלע מאָל אָפּהענגיק פונעם לייענערס פיינפיליקייט.

אוודאי איז נישט איינפאַך צו באַהויפּטן, אַז ווען גראַדע שרייבט אין "ווען איך וועל שטאַרבן אונטער וועגן" — אַ ליד אַנגעהאַלטן אין צוואה־טאָן — איז זיין כוונה טאַקע צו וועקן קאָנאָטאַציעס מיט דוד עדלשטאַטס "אַ גוטער פריינט, אַז איך וועל שטאַרבן", אָדער גאָר — ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען — מיט טאַראַס שעווטשענקאָס "אַז איך וועל שטאַרבן זייט מקבר מיך", נאָך דערצו, אַז דאָס איז ביי אים אַן איינמאַליקע דערשיינונג. אַנדערש אָבער איז, ווען ער קערט זיך עטלעכע מאָל אום צו איינעם און דעם זעלבן פּאָעטישן מוסטער, און מען קאָן זאָגן, אַז דער דאָמינירנדיקער מוסטער, איז ביי אים ח. נ. ביאַליק.

ווען גראַדעס סטראָפן: "ווי אַ טויט וואָלט אַרומגעטאַנצט דול / אויף טויטע מיט זאַמדן פאַרוויטע", וועקן רעמיניסצענצן מיט ביאַליקס "מתי מדבר" און דערמאָנען אין "רק ארבעים שנה ניתע בין ההרים / ובחול טמנו ששים ריבוא פגרים", קאָן עס זיין אַ צופאַל. אָבער אין "און איר פון מיר וועט נאָכדערציילן", שפּירט זיך די נאָענטקייט אין סטיל, קלאַנג און אַטמאָספער פון "והיה אחרי מותי / ספדו ככה אותי", אַזוי דייטלעך, אַז מע קאָן עס נישט פאַרלייקענען, און דאָס איז זיכער שוין קיין צופאַל נישט. איז עס ווידער אַ השערה, ווערט זי באַשטעטיקט אינעם ליד "צו חיים נחמן ביאַליק", ווו די

דירעקטע ווענדונג צום גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער, זאָגט עדות אי וועגן השפּעה, אי וועגן ענערוּנגען וואָס קומען פאַר אין גראַדעס אַנשויאונגען.

דער דאָזיקער רושם פאַרשטאַרקט זיך אינעם ליד "אַ קבר אין מדבר", אין וועלכן דער דיכטער דריקט אויס בענקשאַפט צום "אבות־לאַנד", צום "היימלאַנד פון דיין (ביאַליקס) וויג" און שטיצט די סינאָנימען מיטן חלום, אין וועלכן דער יתום זעט דעם פאָטער "אין דער ציג / די ווייסע ציג וואָס האָט צוויי בלויע פליגל". די שאַגאַלישע וויזיע, מיט די בולטע נאַציאָנאַלע סימבאָלן, באַקומט אַ באַזונדערן באַטייט אין די סטראָפן פון גראַדען, דעם פאַרשטייער פון "יונג־ווילנע". נישט ווייניקער סימפּטאָמאַטיש איז דער פאַקט, וואָס זיי דערשיינען ביי אים צום ערשטן מאָל דווקא אין די "לידער געשריבן אין ראַטן־פאַרבאַנד".

אין אַנבליק פון דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, אַנטשטייט די נויטווענדיקייט צו וועקן אין פאָלק דעם ווילן צובאַגייען די פיזישע און גייסטיקע כוחות, ממשיך צו זיין דעם קיום.

גראַדע זעט אינעם דיכטער אַ וועזנטלעכן גורם פאַר שאַפן אַ גינסטיקן גייסטיקן און קולטורעלן קלימאַט, אַ סטימול צום קאַמף פאַר פאַרבעסערן די געזעלשאַפטלעכע לאַגע און איינפירן אין איר פּאָזיטיווע ענדערונגען. האָבן אייניקע דיכטער דאָס ביז איצט נישט פאַרשטאַנען, האָבן זיי נישט אַלע מאָל פאַרטרעטן קיין ריכטיקע מיינונגען, נישט אָנגענומען קיין ריכטיקע שטעלונגען — בעיקר די וואָס האָבן געלעבט און געווירקט מעבר ל׳ים — האָלט ער עס זיי פיר, סיי די טויטע, סיי די פאַרבליבענע ביים לעבן; און כאָטש ער רופט קיין נעמען נישט אָן, איז נישט שווער צו דערקענען, אַז ער מיינט ראָזענפעלדן און לייוויקן, יהואשן און משה לייב האַלפּערינען.

אין זיין זאָרג פאַרן קיום און בלי פון יידיש טענהט ער זיך אויס מיט ביאַליקן. אַ דאַנק אים האָט דאָך אויפגעלעבט די שפּראַך, וואָס איז זייט הונדערטער יאָרן געווען אַריינגעטאָן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף, און "דאָך לעבט אַ ישוב און ער בויט זיך אויף דער שפּראַך / וואָס דו האָסט אָפּגעפרישט פון אַלטע ספרים". ווי אַזוי זשע קאָן מען דערלאָזן, אַז די שפּראַך וואָס האָט דורות לאַנג געלעבט אין פאָלק, וואָס האָט לויט ביאַליקן פאַרהיטן פאַר פאַרקריפּלונגען דאָס עברית, זאָל אונטערגיין; מע זאָל אים אָפּזאָגן די גלייכבאַרעכטיקונג דווקא אינעם "ישוב, וואָס בויט זיך און לעבט אויף דער שפּראַך" וואָס ביאַליק האָט "אָפּגעפרישט" פון ספרים. בעט ער: "זאָל אויפהערן דער ברודער־קריג אין אונדזער שטוב / אויף יידיש וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון גרוב / און אויף דער חומש־שפּראַך פון דער עקדה". און אויב זי איז ביז איצט געווען אַ שפּת־חול האָט זיך דאָס געענדערט, און "יידיש איז געהייליקט איצט געוואָרן / ווייל ס׳האָבן גוססע מיט איין שוין אויפן צונג / אויף יידיש אויסגעכאָרכלט זייער צאָרן".

אין זיין פאַרביטערטקייט, דערמאָנט גראַדע די יידישע דיכטער אין אַמעריקע און ווענדט זיך צום חשובסטן פאַרשטייער פון דער העברעישער פּאָעזיע, דאָקעגן איז ער נישט מזכיר די יידישע סאָוועטישע דיכטער, הגם זיי זענען צו יענער צייט געווען שעפעריש טעטיק. טרעפט ווידער, אַז ער נעמט אויף מיט צוויי פון זיי, און נישט צופעליק, אידענטישע טעמען, איז זיין צוגאַנג, פון אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, דיאַמעטראַל אַנדערש

פון זייערן. זיינע אויספירן זענען אַ דייטלעכע אַנטיטעזע צו די מיינונגען, וועלכע זיינע ברי־פּלוגתא רעפּרעזענטירן און פּראָפּאַגירן. גראַדעס לידער, געשריבן שפּעטער, פון זייערע, טראָגן אַ בפירושן כאַראַקטער פון אַן ענטפער, פון אַ דיאַלאָג, מיט די פאַרשטייער פון די אַלע, וועלכע רופן איבערצורייסן מיט די מקורות און מיט דער פאַרגאַנגענהייט.

איציק פעפער און חיים גראַדע האָבן ביידע אָנגעשריבן לידער וועגן יידיש. רופט איינער זיין ליד "יידיש", דער צווייטער "מיין יידיש לשון" — שפּעטער געענדערט אויף "די באַלאַדע פון מיין יידיש לשון".

ווי יעדער סאָוויעטישער דיכטער, וואָס שרייבט אַ ליבעגעזאַנג פאַר זיין מוטער־שפּראַך, וואָס איז נישט רוסיש, ובפרט ווען זי איז יידיש, מוז אויך פעפער צאָלן "מס־שפתיים". און ער צאָלט דעם פולן פּרייז, אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק, קאָן מען דאָס אפשר פאַרשטיין. וואָרעם אַ חוץ דער אָפיציעלער, וועלכער אַלע אונטערליגן, עקזיסטירט נאָך אַ צווייטע, אַן אינערלעכע צענזור, וועלכע יעדער סאָוויעטישער שרייבער אַרבעט אויס פאַר זיין אייגענעם, אַזוי צו זאָגן, אינדיווידועלן געברויך, און פעפער איז אין דער הינזיכט קיין אויסנאַם נישט "אין זיין יידיש" אָבער, שטייגט איבער דער אייפער זיינער אונטערצושטרייכן די געטריישאַפט צום אָנגענומענעם כלל "נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט", די גרענעצן פון גוטן טעם. דאָס ספּעקולאַטיווע און פּראָפּאַגאַנדיסטיש געקינצלטע אין זיינע "אַרגומענטן", לאָזט זיך פאַרגלייכן סיידן מיט דער באַנאַליטעט, מיט וועלכער דאָס ליד צייכנט זיך אויס.

אַ געפיל פון בושה און ווידערווילן וועקן אַזעלכע אויספירן, ווי: "ס'קלינגט 'לחיים' ווי "וויטאַיעם", ווי למשל 'פּאָזדראַווליאַיעם'"; וואָרעם יידיש "כאַוועט זיך מיט סלאַוויש" — דעריבער ווערט איר חשיבות אין ראַטנפאַרבאַנד אַ סך גרעסער, און די מדרגה אירע איז געהויבענער, ווייל עס ווערן פאַרגעסן אין איר אַזעלכע ווערטער, ווי: "עפשער, העפקער, בלאָנקען, טאָמער / ווי אין ליד פון אַלטן שאָמער", (אפשר, הפקר, שמ"ר), און אין אַן ענלעכן גייסט ביז צום אַפירמאַטיוון סוף: "יידיש האָט אין אַש אויך פייער / און דערפאַר איז זי אונדז טייער". מעגלעך; אָבער די אויבן געבראַכטע ביישפּילן באַשטעטיקן דאָס נישט. די ביז גאָר צווייפלהאַפטע מאָטיוואַציע שטרייכט אַן איבעריק מאָל אונטער די ווידערראַנאַנדן צווישן דעם אָביעקטיוון און קינסטלערישן אמת, און אַנטבלויזן דעם תהום וואָס ליגט צווישן דעם, וואָס פעפער האָט אפשר געמיינט צו זאָגן, און דעם אופן אויף וועלכן ער האָט עס געטאָן.

דאַקעגן, קלינגען גראַדעס סטראָפן אָריגינעל און אויפריכטיק, די מעטאַפאָרן זענען אייגנאַרטיק. די שפּראַך איז אַ רייכע, אַ לעבעדיקע און בילדערישע, און פערזן, ווי: "אַרויסגעפלאַצט האָבן פון ווייַנבראָיז די שפּונטן פון לשון וואָס יערט ביי מיין פאָלק אויף די גרונטן", ברענגען אַריין דערפרישנדיקע יסודות און פילפאַרביקייט אין פּאָעטישן אויס־דרוק; און ווען ער פאַרענדיקט: "פאַרברענט איז מיין היים און אין חורבות פאַרזונקען / נאָר קערנער אין אַש האָט מיין לשון ווי פונקען", קלינגט עס נישט שאַבלאָנמעסיק. הגם ער באַנוצט זיך דאָ מיט די זעלבע מעטאַפאָרן ווי פעפער, איז זיין סטראָפע איבערצייגעוודיק און נויטיקט זיך נישט אין קיין דעקלאַראַטיווע דערקלערונגען. אַן פוסטע מליצות שפּירט מען, אַז יידיש איז אים ליב און טייער. בעת פעפער באַזינגט בעצם די אַגאָניע פון יידיש

און אַנטציקט זיך מיטן פאַראַרעמען איר ווערטער־פאַנד דורכן אַרויסשטויסן פון אים דעם העברעישן קאָמפּאָנענט אָדער דעם פאָלקסטימלעכן אידיאָם — באַוווּנדערט גראַדע איר רייכקייט, די דויערהאַפטיקייט, די פעיקייט צו שעפּן פון די אָפּגרונט־טיפע, אומ־אויסשעפּלעכע קוואַלן אירע, כדי ווי אַ פעניקס, ווידער און אָבער אַ מאָל זיך באַנייען און אויפלעבן פונעם אייגענעם אַש.

צו באַמערקן, אַז אויך גראַדעס ליד איז נישט אַלע מאָל קינסטלעריש אויסגעהאַלטן. אַזעלכע סטראָפן״און ווער אין זיין אינגעווייד ברעכט אים און מייקעט — / און קען נישט און מוז אין זיין עקל דיך ווייקן״, רופט אַרויס אַ געפיל פון אינערלעכער אומצופרידנקייט. דאָס איז אמת דער בולטסטער, אָבער, ליידער, נישט דער אייניציקער פאַל אין ״פּליטים״, ווען אַן עסטעטישער בלויז שטערט די פאָעטישע שלימות פון ליד.

און אָט דער צווייטער ביישפּיל. גראַדעס ליד ״מיין אַלטער דור״, איז אַ בפרושער ענטפער אויף איזי כאַריקס ״פאַרגייט, איר אומעטיקע זיידעס״ וועלכער מאָלט ״מיט בערד צעשראָקענע, פאַרלאָפענע מיט שניי״.

ווי משה קולבאַק זיינע פעטערס אין ״רייסן״, פירט דאָ גראַדע אַרויס אַ גאַלעריע פון ״זיידעס מיט די פלאַקסענע געדיכטע בערד״ — אָנהויבנדיק פון ״פּרושים ליטווישע״, לומדים און תלמידי־חכמים, ביז ״הערינג־קרעמער אויף פּוסטן מאַרק״, און שטעלט זיי פאָר אין זייער אויסערלעכער, באַזונדערער פּראַכט און אין זייער גאַנצער אינערלעכער קראַפט. ער בעט זיך ביי זיי: ״פאַרשווינדט נישט זיידעס מיט די בערד די פלאַקסענע״, און שטרייכט אונטער: ״כאָטש איך האָב, זיידעס, די עקשנות אייערע געטאַדלט אָפט / האָב איך אין אייך קיין חוזק נישט געשליידערט״. ער רופט נישט, ווי כאַריק: ״פאַרגייט, פאַרגייט איר אַלטע זיידעס״ און טענהט נישט מיט שפּאָט און פאַראַכטונג: ״אַז ווינד און וויי צו אייער גאַנצן שטעטל / צעטראָטענעם אין וויטאָג און אין נויט . . . / צו יעדן הונגעריקן ביסן ברויט / האָט איר פון לאַנג געשמייכלט און געבעטלט״; ער שטעלט נישט פעסט מיט אַ מין משונהדיקער האָפּערדיקייט און הנאה, אַז ״מיר, אָט די, וואָס רופן אייך נאָך זיידעס, — / און וויסן, אַז דאָס דאַרף מען שוין ניט לאַנג״; די וועלכע גייען, כלומרשט, אויף ווי דער ערשטער קלאַנג ״פון קומענדיקע פריידן״ האַלטן, אַז: ״איז גוט אַריינקוקן אין אומעטיקע אויגן, ווען פרעמד איז אייער וויטאָג פון די בערד . . .״. דאַקעגן, זאָגט גראַדע: ״איך רוף צו אייך! איר האָט אדורכגעהאַלטן יאָרטויזנטער דעם שטיין־צעגליטן האַגל, / און ווען דער שטורעם־ווינט האָט אייך געוואָלט אַ בראָך טאָן / האָט איר זיך ווי אַ וואַלד צוזאַמענגעפלאָכטן — / און געוואָגלט . . .״. דער דאָזיקער ענטפער גראַדעס, גילט נישט בלויז פאַר כאַריקן, נאָר אויך פאַר אַלע די, וועלכע האָבן גערופן אָפּצוּווענדן זיך פונעם עבר און איבעררייסן די פעדעם וואָס פאַרבינדן מיט דער גייסטיקער און קולטורעלער ירושה פונעם פאָלק, צו וועלכער זיי האָבן זיך באַצויגן מיט ביטול און סאַרקאַזם.

״איך שרייב אין סכנה און טרויעריק בין איך, געפּייניקט פון ספק: / וועט ערגעץ דער ווינט דערקייקלען מיין פאַרמעט״ — באַקלאָגט זיך גראַדע — און כאָטש דאָס געפיל פון דראָענדיקער סכנה און די ספקות זענען באַרעכטיקט, פאָלגט ער דעם באַפעל פון יענער האַנט וואָס דריקט אויפן אַקסל און פאָדערט ״פאַרצייכן״, און ער — ״אין די אויגן באַרעכנטער קאַלטער שגעון״ — פאַרצייכנט אין פּיין און יסורים אַלץ וואָס ער פילט.

„איך האָב פון מיין לייב אויס אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט — אויפצובויען מיין אמת", וואָרעם „מיין אמת איז דורשטיק און גיריק / אומפאַרשעמט — אומשולדיק זויגט ער מיך אויס ווי אַן עופּהלע".

גראַדעס אמת, אַן אומבאַרחמנותדיקער, באַגנוגט זיך נישט ביז ער ווערט נישט אַרויס־געבראַכט אין גאַנצן, ביזן סוף. דער דאָזיקער אמת איז אַ ביטערער ביז גאָר, און דער דיכטער דריקט אים אויס אָן צו פאַרשיינען, אָן צו פאַרמילדערן אים: „משוגע בין איך פון ליבשאַפט צום מענטש / פון עקל צו אים בין איך קראַנק", דערקלערט ער איינצייטיק. „דער קרייז פון פריינד האָט אים [דעם פּאָעט] געפּייניקט / די איינזאַמקייט האָט אים געקוועלט", איז ער מודה. ליגט אפשר גאָר דער סוד פון דער צעשפּאַלטונג, פון סתירות און ווידערראַנאַנדן, וואָס הערן נישט אויף אים צו פאַרפּאַלגן און נעסטן אין זיין אומרויקער נשמה, אינעם רעטעניש „מענטש", וואָס לאָזט זיך נישט לעזן, „ווייל שווער איז אַ מענטש אויסצוטראַכטן / נאָך שווערער איז אים צו דערקענען".

אין זיינע „סקעפּטישע נאָטיצן — געפילן און מאַשינען" זאָגט ב. וו. ראַסעל: „די וויסנשאַפט האָט אויפגעטאָן וווּנדער מיט אירע אַנטדעקונגען אין תחום פון דער פיזיק; אָבער וועגן דער מענטשלעכער נאַטור, וועגן אונדזער אייגענער טבע, ווייסן מיר אַ סך ווייניקער, ווי וועגן שטערן און עלעקטראָנען". איז קיין וווּנדער נישט, וואָס גראַדע רופט: „קום אַראָפּ און פאַרענדיק דיין ווערק — דעם מענטש . . .", זאָל מען זיך ענדלעך באַפרייען פונעם עקל צו אים.

נויטיקט מען זיך נישט אין קיין פּראָפּעדאָוט, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט באַלייכטן און אויפקלערן גראַדעס פּאָעטישע פּערזענלעכקייט. ער טוט עס פאַר אונדז אַליין, מיט אַן אָפנהאַרציקייט וואָס גרענעצט מיט גרויזאַמקייט, און עס קאָן קיין צווייפל נישט זיין, אַז אַזאַ איז ער ווי אַ מענטש און דיכטער, ווי ער שטעלט זיך אונדז פאַר אין זיין פּאָעזיע. אַז אַזאַ איז זיין באַציונג צום מענטש, צום באַשאַף און באַשעפער, צו דער וועלט, צו די הומאַנישע און מאָראַלישע ווערטן, וואָס ענדערן זיך נישט אין קיין שום אומשטענדן. אַז עס איז אים נישט צו באַוועגן צו בייטן זיינע מיינונגען; נישט מעגלעך אים איבער־צואַנדערשן, און אַז אים איז פרעמד די פעיקייט זיך צוצופּאַסן צו סיטואַציעס און באַדינגונגען, וועלכע זיי זאָלן נישט זיין. גראַדע איז נישט מסוגל נאָכצומאַכן; צו בייטן זיין אמת, זיינע שטעלונגען און שטרעבונגען — און ווען ער גיט דאָס איבער אויף זיין אינטערעסאַנטן פּאָעטישן לשון — גלויבט מען אָן באַוואָרענישן אין דעם, וואָס גראַדע זאָגט וועגן גראַדען.

גראַדע, דער פּליט, וואָס קאָן קיין מנוחה נישט געפינען אין זיין מקום־מקלט, זעט אַלץ דורך דער פּריזמע פון דער גוססדיקער וועלט אונטער „פייערדיקע ווענט", וואָס איז אויסגעליפערט דער ווילקיר פון רשעות און דער שרעק פאַר איר, וואָס לויערט אויף שריט און טריט, איז זיין ליד אָנגעלאָדן מיט פּחד אין זיינע פּולצאַליקע דערשיינונגען. דאָס דאָזיקע געפיל דריקן אויס נישט נאָר ווערטער, נאָר אויך שילדערונגען פון פאַרשיידענע פּאָזיציעס פונעם גוף; די לאַגע פון אַ טייל אברים — דער עיקר די קנאָכיקע — און דאָס איבערטראָגן זייערע פונקציעס אויף דער נאַטור און די סטיכישע דערשיינונגען, די

ווערטער — איבערגעחזרט עקשנותדיק און אין פאַרשיידענע גראַמאַטישע פאָרמען — ווערן דאָ פאַרוואַנדלט אין באַגריפן. „שטאַרן", „פאַרשטאַרן", „פאַרגליווערן", „גליווערן", „פרירן", „פאַרפרירן" — באַצייכענען די אַפּהעטיקייט, די אויסוועגלאָזיקייט און פאַר־צווייפלונג, וואָס פאַראַליזירן דעם צו טויט דערשראָקענעם, פאַרפאָלגטן, אָנמעכטיקן מענטש.

די אַכזריות, וואָס הערשט איבער אַלעמען, פאַרשאַרפט דאָס געפיל פון גרויל און טעמפּט אָפּ די חושים. די פאַרניכטונג וועקט אַ יצר פון זעלבספאַרניכטונג. דער אָנמעכטיקער צאָרן דערפירט צו יאוש און דריקט זיך טיילווייז אויס אין דער דעסטרוקציע פונעם אייגענעם לייב און אברים, אַ פּראָצעס אין וועלכן אויך די נאַטור באַטייליקט זיך. „אפילו דער שטורעם־ווינט האָט אָפּגעשינדן די בלעטער פון בוים און פאַרקראַכן אין זיי" ; „יענע פרוי וואָס האָט צעשונדן / די הויט פון אירע הענט אין שטומער שרעק"; „האָט זי די הויט פון אירע הענט אויסגעשונדן / און מיטגעטרויערט האָבן אירע צעפּ", אָדער: „די אויסגעשונדענע, די געלע לאָטע / און דער טויט האָט אונדז פאַראייניקט"; און נאָך: „וואָלט אַ קרענק פון זיין פּנים דאָס פלייש אויסגעשאָבן / וואָלט ער מיאוס אַזוי בישט געווען" — דער מענטש. ווי אַנדערש דאָס קלינגט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס די אַלטע גריכן באַהויפּטן: „ווי שיין איז דער מענטש, ווייל ער איז אַ מענטש".

דאָס פייער וואָס פאַרצערט די צוריקגעבליבענע אין דער חרובער היים, וואַרפט זיך אַריבער אויף דעם אין פּאַניק אַנטלאָפענעם דיכטער. ער שפּירט: „עס ברענען אירע האָר אויף מיין קאָפּ", און בישט נאָר דאָס: „עס שרייען אָנגעצונדען אַרום מיין קאָפּ / מיין מאַמעס האָר", אָדער „דער בלאָנדער קאָפּ ווי שטרוי איז אָנגעצונדן" און העלפן קאָן זי זיך בישט, וואַרעם „אירע הענט זענען שווער ווי אַ צווייג / וואָס אַ מענטש איז אויף זיי אויפגעהאָנגען"; „הענט אַראָפּגעפאַלענע, פאַלן פאַרוויאַנען / די גלידער הענגען אָפּ־געפרוירענע". אויך ער קאָן קיין הילף בישט דערלאַנגען: „און אומגעלומפערט פלאָנטערט ער און שטאַמלט מיט די ברייטע הענט", וואָס אַנשטאָט פאַרלייכטערן, האַמעווען זיי יעדע באַוועגונג, ווי אָפּגעשטאָרבן פון שרעקלעכער אימה. עס טוט זיך אָפּ די בויגזאַמקייט פון די גלידער, פון די עלנבויגנס און קני, געבליבן איז בלויז די ביינערדיקייט, די קאַנטיקייט זייערע; אָנגעשפּיצט און פאַרקלענערט ווערט דער גוף, וואָס פאַרמאָגט נאָר די פעיקייט נאָך מער זיך איינצושרומפּן און אַלץ מער און מער פאַרקריכן זיך אין זיך אַליין. „איינגעקלעמט די עלנבויגנס אין די קני"; „די הענט אָנגעשפּאַרט אויף די קנעכיקע קני"; „געזונקען די קעפּ אויף די קנאַכיקע קני", פאַרוואַנדלט זיך די געשטאַלט אין אַ קליין הייפעלע אומגליק און זינקט אונטער זיין אייגענער לאַסט, סטאַטיש — ווי געלעמט.

די זעלבע פּאָזע, רופט אַרויס ביי אַן אַנדערן קינסטלער היפּער־דינאַמישקייט און וועקט אַ געפיל פון לייכטקייט, כמעט פון וואָגלאָזיקייט. „אין אַזאַ נאַכט, איז גענוג זיך אָוועק־זעצן, גוט־גוט צונויפפּרעסן די קני, אָנשפּאַרן אויף זיי די עלנבויגנס, אָנלענען די באָרד אויף די דלאָניעס — כדי זיך אויפהויבן און שוועבן..." — זאָגט נאַטאַשאַ ראָסטאָוואַ אין „מלחמה און שלום".

אויך זי — אַ יונג, זאָרגלאָז באַשעפעניש, ראָמאַנטיש געשטימט — חלומט וועגן מינימאַליזירן די דימענסיעס פונעם אייגענעם קערפּער און זיין באַרירונגס־פּונקט מיטן באָדן. איר מיין דערביי איז אָבער אָפּצורייסן זיך פון דער ערד, כדי זיך דערהויבן צו די

הימלען. אין פלוג גענומען — די זעלבע סיטואַציע, און דאָך אין גאַנצן אַנדערש. צוויי עקסטרעמע אַספּעקטן פון איין און דעם זעלבן קינסטלערישן געדאַנק. וואָלט מען אפילו געפונען השפּעות, וועלכע זענען דאָ נישט בנמצא, וואָלטן זיי זיך באַשטימט אַרויסגעוויזן צופעליקע. טוט ער דאָס אָבער מיט אַביזיכטיקייט — לאָזט זיך זיין כוונה קלאָר און דייטלעך פילן אין אויסדרוק, אין מאָטיוו און אין דער אַטמאָספער.

אָט רופט גראַדע, למשל, צו דער זון: ״דו ברענסט ביי דער וועלט דער פאַרפייניקטער ווי ביי אַ גוסס צו קאָפּן / דו רויקער מילדער פאַרקלערטער גאָלד־אַפּל״, און פּרצעס וואָרט, די פּרציאַנישע שטימונג, באַשיינט מיט דער שאַרפזיניק־איינציקאַרטיקער גראַדע־פּאַראַפראַזע, באַקומען אַ נייעם תיקון.

צו באַמערקן, אַז אין גאַנצן באַנד געפינט זיך סך הכל נאָך איין פּאַראַפראַזע פון דעם זעלבן מין, ווען גראַדע זאָגט: ״איך דער געשוווירענער נביא פון אונטערגאַנג / אַ ניי געבאָרענער זינג וועגן מוגטערגאַנג״, און מען מעג זאָגן, אַז אַזאַ איכות קאָן ביישטיין פאַר יעטוועדער כמות.

ערשט אין די לעצטע צוויי ציקלען פון ״פליטים״, פירט גראַדע אַריין דעם עלעמענט פון ליבע, און עס באַקומט זיך דער איינדרוק, גלייך די פריערדיקע דריי זענען נישט מער, ווי אַ פּרוזדור צום היכל אין וועלכן זי רוט. דאָך, פריי און אומגעצווונגען ווי ער איז, ביים מאָלן די עראָטישע בילדער, אַזוי געהעמט און צוריקגעהאַלטן איז ער ביים שטאַלטיקן די ראָמאַנטישע. אין אַלע דרייסיק לידער, וועלכע זענען איין מעכטיק ליבע־געזאַנג, דערשיינט נאָר איין מאָל דער אויסדרוק ״ליבע״, און איין מאָל דאָס וואָרט ״ליבשאַפט״. זעט עס אויס, אַז אָדער דאָס וואָרט ״ליבע״, איז לויט זיין מיינונג צו טריוויאַל, אָדער ער האַלט זיך פאַר נישט ראַוי אַרויסצוברענגען עס פאַרן מויל, אָדער — ביידע אין איינעם, באַדינט ער זיך, על פּי רוב, מיטן מעטאָד פון איפכא מסתברא, און דריקט אויס זיין גרויסע ליבע און פאַרערונג צום ווייב, דורך שילדערן יענע מעשים מיט וועלכע ער הערט זי נישט אויף צו פאַרלעצן.

עס ווערט דייטלעך פונאַנדערגעטיילט אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום דערהויבענעם און הייליקן, וואָס ער פילט צו דער אייגענער פרוי און צו אַלע יענע געפילן, וועלכע בינדן אים מיט דער אַנדערער, וואָס איז נישט שטענדיק די זעלבע פּערזאָן. יענע, צו וועלכער עס טרייבט אים דאָס וואָס ער באַצייכנט מיט ״לוסט״ אָדער ״גלוסטונגען״, און וועלכע בייט זיך אָפט, רופט ער סתם ״די פרוי״, אָדער ״די פרעמדע פרוי״. אַ מאָל איז זי ״דאָס מיידל מיט די בלאָנדע צעפּ״, אָן אַנדערש מאָל ״ די אַנדערע פרוי״. תמיד זענען עס אָבער צופעליקע באַגעגענישן און קורצווייליקע פאַרהעלטענישן, וואָס קומען אָפט פאָר צווישן מאַן און פרוי, און האָבן גאָרנישט צוטאָן מיט ליבע.

״מיין טויב די שטילע״, ״מיין אַראָפּגעפאַלענער מלאך״, ״מיין האַלבנאַכטיקע זון״, מיין דערמאָרדעטער מלאך״, ״מיין ציטעריקע אינד, מיין פאַרליטענע, טרייע״ — אַזוי רופט ער אָן בלויז איין און איינציקע פרוי, זיין פרוי. דער העכסטער טיטל, דער דערהויבנסטער אין זיין פּשטות, איז ״מיין ווייב״. אויך זי רופט אים נאָר ״מיין מאַן״. איין מאָל אין גאַנצן, אין ליד ״רויטע רויזן״, בעט זי: ״געליבטער מיינער, ברענג מיר רויטע רויזן / כ׳זאָל וויסן אַז עס וועלקט נאָך נישט דיין ליבע״. אָבער מיט אויפריכטיקייט, וואָס גרענעצט

מיט גרויזאַמקייט, דערקלערט דער מאַן: ״נאָר דאָרט אין מיין האַרץ וווּ געפעלט האָט נאָך ליבע צו דיר / דאָרט קענסטו אויך איצט נישט וווינען״. און נאָך, דערקלערט ער באַלד דערויף אייגנדייטיק: ״מיין האַרץ איז אַ גרוב פאַרן גוף פון מיין ווייב״, און עס איז דוכט זיך נישט פאַראַן דער כוח, וואָס זאָל דעם מצב קאָנען ענדערן, ובפרט, אַז ער וויל דאָס נישט ענדערן. שטיל, קלאָגט גראַדע אויס זיין ליבע־פּיין, אין וועלכער די חרטה, די זעלבסטבאַשולדיקונג און אומענדלעכער מיטלייד מיט זיין ווייב, פאַרנעמען דאָס אָרט פון ליבעס־דערקלערונגען, צי פון סטערעאָטיפּישע ליבעס־אויסדרוקן. בלויז איין מאָל באַדינט ער זיך מיט אַ פרעמדן ראָמאַנטישן מאָטיוו. ״נישט זיי דאָס ליכט, וואָס כישופט / און נישט דערגיין קען צו אים דער שיפער״, בעט ער אין נוסח פון היינישער ״לאָרעליי״.

זיין ראָמאַנטי׳שע עפּיטעטיק איז אַ ביז גאָר באַשיידענע, אַ קאַרגע און דעריבער איז זי אויך אַ מער אייַנדרוקספולע און אויסדרוקספולע. ער טראַכט נישט צו פאַר זיין געליבטער קיין צערטלעכע נעמען; אַנטציקט זיך נישט מיט איר שיינקייט און באַוווּנדערט נישט איר אויסזען. דאָס אַלץ זעט אים אויס צו באַנאַל אין פאַרגלייך מיט איר צניעות, ריינקייט, טיפער ליבע און אייביקע געטריישאַפט צום מאַן, וועלכער הערט זי נישט אויף צו פאַראַטן.

אָן פאַלשער שעמעוודיקייט און אָן צביעות, דערציילט ער וועגן זיינע אינטימסטע איבערלעבענישן מיט פרויען — זיין ווייב נישט אויסגעשלאָסן — און ברענגט אַרויס דעם האַס וואָס ער פילט צו זיך אַליין פאַר די פאַרהעלטענישן מיט ״פרעמדע״ פרויען. די אייַנצלהייטן, וועלכע ער גיט איבער פלאַסטי׳ש אין ״נאַכט אויף די שניי־בערג״, ״לבנהקע פרויען״, ״די דריטע״, ״פרילינג״ און אַנד., שפּיגלען אָפּ דעם אייביקן געראַנגל צווישן יצר און מוסר, אין וועלכן דער יצר באַזיגט אַלע מאָל אי דעם מוסר, אי דאָס געוויסן.

איז זיך שווער צו באַפרייען פונעם רושם, אַז גראַדע דער מוסרניק, געפינט זיך אונטערן אייַנפלוס פונעם תלמודישן ״אין אַפּוטרופּסות על העריות״. דאָס וואָס ער באַצייכנט מיט ״לוסט״ און ״גלוסטונגען״, דער מעכטיקער אימפּעראַטיוו פון תאווה, נעמט כמעט תמיד די אויבערהאַנט און דער מענטש, ווי שטאַרק ער זאָל נישט זיך שטאַרקן, איז צו שוואַך כדי אָט דעם כוח גובר צו זיין. איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז מען שטייט נישט ביי דעם נסיון.

די באַציונגען צווישן די געשלעכטן ווערן אָבער גערעגלט נישט נאָר דורך פאַר־בייגייענדיקע אימפּולסן, וואָס ציען זיך פון גוף צו גוף, און מען קאָן זיי נישט באַהערשן. דאָווירקן אויך מיט געפילן, לויטערע און דערהויבענע, וואָס דערנענטערן די נשמות און פאַראייביקן זיי מיט אַ פעסטן בונד. ווערט אָבער דער בונד לעגאַליזירט דורך חופּה וקידושין, ווערט ער דערמיט געהייליקט. דעמלט פאַרפליכטעט מאַן און ווייב נישט אַזוי אייביקע ליבע, ווי אייביקע געטריישאַפט. אין דעם פאַל איז פאַראַט נישט נאָר אַ זינד און באַליי־דיקונג, נאָר אַ שווער פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס איז קיין כפּרה נישטאָ. אַזוי גלויבט דער דיכטער און דאָס געוויסן הערט אים נישט אויף צו פּייניקן. זיין ווייבס אָנבליק פאַרפאָלגט אים שטענדיק. איז ער אַליין, איז זי די צווייטע, איז ער מיט אַן אַנדערער זאַלבערצווייט, איז זי די דריטע. ״און ווען דאָס בלוט אין מיר צינדט זיך אָן / די פרוי אין מיינע אָרעמס אַ פאַרשמידטע / גליט . . . איך ווייס נישט וואָס ווייטער טאָן / צווישן אונדז איז אַדורך די דריטע״ — און עס טוט זיך פון אים אָפּ דער כוח הגברא.

אויך "די פרוי די פרעמדע האָט דערזען די דריטע" און "די קערפּערס אונדזערע וואָס האָבן זיך אַמאָל באַגערט / פאַרפרירן איצטער אויף די ווייסע בליטן / איר ריינקייט שיידט פונאַנדער אונדז ווי אַ געשלייפטע שווערד / ["טריסטאַן און איזאָלדע"] כאָטש זי נישטאָ איז צווישן אונדז אין מיטן. / ווי קענען מיר דעם אָנדענק פון איר ריינקייט בייז טאָן ?" — און עס דוכט זיך, אַז די דאָזיקע שאלה חזרט זיך איבער אָן אַ סוף און אָן אָן עק.

אָט דערציילט ער ווידער: "מיך דערוואַרט אין אַ טונקעלן חדר אַ מיידל מיט ליכטיקע צעפּ" און ער איילט צו איר פול מיט באַגערן, אָבער "דו וואַקסט אויס אַנטקעגן פון ווינקל (. . .) לאָזסט פאַרמשפּט אַרונטער די ברעמען און גייסט, נישט באַמערקט, מיר פאַרביי / ווי דו וואָלסט נישט וועלן פאַרשעמען דיין מאַן וואָס איז מער דיר נישט טריי". און דאָך קאָן ער זיך נישט בייקומען. "וואָס ווילסטו דו זאָלסט מיר געהערן ?" — פרעגט ער. די "אַנדערע" ענטפערט: "איך וויל דו זאָלסט טריי ווי אַ שאָטן מיר ווערן. / צערייצט כאַפּ איך אָן אירע פלעכטן: דו שלאַנג, פאַר גאָט און פאַר לייט, איך נעם פאַר אַ ווייב דיך . . . איז דאָס דיין פאַרלאַנג ? בלויז די פרוי איינגעבראָכן אויפן שטול, זיצט פאַר־שטאַרט און דער חתונה־רינג / אויף איר פינגער טריפט בלוטיק . . .". אין איר פאַל האָט גאָרנישט געהאָלפן, אויך נישט איר צוגעבונדנקייט, וועלכע דער מאַן באַזינגט: "געטראָגן האָסטו מיין גערוך און מיין אָטעם אין זיך / מיט שוידער האָסטו דעם באַריר פון אַ מאַנצביל געביטן" וואָרעם "דו האָסט געשווירן, דיין לייב ווי מיין קבר צו היטן" — און זי האָט די שבועה נישט געבראָכן. איז די עוולה אומגעהויער גרעסער, און דאָס שולד־געפיל פאַרגייט נישט אפילו אויף איין רגע. מיט די, וועלכע ער האָט ביים לעבן פאַרלאָזט, פאַראייניקט ער זיך נאָך זייער טויט, כדי זיך שוין קיין מאָל מיט זיי נישט צעשיידן.

ווען ער בעט זיך ביי דער "פרעמדער", זי זאָל אים ווידער פאַרבינדן מיטן לעבן, מאַכט ער זי ערלעך אויפמערקזאַם, אַז ער איז נישט אַליין: "באַמערקסטו נישט ביי דיינע פיס מיין משא וואָס איך טראָג מיט מיר שטענדיק ? . . . טויטע גופן" און שטעלט דערביי אַ תנאי: "איז דער וואָס גיט אַ היים די גלידער מיינע, / מוז אויך מיין טויטער לאַסט אַ ווינקל שענקען . . ." וואָרעם, אין שטענדיקן וואַנדער דורך נאַכט און שניי, באַגלייטן אים צוויי געשטאַלטן. "די ערשטע איז געבויגן ביז דער ערד און גרוי / די צווייטע איז אַ מאַרמאָר־שטאָלצע יונגע פרוי / נאָר ווי די אַלטע אַ פאַרגליווערטע אַזוי", און ער גלויבט, אַז קומען וועט אַ טאָג, ווען "זיי וועלן מיך אַרייננעמען אין זייער מיט — / מיר שווייגן טרויעריק און וואָגלען זאַלבעדריט . . .".

דעם נדר זיינעם "מיט דיין גוף אויף מיינע הענט / דורך דער וועלט וועל איך בלאָנקען / ווי אַ שטיין־מאָנומענט / וואָלט דער טויט מיר געשאָנקען", האָט ער אויס־געפילט; און די הענט זיינע זענען נישט מיד געוואָרן צו טראָגן דאָס שוידערלעכע געשענק, דורכן אין־סוף פון אַלע וועגן, ביזן סוף פון זיין יסורים־וועג.

# שלמה גערסאָן

## דעם פּראָפעסאָר דב סדן מיט כבוד

אין אַ שמועס מיט דב סדן האָב איך אים אַ מאָל געזאָגט, אַז ביי אונדז אין ראַזוואַדאָוו ביים טייך סאָן האָב איך געפונען אַן עדות, אַז אַריסטאָקראַטיע פּאָופּעריזירט זיך עד עפר. געבערענגט כ׳האָב אַ משל וועגן די כהנים אין מיין שטאָט.

— אַלע כהנים — און זיי זענען דאָך די אמתדיקע ייִדישע אַריסטאָקראַטיע — האָב איך דערציילט דעם פּראָפעסאָר — ביי אונדז אין ראַזוואַדאָוו זענען געווען אָרעמע לייט און עם־הארצים.

— אפשר ביי אייך אין ראַזוואַדאָוו איז אַזוי געווען — האָט מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג געטאָן דב סדן — ביי אונדז איז געווען פאַרקערט . . .

נאָך אַ קורצע צייט באַקום איך פון פּראָפעסאָר דב סדן אַן ענטפער אויף מיין אַ בריוו. ער האָט אים אונטערגעשריבן: ״דב הכהן סדן״ . . .

*

געווען איז עס אין די ערשטע שווערע טעג פון דער יום־כפור מלחמה. מיר האָבן געהאַט מאָביליזירטע צוויי זין, זאב און דוד, און בכלל איז טאַקע דער מצב רוח געווען, ווי ביי אַלע אין לאַנד. לויט די אָנווייַזונגען זענען געווען די ווענט ליידיק פון בילדער געראַמטע אין גלאָז. די פענצטער זענען געווען פאַרקלעפּט מיט פּאַסן פּאַפּיר, ווייל ביי מיין ווייב לאה איז אַן אָנווייַזונג אַ באַפעל — זי איז דאָך אַ געבאָרענע אין בערלין . . .

זיצן מיר און שווייַגן.

דערהערן מיר אַ קלאַפּ אין טיר.

כ׳בין שנעל געלאָפן צו דער טיר — אפשר ברענגט עמעץ אַ בריוו פון די זין.

כ׳עפן און מיר דערזעען פּראָפעסאָר דב סדן. פאַרשטייט זיך מיר לאַדענען מיט כבוד אים אַריין אין שטוב, מיר זעצן אים ביים טיש. מיין ווייב ברענגט טיי, קיכלעך. ווי איך געדענק האָט ער אונדז אויפגעקלערט דעם שורש פון וואָרט ספּאָדיק . . .

פאַרשטייט זיך, אַז נישט דאָס איז דער עיקר מעשה. דב סדן ציט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ בריוו מיט אַ פּאָסט־מאַרקע און ווי פאַרענפּערט זיך:

— האָט איר אַ תשובה אויף אייער בריוו וועגן שרייַבער־משומד ראָמאַן בראַנדשטעטער. געוואָלט האָב איך טאַקע דעם בריוו אַריינוואַרפן אין פּאָסט־קעסטל אָבער כ׳האָב אַ קלער געטאָן: אין אַזאַ מלחמה, ווי ס׳רוב איז מאָביליזירט קען אַ מאָל זיין אַז ס׳וועלן אויספעלן בריוו־טרעגערס האָב איך באַשלאָסן אַליין זיין

אַ בריוו־טרעגער.

מיר האָבן אים שטאַרק געדאַנקט און נאָך אַ ביסל צײַט האָט דער פּראָפעסאָר אונדז פאַרלאָזט.

דערנאָך האָבן מיר געזען, ווי גערעכט ער איז געווען. ס'האָבן טאַקע צווישן אַנדערע אויסגעפּעלט פּאָסט־טרעגערס, אַזוי, אַז דעם ערשטן בריוו פון אונדזער זון זאב, נאָך צען טעג בלוטיקער קריג, האָט אונדז בײַ נאַכט געבערענגט אַ פרײַ־וויליקע פּאָסט־טרעגערן פּראָפעסאָר ווערבלאָווסקיס ווײַב...

קען מען טאַקע צו אַלע גרויסע אַרבעטן פון פּראָפ. דב סדן מוסיף זײַן בריוו־טרעגערײַ.

*

אַ גרויסע בכבודיקע גרופּע אײַנגעלאַדענע וואַרטן בײַם משכן הנשיא. דער פּרעזידענט פון דער מדינה, הער יצחק נבון האָט אײַנגעלאַדן אויף אַ מסיבה לכבוד פּראָפעסאָר דב סדן צו זײַן ווערן אַ בן שמונים (ביז הונדערט און צוואַנציק). וואַרטן מיר. דערווײַל טרעפן זיך באַקאַנטע, מ'כאַפּט שמועסלעך, מ'דערציילט וויצן...

דער בעל יובל דב סדן און זײַן ווײַב גוסטאַ גייען פון איין רעדל מענטשן צום צווייטן כאַפּן אַ וואָרט, שמייכלען. די אַטמאָספער איז דערהויבן, אין דרויסן שײַנט די זון, ס'בלאָזט אַ ווינטעלע.

מיט אַ מאָל קומט דער פּראָפעסאָר צו צו אונדז — מײַן ווײַב און איך — און נישט דיר נישט מיר גיט ער אונדז אַ פרעג:

— נו, חכמים, אפשר ווייסט איר וואָס עס זאָגט אַ טויטער צו אַ בלינדן? ער גיט אַ פרעג און שמייכלט — נו? איר ווייסט נישט? וועל איך אײַך זאָגן: אַ טויטער זאָגט צו אַ בלינדן — אַז מיר וועלן לעבן וועלן מיר זען...

דב סדן האָט אויך ליב וויצן. און דאָס איז זייער גוט און מענטשלעך. נישט פאַרמאַכט אין אַ שאָל פון אַ גרויסן געלערנטן.

י. קאַראַ / יאַס (רומעניע)

## מאיר חרץ — 50 יאָר ליטעראַריש שאַפן

מאיר חרץ האָט זיך צום ערשטן מאָל געדרוקט אין יאָר 1934 אין די "טשערנאָוויצער בלעטער" רעדאַגירט פון דעם אומפאַרגעסלעכן שמואל אבא סופר הי"ד. איז חרץ אַ בעל יובל און ער פאַרדינט אַן אויספירלעכע שטודיע. מיין פאַרליגנדיקע אַרבעט איז עס נישט. זי איז נישט יענע אויסשעפנדיקע, אַלץ אַרומנעמענדיקע, סיסטעמאַטישע, פאַרטיפטע שטודיע, ווי עס איז נייטיק וועגן אַזאַ עכטן, אייגנאַרטיקן, קערנדיקן דיכטער ווי מאיר חרץ, דער פּאָעט פון יום טוב און אינדערוואָכן, דער פּאָעט, וואָס פאַריומטובט די טאָגטעגלעכ־קייט, און פאַרשטייגערט די יומטובדיקייט, וואָס פאַרפלעכט דערהויבנקייט מיט איראָניע און טרוים מיט וואָר, געדאַנקלעכקייט מיט בילדערישקייט. זיין שאַפן נעמט אַרום אַ גאָר ברייטע גאַמע פון אַלגעמיין מענטשלעכע און טיף יידישע איבערלעבענישן, פון פילאָרטיקע געדאַנקען און געפילן, פּאַסירונגען און מעשים, פון שטימונגען און אויסווירקונגען, פון ענג פּערזענלעכס ביז אַנסופיק קאָסמישן. מאיר חרץ איז דער דיכטער פונעם אינטעגראַלן לעבן פון היינטיקע צייטן. דאָס וואָס ער שטאַמט פון רומעניע און וואָס צום שכל איז ער געקומען גראָד צווישןביידע וועלט־מלחמות, וואָס ער איז, ווילנדיק צי נישט, אויסגעוועזן אַ וועלט, דורכגעמאַכט שבעה מדורי גיהנום אין אַלערליי אַזיעס און איז סוף כל סוף אַוועק פון "פרעמדן גן עדן", פון דער אַלטער היים און איז דערגאַנגען צו זיין נייער ווערנדיקער היים און זיין פאָלק, קלינגט אָפּ אין יעדער שורה זיינער און ווערט דערמיט אונדזער אַלעמענס.

איך האָב מיך אינטערעסירט מיט חרצעס שאַפן זינט זיינע ערשטע טריט; פריער מיט אַ געוויסן אומצוטרוי, מיט דער ווילִיונגערישקייט און איינגעבילדעטקייט פון אַ יונגן קריטיקער; און דאָך געוואָרט מיט אינטערעס אויף יעדן נייעם ליד זיינעם, ווייל עס איז געווען עפּעס באַזונדערס. בשעת און אויך נאָך דער שואה האָט מען געציטערט איבערן גורל פון אַזאַ יידישן שרייבער אין קאָשמאַרישע באַדינגונגען און ווען איך האָב ענדלעך געקענט לייענען אין 6 ביכער זיין שעפעריש פאַרמעג, האָב איך געפרוווט דערגרינטעווען זיין מהות, זיין אייגענע וועלט, זיינע מיטלען און דערגרייכונגען. אויף וויפל די ווייטערדיקע בלעטער דערגרייכן זייער ציל וועט מען זען צום סוף.

מע וואָלט געדאַרפט אפשר אָנהייבן מיט באַשרייבן זיין שווערן לעבנסוועג, זיין גייסטיקע פאָרמאַציע, זיינע וואָגלענישן, זיינע אָפּרופן אויפן גאַנג פון געשעענישן, וואָלט מען געזען זייער שייכות מיט זיין שאַפן. זיינע לידער שפּיגלען אָפּ סיי דאָס טיפסטע איבערלעבטע, סיי די "באַנאַלע" פּאַסירונגען פון זיין לעבן. זיי ווערן אונדזערע, זיי באַרירן אונדז סיי צוליב זייער פּאָעטישן כוח, סיי צוליב מענטשלעכער סאָלידאַרישקייט,

וואָס איז תמיד קערנדיקער איידער די (אָפט נישט עכטע) סאָליטאַרישקייט. מיר פילן, אַז געמיינזאַם שטייט העכער פון איינזאַם. חרץ איז אַ לויטערער דיכטער. קלאָרקייט באַטייט בשום אופן נישט פּראָסטקייט, נאָר לויטערקייט. גענוי ווי אומפאַרשטענדלעכקייט באַטייט נישט דווקא טיפקיים. אין זיין ליריק שפּיגלט חרץ אָפּ צו מאָל אַ ביסל מאָדנע, דאָס פּילזייטיקע לעבן פון אונדזער תקופה, מיט זיין ליכט און שאָטן, מיט זיינע בערג און טאָלן, מיט זיינע אומצאָליקע טראַגעדיעס, דראַמעס, ראַנגלענישן און... לעכערלעכ־קייטן.

עס איז נישט גרינג צו פאַרנעמען אַ בכבודיק פּלאַץ אין דער יידישער דיכטונג פון דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, אפילו פון די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר. מיר שטייען אין שיין פון לייוויק און האַלפּערן, פון מאַרקיש און האָפּשטיין, פון מאַני־לייב און מאַנגער, דערצו נאָך, ווען מע שטאַמט פון אַ לאַנד, ווו עס האָבן געשאַפן א. שטיינבאַרג, י. שטערנבערג, י. מאַנגער, מ. אַלטמאַן, איז אַן אמתע דערגרייכונג צו זיין "עמעצער" אין יידישער פּאָעזיע און חרץ פאַרדינט כשר זיין נאָמען ווי אַ וואָגיקער דיכטער פון אונדזער צייט.

אייניקע וואָרפן פיר מאיר חרצן, אַז ער איז אַ גרינגע "געווינערין" ער גייט נישט לאַנג צו קינד מיט אַ ליד, אַז ער שרייבט און דרוקט אַ סך. ווייס איך אָבער, אַז חרץ געהער צו יענעם סאָרט שרייבערס, וואָס שאַפן איז זייער שאַרפסט באַדערפעניש, וואָס ער קען נישט איבערקומען אַ טאָג אָן אַ פּאָר שורות, אַזוי ווי עס עצהט דער לאַטיינישער פּאָעט. דער אינערלעכער "דאַימאָן" שטויסט צו דער פּען און מע קען אים נישט אָפּקלאָפּן. דער אָפּקלייב ווערט געמאַכט דעמלט, ווען מע גרייט זיך עפּעס אָפּצודרוקן. וואָס און ווען קאָן נאָר דער שרייבער אַליין באַשטימען. שייכותן צווישן לעבן און קונסט, צווישן יאָרן: יונגע, רייפע, עלטערע, צווישן געפילט און געדאַכט, צווישן געאָגראַפישע שינוים — מאַרקולעשט, טשערנאָוויץ, קעשענעוו, עוואַקואַציע, ביטערע ווייטקייטן, ווידער אין דער היים, נייע היים...

צעריסענע קייטן, געראַנגל פאַרן יידישן וואָרט, פאַרן חרצישן אייגנאַרט, וואָס רייסט זיך צום וואָרט. איך פּרווו אָרומכאַפּן מיט אַ בליק דאָס גאַנצע שאַפן זיינס און איך פרעג מיך, צי איז דאָס געפלעכט פון טענער צו מאָל נישט אַ קאָמפּענסאַציע־נטיה כדי דיאַלעקטיש צו פאַראייניקן דעם דיכטערס ראַנגלעניש מיט טיפע עטישע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, פילאָזאָפישע טיף גייסטיקע און פּסיכישע ענינים און פּראָבלעמען מיט יוגנטלעכער שקאָצישקייט, בונטאַרישע ווויליונגערישקייט, קינדערישע תמימות און שפּילעווודיקייט, פאָלקסטימלעכע אָפנהאַרציקייט און דיכטערישן עקספּערימענט, צי איז נישט פאַראַן אַן איבעררוף צווישן דיכטערס באַמיען זיך אַרייננצודרינגען פאַרשטיין, מגלה זיין יענעמס נשמה־איבערלעבענישן, יענעמס נישט־דערזאָגטקייטן, אומדערגרייכונגען מיט אַ כלומרשט לייכטן געלעכטער, איראָניע, סאַטירע. אַזאַ גאַנג קען אפשר וואָרצלען אין דער מורא פאַרן פּנים אל פּנים מיט דער גורלדיקער טראַגיק פון אונדזער מענטשלעכן קיום. נישט תמיד איז גובר דער יידישער דווקא־בטחון.

ווערט מען טאָקע צו מאָל באַפאַלן פון טרויער אָדער יאוש, פון צווייפל און פאַר־צווייפלונג, ביז דער יידישער בטחון, וואָס קומט אויף פון אַן עודף פון פּעסימיזם, שפּרינגט

אריבער די וואָר און טויט אַ בלאָז מיט האָפענונג און גלויבן אין לעבן, אין דעם נצח ישראל . . .

איך פיל ביי חרצן אַ שטענדיקע אויפריכטיקייט. ער שפילט זיך נישט אין ליטעראטור; ער לעבט איבער דיכטונג אין האַרצקלעמעניש, ביסיקייטן אין געדאַנקלעכקייט אָדער שפּילעוודיקייט, בילדערישקייט און געניויקייט.

איידער איך נעם זיך צו דער "מאַטעריע" גופא, ווילט זיך באַמערקן, אַז עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט אויסצופאָרשן די כראָנאָלאָגישע אַנטוויקלונג פון חרצעס דיכטערישן וועג. צוליב דעם וואָלט געוועזן נייטיק, אַז יעדעס ליד זאָל זיין דאַטירט; נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען דער סדר פון די דערשינענע ביכער זאָל געווען זיין כראָנאָלאָגיש. האָט אָבער דער דיכטער געפונען פאַר נייטיק אַנצוגעבן נאָר אין אייניקע פאַלן די צייט, ווען דאָס ליד איז געשאַפן געוואָרן. אָט אַשטייגער, זענען לידער פון 1934 אָפּגעדרוקט אין די ביכער "אין פּרעמדן גן עדן", "שטערן אויפן הימל" און "דאָס פיפטע ראָד". דאָס בוך "הימל און ערד" ברענגט לידער פון 1936, 1938, 1939. מע מוז זיך געבן אַן עצה אויסצופאָרשן די עוואָלוציע פון חרצעס שאַפן אויפן סמך פון די עטלעכע צענדליק לידער, וועלכע זענען יאָ דאַטירט. מע דאַרף אויך אָנגעבן, אַז די ביכער זענען דערשינען: "אין פּרעמדן גן עדן" (1974), 2. "לידער צו אייגענע" (1975), 3. "הימל און ערד" (1974), 4. "שטערן אויפן הימל" (1977), 5. "דאָס פיפטע ראָד" (1978), 6. "גרינער ווינטער — מאַרקולעשט" (1982) און "געקליבענע לידער און געציילטע פּאָעמעס" אין 1983.

נישט געקוקט אויף מיין אוניווערסיטעט־דיפּלאָם אין פראַנצייזישער ליטעראַטור בין איך אַ קנאַפּער חסיד פון סען בעווס שיטה, וואָס וויל דערקלערן שרייבעריש שאַפן דורך דער ביאָגראַפיע פונעם שרייבער. קיינער קען אָבער נישט לייקענען, אַז די "וואָרצלען", די סביבה אין וועלכער מע איז געבוירן, אויפגעוואַקסן און פון וועלכער מע איז אַרויס־געוואַקסן, אַז די געאָגראַפיע, סאָציאַל־פּאָליטישע תנאים, די נאַציאָנאַלע אַנגעהעריקייט, די פיזישע, פּסיכישע, גייסטיקע שטריכן פון אַ שרייבער וואַרפן זייער ליכט און שאָטן אויפן שעפער, אויף זיין שאַפן, אפילו אויב זיי קענען נישט דערקלערן דעם מהות פון זיין קינסטלערישקייט.

דער עכאָ פונעם זיידן דעם שוחט קלינגט אפשר אָפּ אין חרצעס דיסקרעטער פאַר־בינדנקייט מיט דער פיר טויזנט יאָריקער יידישער קולטור, אָבער דעם שטאַרקסטן חותם אויף זיין יידישקייט איז צו פאַרדאַנקען דער מאַמען, וועגן וועלכער חרץ האָט געשאַפן אומפאַרגעסלעכע געזאַנגען. איר שווער לעבן און טראַגישער גורל, איר כאַראַקטער און באַגעמען טיילן איר צו אַ סימבאָלישן ווערט. זי ווערט פאַר אונדז די יידישע מאַמע. די רירנדיקע מאַמע־געשטאַלט אין איר עפישער, עטישער גרויסקייט, ווייט פון דעם לאַקריץ־זיסלעכן, קאָנווענציאָנאַל־סענטימענטאַלן שאַבלאָן פון טעאַטער־לידער: "מיין מאַמע העקלט נישט און זיצט נישט ביי קיין זאָק, / מיין מאַמע קנעט ביי נאַכט און באַקט ביי טאָג / און הונגערט ביי איר אָרנטלעכער וואָג" (לידער צו אייגענע, זייט 19). די אָרעמע עגונה וועט אומקומען דורך פאַשיסטיש־רוצחישע הענט און איר מאַירל וועט בלייבן אומגעטרייסט לעולם ועד: "מאַמע, מאַמעניו געטרייע / ווי זשע קען מען דיך פון טויט אַרויסבאַפרייען ?". (לידער צו אייגענע, זייט 46).

מיט טויזנטער פעדעם איז דער דיכטער פאַרקנופּט און פאַרבונדן מיטן היימישן באַסאַראַבישן קאַנט, וועמעס פאַרב און קלאַנג ער קען נישט און וויל אויך נישט פאַרגעסן, אפילו נאָך דעם, וואָס ער איז אויפגעריכט געוואָרן, אפילו נאָך דעם, וואָס דאָס היימישע ווינקל האָט פאַרלוירן זיין יידישן פּרצוף: "יאָ, מאַדאַם, איך בין אַ באַסאַראַבער, / איך שטאַם פון יענער אָפּגערוקטער געגנט, / איך בין געבוירן דאָרט אין אַ סענטיאַבער / און דאָרט געוואַקסן, ווען ס'האָט דאָרט גערעגנט" (אין פרעמדן גן עדן, זייט 292).

לאָמיר זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דער סדרה קינדער־יאָרן. זיי זענען זיך פאַרלאָפן אויפן הינטערגרונט פונעם שטעטל מאַרקולעשט, וועגן וועלכן חרץ האָט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, וואָס איז ווערט אַריינגענומען צו ווערן אין יעדער אַנטאָלאָגיע פון יידישער ליטעראַטור ווי אַ קלאַסישער מוסטער אין זיין מין. איך האָב נישט פאַרגעסן וואָס פאַר אַ ווערטיקע ווערק עס זענען געשאַפן געוואָרן וועגן אויסגעקוילעטן יידישן שטעטל אין די לעצטע 40 יאָר, שוין נאָך דעם, וואָס דער בראָך איז באַקאַנט געוואָרן אין זיין גאַנצן פאַרנעם. מאַרקולעשט איז נאָר אַ טייל, כאָטש דער נאָענטסטער, באַליבסטער און דערפאַר פאַרטיפסטער פונעם דיכטערס קאַנט. צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז באַסאַראַבישקייט געווען אַ באַליבטע טעמאַטיק ביי די שרייבערס פון "יונג־רומעניע". דער רוב אָפּשטאַמיקע פון דער פּראָווינץ צווישן די טייכן נעסטער און פּרוט. זיי האָבן טאַקע געוווינט אין טשערנאָוויץ, יאַס, בוקאַרעסט, אָבער די "היים" האָט באַטייט באַסאַראַביע. זייער לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם איז געווען סיי אַן אינטימע איבערלעבעניש, סיי (ביי אייניקע) אַ פּראָגראַ־מאַטיש־אידעאָלאָגישער מוז, מחמת דאָיקייט. די מאָלדעווועשע, די בוקאָווינער און די מאַראַמורעשער זענען נישט אָפּגעשטאַנען פון די באַסאַראַבער. בלויז דער עלטערער יעקב שטערנבערג מיט זיינע תלמידים־אורבאַניסטן האָבן באַזונגען בוקאַרעסט און בשעת אַ מזרח־אייראָפּעישער פּאָעט האָט זיך צעזונגען — "שטעטעלע, מיין שטעטעלע, פּאַרגיי" האָבן היגע יונגעלייט געקומענע זיך פּראָדוקטיוויזירן אין אין טעקסטיל־פאַבריקן, דערפילט זייער אָפּגעריסנקייט פון דער היימישער סביבה, זייער אויסגעוואָרצלטקייט, זייער געראַנגל מיט דער גרויסשטאָטישער פאַרפרעמדקייט, האָט מען זיך געטרייסט מיט אידעאָלאָגיע: פּראָלעטאַריזאַציע, פּראָדוקטיוויזאַציע, הכשרה. איז געשאַפן געוואָרן (און פאָלקלאָריזירט געוואָרן) אַ נייער גילגול פונעם "פּאָסטעכל": "איז געווען אַ מאָל אַ פּאָסטעך / נאָך אַ קינד צווישן קינדער / פלעגט ער פּאַשען ביי זיין טאַטן / ציגלעך, לעמלעך, שאָף און רינדער. / העי, דאָס פּאָסטעכל, דאָס קליינע / האָט אַ שפּעלע פאַרלוירן / וואַלעו, וואַלעו ! טוט ער וויינען / וואַלעו, וואַלעו ! טוט ער קלאָגן". דערצו קומט דער רעפרען: "אַך, מיין ליבע באַסאַראַביע / לאַנד פון פרייד און לאַנד פון טרויער, / ווען איך דערמאָן זיך דיינע טאָלן, / נאָר איך וויין און איך באַדויער" . . .

מאיר חרצעס באַסאַראַבישקייט איז פון גאָר אַן אַנדערן שניט און נוסח. איך ברענג אַ דוגמא פון זיין ערשטן באַנד לידער "אין פרעמדן גן עדן" : "מיר, וואָס מיר האָבן מיט בייטשן געפּאַכעט, / לעמער געפּיטערט און פערדלעך געקאָוועט, / קי געמאָלקן און קעלבלעך געכאָוועט, / שטאָלן גערייניקט אין עושר און כבוד. — — — מיר, וואָס האָבן געזייט און געשניטן / לעמער געשוירן און פערדלעך געביטן, / איבערגענומען מאָלדאַווישע זיטן / זומער צו טראָגן אַ שאַפּן היטל. — — — מיר באַסאַראַבער קומען זיך מעלדן: /

נישט קיין פחדנים און אויך נישט קיין העלדן" (זייט 68). אַ שיינער שטעל. דערפֿאַר אָבער איז פֿאַראַן אַ שיין ביסל אויטאָ־איראָניע אין אַנדערע לידער. דערפֿאַר קלינגט צאַרט אַ דיסקרעטער סענטימענטאַליזם, נאָסטאַלגישקייט אין: "באַסאַראַביע, די היים פֿון מיינע קינדעריאָרן / — — — מיט די גרויע דערפֿלעך, פֿעלדער שאָף און רינדער; / ווי זשע שטעלט מען זיי אַנידער / פֿאַר די אויגן פֿון די קינדער ?" (לידער צו אייגענע, זייט 46). באַסאַראַבישקייט קלינגט ווי אַ מוזיקאַלישער פֿאָן איבער אַ גרויסן שטח פֿון זיין ליריק.

דאָס שטעטל איז די בינע, וווּ עס שפּילט זיך אָפּ די תקופֿה פֿונעם דיכטערס קינדער־יאָרן. זי קוקט: "מיט אַ ליבשאַפֿט צו דער וועלט / און צו יעדער שטיקל פֿעלד, / וואָס סע קוקט אין שטוב אַריין / מיט אַזוי פֿיל גרינער שיין" (אין פֿרעמדן גן עדן, זייט 41). די היימישע שטוב איז אַ טייל פֿונעם שטעטל, וואָס רופֿט אַרויס אַן אייגנאַרטיק געפֿיל אין יעדנס האַרץ, נישט בלויז, ווייל עס איז אַוועק מיט דער צייט, צוליב דער אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, נאָר ווייל עס איז מערדעריש פֿאַרשניטן געוואָרן און ווייל אַ סך כוונות זענען פֿאַראַן אויף צו פֿאַרלייקענען, צו פֿאַרווישן, צו פֿאַרשניידן, אָדער כאָטש, באַגאַטעליזירן אָט דאָס גרויסע פֿאַרברעכן פֿון די נאַציס. און עס גייט ווייטער דאָס פֿאַרלייקענען די גרויסע אויפֿטוען פֿונעם שטעטל אין יעדן פֿרט, אַזוי אַז דעם דיכטערס באַציונג צום היימישן שטעטל איז נישט נאָר צוליב סוביעקטיווע טעמים. מיט רעכט רופֿט ער אויס: "וואָס קוקסטו היינט אַזוי פֿאַרחידושט / דורך אַלע ווייטקייטן צו מיר ?" — — — "מיין אָרעם שטעטעלע, מיין יידישס / און קלאַפּסט, מיר דאַכט זיך, אין דער טיר" (אין פֿרעמדן גן עדן, ז. 161). ווי אין אַ האָלענדישער שטייגערישער מאָלעריי דערוועקט דער דיכטער דאָס פּילפּאַרביקע דינאַמישע בילד פֿון אַ שטעטלדיקן יאַריד: "דרייען נאָך זיך פּויערים / און די יידן אַרום זיי / און מע רירט דאָרט אויף דעם רוים / מיט אַ ווילדן מאַרק־געשריי" (אין פֿרעמדן גן עדן, ז. 45). די זון איז פֿאַרגאַנגען, דאָס שטעטל איז אַוועק מיט רויך און פֿייער און דאָך: "אין זכרון פֿון די ווייטן / לעבן נאָך די שטעטל־יידן, / לעבן נאָך די אַלטע צייטן / מיט די רוישיקע יאַרידן" (אין פֿרעמדן גן עדן, ז. 200). דאָס בת קול פֿון דעם "שטעטל של מעלה" וועט זיך שלענגלען דורך דער גאַנצער חרצישער שאַפֿונג און דערגיין צו די הייכן פֿון דער פּאָעמע "מאַרקולעשט".

חרץ איז נישט געבליבן פֿאַראַנקערט אין שטעטל־נאָסטאַלגיע, אין שטייגער־בענקעניש. זיין לעבן און זיין דיכטונג שפּאַנט איבער שטעט און גרויסע שטעט, איבער אויפֿברויז און אויפֿציטער, איבער מלחמה און מלחמה־וואָגל, איבער עוולות און נגישות. געביטן די היים, פֿאַרברייטערט דעם האָריזאָנט און דערגאַנגען צו דער דינאַמישער רייפֿקייט, וואָס באַשיינט זיין שאַפֿן פֿונעם לעצטן יאָרצענדליק. דאָס קינד מיט "צעשטראַלטע יונגע בליקן" וועט שפּעטער אויסוואַקסן אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון דעם רייפֿן מאַן מיט די זעלבע ווערטער "שטילער, שטילער, שטיל" און זיך ווינטשן: "ווי גוט וואָלט געווען, איך זאָל זיין / אויף אייביק אַ יינגל אין שפּיל" (לידער צו אייגענע, ז. 15), אַ חלום, וואָס קען קיין מאָל נישט מקוים ווערן פֿאַר קיינעם, סיידן אין טרוים פֿון אַ דיכטער. איבער אָט דער אָרעמער מאַרקולעשטער קינדהייט וואַכט און טראַכט, היט און זיך באַמיט די מאַמע, די האַרציק געטרייע אומפֿאַרגלייכלעכע מאַמע. חרצעס ליבגעזאַנג צו זיין מאַמען, אַ לויבליד צו אַלע

אונדזערע מאַמעס: „מיין מאַמע זינגט מיר איין דאָס ליד / פון האָפענונג צו גוטן, / זי איז פאַרהאַרעוועט און מיד, / נאָר סע זינגען אירע בלוטן" (לידער צו אייגענע, ז. 13). איר טראַגישער טויט לאָזט אים אָן אַ טרייסט: „מאַמע, מאַמע, מאַמעניו געטרייע, / ווי זשע קען מען דיך פון טויט אַרויסבאַפרייען?" (לידער צו אייגענע, ז. 46). פאַר איר באַקלאָגט זיך דאָס קינד, אין דער וויזיע פון דעם רייפן דיכטער, אויף דער אָרעמקייט: „פאַרוואָס איז אַזוי קאַלט ביי אונדז דער דיל? — — — פאַרוואָס איז צווישן בעט און טישל שמאָל? — — — פאַרוואָס איז אונדזער טיר אַזוי פאַרלאָזט?" (אין פרעמדן גן עדן, ז. 104). אָרעם איז טאַקע נישט קיין שאַנד, אָבער אָרעמקייט פרעסט, זי נאָגט און יאָגט און קלאָגט, די גרעסטע טרייסט פאַרבלייבט די מאַמע.

חרצעס ביאָגראַפיע ליפערט אים אַפט דעם שטאָף און דעם טראָפּ, דעם שטויס און דעם ברו״ז, דעם קלאַנג און דעם באַנג פון זיין געזאַנג. אָפט ווענדעט ער זיך צו די שווער איבערגעקומענע קינדער־יאָרן און דאָך געפינט ער דאָרט אַזוי פיל נאַיווע פּאָעזיע און וועלטבאַנעמערישע אָנונג. ער פילט, אַז די וואָרצלען פון זיין רייפקייט שטעקן אין יענעם לעבעדיקן פון מאַרקולעשט: „אַט קוק איך אַריין אין מיין טיפן זכרון / אַזוי ווי אין אַ טונקעלן ברונעם / און לאָז מיך אַראָפּ אויף די טרעפּלעך פון יאָרן, / מיין קינדהייט דאָרט צו געפינען" (שטערן אויפן הימל, ז. 172). דאָס אַריבערפאָרן פונעם שטעטל צו דער שטאָט אין די יונגע יאָרן, זוכנדיק אַ וועג אין לעבן, ווייל ער פילט, אַז עפּעס באַזונדערס שטעקט אין אים, אַזוינס, וואָס מוז זיך צעבליען און אויסוואַקסן. מע רייסט זיך אַרויס פון היימישער סביבה מיט איר חן און שטייגער און מע פּרוווט זיך איינוואָרצלען אין דעם אומבאַקאַנטן באַדן פון נייע ווערטן און השגות. אמת, דאָס קאַפּיטל שטאָט פאַרנעמט נישט קיין אויבנאָן אין חרצעס דיכטונג, אָבער דער עטאַפּ פון איבערגאַנג לאָזט שפּורן אויף דער נשמה. מע דערהערט עס אין: „איך גיי אַרויס ביי נאַכט אין הויף, / סע רוישט אַרום און אַרום די שטאָט — — — און שטילער, שטילער מאַך איך מיין טראָט, / כאָטש כ'וויים, אַז ס'איז מיין מי אומזיסט, / עס רוישט אַרום און אַרום די שטאָט" (הימל און ערד, ז. 164). די מאָדערנע שטאָט זעט ער ווי אַ מאָדערניסטישער מאָלער: „אַ מישמאַש פון פאַרבן גרין־געל־רויט, / אַ מישמאַש פון לעבן און פון טויט / און פון גרויער בויט מיט ווייסן ברויט" (הימל און ערד, ז. 169). און דאָך ווערט די שטאָט פאַרן יונגן דיכטער אַן אויסלייזונג. די מיטלערע יאָרן זענען פאַר חרצן, ווי פאַר אַ סך זיינס גלייכן אַ צייט פון שווערע נסיונות, וואָס האָבן זיך טיף איינגעגעבן אין זיין נשמה. אין אַ ליד פון 1962 קאָנסטאַטירט ער: „איך בין שוין 50 יאָר אַ זקן, / אַ גרויער פון געבוירן אָן". די שפּעטערדיקע געשעענישן האָבן באַוויזן וויפל וויטאַליטעט, שעפערישקייט, אויסדויער עס באַזיצט אפילו דער בן שבעים. געהאָלפן לעבן האָט אים זיין אני מאמין: „מע רעדט, מע זינגט אויף טויזנט שפּראַכן / נאָר איך קען איינע, יידיש בלויז" (שטערן אויפן הימל, ז. 175). איך מוז צוגעבן, אַז אויב מע רעדט מיט אים רומעניש, רוסיש, עברית בלייבט ער אויך נישט פאַרשעמט.

מעגלעך, אַז טרויער איז אַ גרונטשטריך פונעם דיכטערס געמיט, אָבער טרויער איז נישט די הערשנדיקע שטימונג, כאָטש טרויער־מאָטיוון שלענגלען זיך צווישן די שורות פון אַלע זיינע ביכער. אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן האָבן מיר געפילט, אַז: „איצט

שטיי איך און קלאָג ביי אַ חרובער טיר / על חורבן העם ועל חורבן השיר" (אין פרעמדן גן עדן, ז. 269). אויך שפּעטער האָט ער מיט רעכט געפּילט, אַז: "דער טרויער שאַרט זיך הינטער מיר / מיט אַ מעסער צו מיין רוקן. / דער וויסטער טרויער שעמט זיך אין די אויגן מיר צו קוקן" (לידער צו אייגענע, ז. 1954). דעם טרויער באַקעמפט דער דיכטער מיט דער דינאַמישקייט פון אַרומיקן לעבן: "און ווילן וויל מיין האַרץ געניסן / פון פרייד און פאַרבן, וואָס אַרום" (הימל און ערד, ז. 278). דער געדאַנק פון טויט קומט אָפּט צו גאַסט צו אָט דעם דיכטער פון דעם לעבעדיקן לעבן. אָט זעט ער אויס ווי אין אַ בילד פון אַ טויטן־טאַנץ: "אַ מישמאַש פון פרייד און זאָרגן, / טענץ און טרויער — אַ מישמאַש, / זיבן פלעשער וועל איך באָרגן, / זעקס מיט וויין און סם אַ פלאַש. — — — אַ מישמאַש פון זיס און ביטער, / זיס און זויער — אַ מישמאַש, / אויפן יום טוב פון די שניטער / קומט דער טויט און טוט אַ נאַש" (שטערן אויפן הימל, ז. 231). און שפּעטער, אין יאָר 1981 וועט ער אויסרופן דעם "מעמענטאָ מאָרי", דעם טויט, וואָס וועט: "אַרויס און אַריין אין מיין דאָזיקן ליד / מיט פאַרבן גרין און בלאָ און רויט / דער דריי מאָל צוגעדעקטער טויט" (גרינער ווינטער, ז. 51). שפּיטאָל־לידער זענען אַ היימיש בלאַט אין אונדזער ליטעראַטור זינט לייוויקן. אין די לעצטערע יאָרן, ווען אַזוי פיל יידישע שרייבערס זענען אַלט און קראַנק ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דער שפּיטאָל־מאָטיוו דורך אַ סך פון זייערע לידער. גאַנץ אייגנאַרטיק קלינגט אַזאַ ליד ביי מאיר חרצן: "כ'ליג אַן כוחות אויף אַ הויפן יאָרן / און מיר דאַכט, אַז איך שווים צום אַמאָל" (שטערן אויפן הימל, ז. 182).

די שווערע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה קלינגען אַרויס פון די לידער, וואָס דערמאָנען איבערלעבענישן בעת עוואַקואַציע: "פּאַרט אַ שרייבער אין אַ קאַפּעליוש אַ שוואַרצן / מיט אַ היים אַ חרובער אין האַרצן" (אין פרעמדן גן עדן, ז. 151). ער זעט די טויזנטער יידן מיט דעם ביסל אָפּגעראַטעוועטן האָב־און־גוטס. שפּעטער וועט מען דערפאָרן צו אַ ברעג. מיר זענען טויזנטער יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די האַרבסטיקע וואָגל־טעג פון 1941 און די שפּעטערע יאָרן אין עקזאָטישן מיטלאַזיע מיט די קאַראַוואַנען קעמלען, מיט די אוזבעקן אין געשטרייפטע כאַלאַטן, מיטן אייזל, וואָס טראָגט אַ גלעקל אויפן האַלדז, מיט די פאַרביקע דעקן, מיטן זאַמד אין פריען פרימאָרגן; אַלץ דערמאָנט אין די אבות אין דער מדבר בשעת יציאת מצרים.

די פּאָעמע "אַ יינגל דערציילט" מאָלט אַ בילד פון געראַטעוועטע יידן. עס איז פון די געראַטנסטע שאַפונגען חרצס און עס דערגאַנצט זיין פּאָעטישע ביאָגראַפיע. שפּעטער וועט ער (אין פריידן?) דערמאָנען יענע שווערע צייטן, ווען מע האָט געראַטעוועט פריער פון אַלץ דאָס נאַקעטע לעבן: "ביי די ברעגעס פונעם טיש זיצן מיר פאַרקלערטע, / אַלע לידער אוסגעזונגען, אַלע אויסגעהערטע, / אויפגעגעסן אַלע עסנס, אויסגעטרונקען אַלע ווייַנען, / בלויז געבליבן אין זכרון יענע אַלטע שווערע פּיינען" (לידער צו אייגענע, ז. 163). און דאָך האָט מען נישט פאַרלוירן די מענטשלעכע ווערדע און דאָס דיכטערישע וואָרט האָט נישט געפונען קיין רו אַפילו אין די ביטערע צייטן, ווען מע איז געווען אַ קרבן פון דעם "פּערזאָנען־קולט", פון הפקרדיקער אוממענטשלעכקייט: "אַ שטייג מיט גראָבע גראַטעס, / שאָטנס געבראָכן און לאַנג, / לייגן זיך לאַנגע לאַטעס, / לאַטעס אויף בילד און געדאַנק" (אין פרעמדן גן עדן, ז. 217). דאָ וועט חרץ "פייערן" זיין 40סטן

געבוירנטאָג: „איך טראָג דאָס ביסל יאָר, די גרויסע שווערקייט / — — — איך בלאָנדזשע אום ווי אַ פאַרלוירן וואָרט, / וואָס קאָן זיין פלאַץ / נישט טרעפן אין קיין זאַץ. / אַ וואָרט אַזאַ / כאַ־כאַ, / כאַראַץ" (אין פרעמדן גן עדן, ז. 226) אָנגעשריבן אין סוכאָבעזוואָדנאַיע, סעפּט. 1952). אגב וועט חרץ אָפּמערקן אין זיינע לידער די טרעפּ (אַרויף? אַראָפּ?) פון זיינע יאָרן: 50, 60, 70. ער וועט דאָס טאָן אויף אַן אופן, וואָס זעט מיר אויס אַ ביסל מאָדנע און נישט גאַנץ פאַרשטענדלעך.

דער שווערער גורל קען נישט ברעכן דעם דיכטער אפילו נישט אין עקרהדיקן וואַסערלאָזן מקום (סוכאָבעזוואָדנאַיע באַטייט אין רוסיש טרוקן־אָן וואַסער) און אָט איז אַ ליד פון 1950: „און ווײ איז צו דעם, וואָס פאַלט אינעם שניי, און אפשר איז נישט אַזוי ווײ / זיך אָפּגעבן בלינד דער מאַכט פונעם ווינט, פונעם שניי. / נאָר בעסער איז פאָרט צו פילן — ביסט שטאַרקער פון זיי!" (לידער צו אייגענע, ז' 188). זעקס יאָר שפעטער אַ באַפרייטער, צוריקגעקומען צו אַ כמו נאָרמאַל לעבן, וועט ער פרווון זיך מוטיקן און וואָרענען: „זײ וואַך און קוק זיך אַרום — / אַרום און אַרום מיט אויגן, / פאַרגאַרטל זיך פעסטער און קום, / די שטילקייט זאָל דיך נישט בייגן" (לידער צו אייגענע, ז' 189).

דער גרויסער ווענד אין חרצעס לעבן און שאַפן איז דאָס יאָר 1972, ווען ער איז משנה מקום און, פאַרשטייט זיך, משנה מזל. די נייע היים וועקט אויף אין אים דאָס חומש פון די קינדער־און־חדר־יאָרן. עס וועבן זיך אַלט־נייע געשטאַלטן, פייסאַזשן, שטימונגען, וואָס העלפן אַרויס דער קליטה זיינער אין דער סביבה, וואָס איז אי ניי און אי נישט ניי. ווולקאַניש עפנט זיך אַ קוואַל פאַר נייע הונדערטער לידער און פאַר געגוג ענערגיש אַרויסצוגעבן זיבן וואָגיקע בענדער מיט פּאָעזיע.

דער ציקל לידער „שטערן אויפן הימל" פון דעם באַנד (דער פערטער) מיטן זעלבן נאָמען, איז געווידמעט דעם פייסאַזש, די ערטער, די מענטשן, דער אַרבעט און דער מי, די גורלדיקע איבערלעבענישן זיינע אין דער אַלט־נייער היים, ווו דער דיכטער דערפילט, אַז: „אַלץ איז אַנדערש, וואָס איר הערט און זעט". ביי חרצן איז פאַראַן אַ נאָענטע שייכות צווישן „דיכטונג" און „וואָרהייט", צווישן זיין לעבן און זיין דיכטעריש שאַפן. ער איז נישט קיין רעאַליסט אין ענגסטן זין פון וואָרט, נישט געקוקט אויף געוויסע כמו נאַטוראַ־ליסטישע שטריכן.

טראָץ דער נישט קליינער צאָל לידער זיינע אין דער דריטער פּערזאָן רעדט חרץ ווי יעדער קינסטלער, גאָר נישט ווייניק וועגן זיך, וועגן זיינע איבערלעבענישן, געפילן, שטימונגען, געדאַנקען, איינדרוקן, מיינונגען, חלומות, וויזיעס, שטרעבונגען. אַ דאַנק זיין כוח פון טראַנספּאָזי'רן ווערן אָט די קאַטעגאָריעס, אונדזערע אַלעמענס. אגב, עס שטעלט זיך אַרויס, אַז אָפט ווערט דער דיכטער אַ שליח ציבור פאַר אונדזערע טרוימען וועגן נעכטן, היינט און מאָרגן. דערמיט ווערט ער אונדז נאָענט און טייער.

ווי אייגנאַרטיק אַ קינסטלער זאָל נישט זיין, וואַקסט ער נישט אויס ערגעץ אין אַן אַבסטראַקטן חלל. דאָס אַרומיקע לעבן, די שאַפונגען פון אַנדערע שרייבערס און בכלל פון קינסטלערס, די געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען באַווירקן אים. חרץ דערמאָנט, ווער עס האָט אים באַווירקט צווישן די גדולים פון עלטערן דור, אים געהאָלפן, געפונען און אויסטרעטן זיין אייגענעם וועג: „און מאָנגער, דער זינגער, ווי קיינער־קיינער, איז איבער די קעפ

פון זיינע פאַרערער געוואָרן מיין ווייטער לערער״ (שטערן אויפן הימל, ז. 146). אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון מאַנגערס פריער השפּעה באַגעגענען מיר אין אַזאַ ליד ווי ״גלוסט זיך ביי נאַכט מיר — — —״ אָנגעשריבן אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1935. אין דעם פּרעכטיקן זשאַנער־בילד ״אליעזר שטיינבאַרג״ דערפילט מען דעם כישוף, וואָס דער גרויסער מייסטער האָט אָפּגעטאָן יעדערן. אגב, אָט דער שטיינבאַרג־טראַדיציע האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם שטראָם אייגנאַרטיקע אָדער, ווי ער רופט דאָס, משל־אַרטיקע לידער, אַ מין זיווג פון ליד און משל אין חרצעס שאַפן. דאָס קלוגע רירנדיקע דערמאָנונגס־ליד ״די אבות״ רוקט אַרויס די מזרח־וואַנט פון אונדזער ליטעראַטור, כדי אויסצופירן, אַז: ״מיר, די היינטיקע פּאָעטן, / זוכן זייער נעכטיק הויז / און דעם וועג צו זייער שטעטל / און דעם וועג פון דאָרט אַרויס״ (שטערן אויפן הימל, ז. 207).

הערש סעגאַלן, דעם פריינד פון פּאָעטן, דעם איידעלן, פיין־פילנדיקן, טיף־דענקענדיקן, צאַרטן פּאָעזיע־קענער און ליבהאָבער פון פּאָעזיע, וועלכער האָט געשטיצט דעם פּאָעט אין שווערע צייטן, ווידמעט חרץ אַ צאָל לידער אין וועלכע דער ל״ו־ניק הערש באַווייזט זיך אין זיין אמתער שיין און אין זיין גאַנצער גרייס: ״זיין שוועל ציט צו, זיין טיר איז שטענדיק אָפן, / דער טיש איז גרייט פאַר שט״לע רייד, פאַר שווייגן, / וואָס בינדט צונויף מיט אַלטע פילאָזאָפן / און העלפט דעם מענטשן זיך אַריבערשטייגן״ (שטערן אויפן הימל, ז. 164).

טשערנאָוויץ האָט חרצן געבראַכט אין באַריר נישט נאָר מיט דער ברייטער יידישער קולטור־באַוועגונג, נאָר אויך מיט מאָדערנער דייטשישער ליטעראַטור, קיין דירעקטע השפּעות לאָזט זיך נישט אויפווייזן מצד אייראָפּעיִשער דיכטונג (אפשר אַ ביסל ווערלען), אָבער עס האָט געהאָלפן דעם יונגן פּאָעט בעסער צו דערקענען דעם אייגענעם פּאָעטישן איך, פעסטער צו באַהערשן די פּאָעטישע כלי זין. שפּעטער האָט די רוסישע ליטעראַטור אים פאַרשטאַרקט אין זיין אייגנס.

מאיר חרץ איז אַ דיכטער פון טיפע געדאַנקלעכע איבערלעבענישן, דער פילאָזאָפישער ליריזם פאַרפלאָכטן מיט שטאַרקע איבערלעבענישן געפינט פּאַסיקע אויסדרוק־מיטלען, וואָס טרייסלען אויף דאָס געמיט. ווי אַ מין אני מאמין קלינגט דאָס ליד ״לעבן אַ שווערן וואָגן״: ״לעבן אַ שווערן וואָגן / לויפט זיך באַרג־אַראָפּ / און ווילסטו, מע זאָל דיך הערן, / שטיי פונעם וואָגן נישט אָפּ״ (דאָס פיפטע ראָד, ז. 65). וועגן זיין פּאָעטישער שליחות קלינגט אָפּ אַ לויטער געזאַנג אין דעם ליד פון זיין ערשטן בוך, טאָקע ביים סאַמע אָנהייב: ״זאָל אויפגיין די לבנה־שיין / פון מיינע קינדער־יאָרן, / עס איז שוין צייט, דער נייער ווייַן / איז אַלטער וויין געוואָרן״ (אין פרעמדן גן עדן, ז. 9). ווי אַ מין פּראָוויזאָרישער חשבון הנפש קלינגט אַרויס די צייטווייליקע איינזאַמקייט און אַנטוישונג: ״כ׳האָב געגנוג געוווייטיקט און געקלאָגט / און אַנטלאָפן און נישט אויסגעזאָגט / און פאַרגעסן און זיך איינגעשטילט / און אין פרעמדע פריידן זיך געהילט / און מיט פרעמדע פריידן זיך געפרייט, / האָבן פרעמדע זיך פון מיר פאַרדרייט — — —״ (לידער צו אייגענע, ז. 161). איינזאַמקייט האָט גאָר אָפּט געפלאָטערט איבער זיין וואַגלוואַנדער ״אין פרעמדן גן עדן״. אין יאָר 1947, ווען די ווונד פון דער שואה איז נאָך אָפן, רופט דער דיכטער אויס: ״ס׳איז מיין לעבן און מיין שטאַרבן / פרעמד אויף אָט דער פרעמדער וועלט״, און

דאָך, טראָץ אַזוי פיל און אַזוי פיל אַנטוישונגען, פאַרלירט קיין מאָל נישט זיין רעכט דער יידישער בטחון, אפילו אין יאָרן פון שווערסטע נסיונות: "עס וועט דער רויך צערינען ווי די פינצטערניש אויף שניי / און סע וועט נאָך לויטערער און העלער ווערן" (הימל און ערד, ז. 137). שפּעטער וועט דער דיכטער פּריצייטיק דערפילן די זיקנה און דאָך וועט ער אַ טרייסט געפינען אין דעם המשך פון זיין משפּחה: "אַריין, אַריין אין קרייז פון קינדער / און לעבן לערן זיך ביי זיי, / מעק אויס דעם אָסיען און דעם ווינטער, / פאַרגעס די בלאָטע און דעם שניי" (הימל און ערד, ז. 272). שפּעטער אין ירושלים, אין 1980 וועט ער זינגען: "שיר אַ געזאַנג צו אַלע געזאַנגען / אויסגעזונגענע ביז היינט, / צו אַלע זונען, וואָס זענען פאַרגאַנגען / און צו אַלע געבליבענע פריינד" (גרינער ווינטער, ז. 125). ער טרוימט פון אַ וועלט, וואָס שווימט צו אירע ברעגעס "און פולט זיך אָן מיט זיין, מיט זין". דער דיכטער דערפילט מיט רעכט: "נאָר ווו איך זאָל זיך נישט שטעלן, / איך שטיי אין דער סאַמע מיט" (שטערן אויפן הימל, ז. 54). ער מאַכט שלום מיט דער פאַרגענגלעכקייט פון דער צייט, ווייל מע קען נישט אויסטאָן פון זיך די ווירקלעכקייט. ער מוז זיך אָפּגעבן מיט אירע ענינים. ער האָט געשריבן לידער קעגן מלחמה און בכלל קעגן בלוט־פאַרגיסן אין די פאַרשידענע עטאַפּן פון זיין שאַפן. אָט אַ ביישפּיל פון אַזאַ געזאַנג: "אונטערן וויי פונעם שטילן וואָרט / רודערט געשריי און רירט אויף די ווייט / און וועקט אויף דאָס בלוט פונעם ערשטן מאָרד, / ביז צו די מאָרדן פון אונדזער צייט" (שטערן אויפן הימל, ז. 125). וועגן אייביקייט פאַרגינט זיך דער דיכטער אַ שפּילעוודיק ליד — "אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר" און מיט אַזאַ פּשוטן גרוס פאַרגייען די יאָרן אין דער אייביקייט אַריין "און גאָר". דעם ממשותדיקן פאַרלויף פון דער צייט דערהערט ער, ווען: "די שטוב איז פול מיט טיקטאַקס פונעם זייגער, / סע שיטן זיך די ברעקלעך פון דער צייט, / זיי לייגן זיך ווי שטויב אָפּ אויף די קליידער, / וואָס ליגן אויף אַ בענקל אין אַ זייט" (לידער צו אייגענע, ז. 181). דעם פּערספּעקטיווישן לויף פון דער צייט באַנעמט ער ווי: "אַ מישמאַש פון צייטן אין די רוימען, / ליכטיאָרן, סעקונדעס — אַ גאַנצער באַלאַגאַן / — — — פאַלן ווי די זעלבסטמערדער פון דעכער אין תהומען — — —" (גרינער ווינטער, ז. 80).

ווי אַן אמתער באַסאַראַבער איז חרץ ענג פאַרבונדן מיט דער נאַטור, אין איר פּשטות, צי מיט אַ קאָסמישן אונטערטאָן: "ווי אַ נעפּל ווי אַ זיסער שמעקט דער אָטעם פונעם פעלד, / טיף אין נעפּל רוישט די בלויקייט פון אַ טייך, אַזוי זיך, סתם, / מישט זיך אויס דער פעלדער־אָטעם מיטן אָטעם פון דער וועלט / און די בלויקייט פונעם טייכל מיט דער בלויקייט פונעם ים" (הימל און ערד, ז. 177). דאָס ליד "ווייסע לאַנדשאַפט" מאָלט אַ טיפּיש מאָלדעוויש ווינטער־בילד (שטערן אויפן הימל, ז. 12). דער דיכטער איז אַרויסגעוואַקסן פונעם היימישן פּייסאַזש און ער וואַקסט אַריין אין דער לעבעדיקער וועלט. דער אויסגעוואָרצלטער אין דער גרויסער שטאָט וועט אָפּט געפינען טרייסט אין דער נאַטור: "ס'איז גוט פאַר נאַכט אַהיימצוגיין פון ווייט, / צו קוקן אויף דער וועלט פון דער מיט און פון אַ זייט / און פונעם שטאָט־גערויש אַהיימברענגען אַ ליד / ווי זאַנגען, וואָס דער שניטער ברענגט אַהיים פון שניט" (דאָס פיפטע ראָד, ז. 179). דער דיכטער פילט אָפּט אין דער נאַטור די אָפּשפּיגלונג פון זיין אייגענעם טרויער, פון זיין אומרו און פון זיין

גלייכגילט. כמעט ווערלעניש קלינגען אייניקע פון חרצעס רעגן־לידער: "האַרבסטיקע לאַנדשאַפט מיט הילצערנע צלמים — / ווי אָרעם, ווי אָרעם! / — — — ווער מאַלט אָט דעם חושך? ווער צייכנט דעם אומעט? / דער האַרבסטיקער רעגן, וואָס נודיעט און נודיעט" (הימל און ערד, ז. 147). בכלל רופט דער האַרבסט אַרויס נישט קיין פריילעכע געפילן; דער האַרבסטיקער נאַגנדיקער טרויער, מעלאַנכאָליע. זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם ציקל "הימל און ערד" אין דעם באַנד מיט דעם זעלביקן נאָמען. עס איז אויך צו באַמערקן, אַז חרץ רופט צו מאָל אָן טיילן פון זיינס אַ ביי בוך מ׳ט נעמען פון פריערדיקע ביכער. צי איז דאָס אַ רמז אויף קאָנטינויטעט, אַ מין חוט־השדרה פון זיין גאַנצן שאַפן?

דעם ווינטערדיקן שניי נעמט דער דיכטער אויף מיט אַ ביסל אויטאָ־איראָניע. זומערן און ווינטערן זענען אָפט פאַרבונדן מיט פייסאַזשן און מיט היימישע בילדער. טאָג און נאַכט שפּיגלען אָפּ אינערלעכע איבערלעבענישן. פאָעטן באַזינגען אָפט די נאַכט. פאַר די ראָמאַנטיקער ווי פאַרן קינד באַטייט נאַכט — שוידער, פחד, שרעק: "כ׳בין אין הויז דער סאַמע קלענסטער / און איך לאָז פאַר שרעק זיך אויס" (אין פרעמדן גן עדן, ז. 12). נאַכט אָבער קען אויך ברענגען באַרויקונג, טרייסט, שעפערישקייט, לויטערקייט: "איצטער בין איך ניכטער, / איצטער שלאָפן איין די שיכורע געזיכטער / אין דער פינצטערניש ווי פּודיקע געוויכטער, / איצטער צינד איך אָן אַלע מיינע ליכטער, / איצט איז ליכטיק אויפן טיש פון דיכטער, / איצטער בין איך ניכטער" (שטערן אויפן הימל, ז. 70).

חרץ האָט ליב מענטשן, ער דאַרף זיי און זיי באַדאַרפן אים. נישט געקוקט אויף אייניקע איראָנישע שטריכן אין זיין שאַפן, האַלט ער זיך נישט העכער פונעם לייענער. באַזונדער בולט קומט צום אויסדרוק אין זיינע לידער די ליבשאַפט זיינע צו קינדער: "איך שפּרינג אַריין אין קינדערישן זשומען / ווי אין אַ טייך, וואָס קאָן נישט בלייבן שטיין" (לידער צו אייגענע, ז. 180). דעם דיכטערס נאָענטע באַציונג צו מענטשן שפּילט זיך אָפּ מיט אַ רייכער גאַמע ניואַנסן אין דער רייכער סעריע פּאָרטרעטן פון שרייבערס, קינסטלערס, עסקנים, חברים. אייניקע פון די פּאָרטרעטן זענען געראָטענע גראַוויורן אין אַלט־האָלענדישן אָדער פלעמישן, צי גאָר אין דירערסטיל, אַנדערע ווידער שמעקן מיט לייכטן עפּיגראַם, אייניקע זענען אינטים ל׳ריש, אַנדערע מיט אַ פילאָזאָפישן אונטערטאָן. זיי זענען געשאַפן געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן און מקומות, אונטער אַלערליי שטימונגען, באַציונגען, כוונות און שייכותן. ער ווייסט אַליין גאַנץ גוט, ווי פאַרשידן די פּאָרטרעטן זענען: "ווייל דאָס וואָרט איז נישט קיין קלייד, / וואָס מע שניידט עס צו לויט דער לענג פון לייב, / טרעפט זיך דאָך אַ קלאַנג, וואָס טוט אַ שאָס / און ער טרעפט אין פּינטל, ווערט אַ מאָס" (דאָס פיפטע ראָד, ז. 137). צווישן די איבער 50 פּאָרטרעטן, אָן אייגנאַרטיקע וועלט פון שעפערישע פּערזענלעכקייטן מכל המינים, זענען פאַר מיר בולטער יענע אין וועלכע דער מחבר דריקט אויס זיין באַזונדערס טיפע באַציונג צו זיי. מיט אייניקע פון זיי האָט זיך מיין לעבנס־וועג באַגעגנט אויף אַ קורצער אָדער אויף אַ לענגערער צייט, דעריבער פיל איך, אַז איך מעג אָדער דאַרף אפילו עפּעס אונטערשטרייכן.

דער אייגנאַרטיקער דערציילער משה אַלטמאַן, איינער פון די דריי "חכמי ליפקאַן" ווי שלמה ביקל האָט זיי באַצייכנט, "דער אייביקער פּרעגער", איז נישט מיד געוואָרן צו פּרעגן באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן פון זיין לאַנג לעבן (93 יאָר). זינט 1928, ווען

איך האָב אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין טשערנאָוויץ, האָב איך רעצענזירט אַלע זיינע ביכער; חרצעס קדיש נאָך אַלטמאַנען, וועמען ער באַצייכנט ווי "דער אייביקער פרעגער" רירט מיך באַזונדערס. דער טראַגישער סוף פון דעם ריז פון דער יידיש עפיק, דוד בערגעלסאָן — מיין דור איז אויפגעוואַקסן אויף בערגעלסאָנס מייסטערווערק. דערצו דערמאָן איך מיך אַ באַגעגעניש 1943, אין טאַשקענט אויף האַמזאַ 7, ווו ער האָט אין איינעם מיט יעקב שטערנבערגן געגרייט אַ סצענאַר פאַר אַ יידישן פילם מיט אַ היסטאָרישער טעמאַטיק — "און איצט, זאָגט חרץ, איז שוין "נאָך אַלעמען", מיר גייען אָפּ / און ס'איז דער "אָפּגאַנג" בלוטיק ווי אַ שקיעה" (דאָס פיפטע ראָד, ז. 150). חרץ שילדערט מיט אַ סך וואַרעמקייט יעקב שטערנבערג וואָס: "אַלע שאָטנס לויפן נאָך דעם שיינעם שאָטן זיינעם". דאָס איז אַ בליץ־אויפנעם. די שייכותן צו מאַנגערן מצד דער גאַנצער יידישער דיכטונג אין רומעניע דאַרף מען נאָך פאָרשן און שרייבן. איך האָב נישט קיין צייט דערצו. מיין זייגער רוקט זיך צו 12.

דער קורץ־און־שאַרף אויסגעקריצטער פּאָרטרעט פון דער נסתר דעקט זיך מיט די איינדרוקן, וואָס מיר האָבן געהאַט בעת אונדזער באַגעגעניש יולי 1941 אין כאַרקאָוו ביי אים אין דער היים. "די משפחה מאַשבער" האָט וויניק געענדערט דעם איינדרוק פון "געדאַכט". בערגעלסאָן און דער נסתר זענען נישט צוריקגעקומען פון סטאַלינס תפיסות. מיר טרעפן פּאָרטרעטן אויך פון אַנדערע אומגעקומענע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס, פון דוד האָפשטיין, אויף זיין ל׳ריק האָט זיך געכאָוועט, האָבן זיך געכאָוועט עטלעכע דורות בונטאַרישע יוגנט. פון איציק פעפערן. האָפשטיינען און פעפערן האָב איך געהאַט די זכיה צו קענען 1940 אין טשערנאָוויץ. מיט האָפשטיינען זענען מיר געווען אין אופאַ אין 1941; מיט פעפערן זיך ווידער געטראָפן אין קיעוו ערב דער דייטשער אָקופּאַציע. וויניק קריטיקערס האָבן אַזוי געראָטן כאַראַקטעריזירט דעם ריז פון יידיש פּאָעזיע, דעם קדוש פּרץ מאַרקיש: "זיין קאָפּ איז געווען אַ שטורעם־פאַקל, / ער האָט אים געהאַלטן אין דער הויך, / זיין ליד איז געווען דער לעצטער סך הכל / פון גאַנצע דורות ווינט און רויך / און פון די פייערלעך אויך" (שטערן אויפן הימל, ז. 154). אַזוי האָב איך געזען און געפילט אין יאָר 1942, ווען איך האָב אים באַגלייט צו פוס צום צ.ק. פון דער אוזבעקישער פּאַרטיי; ווי מאָדנע ער האָט אויף מיר געקוקט, ווען איך האָב אים פירגעלייגט מע זאָל אונדז, די "זאָפּאָדניקעס" שיקן קיין בירא־בידזשאַן.

ה. לייוויק איז געווען און געבליבן דאָס געוויסן פון דער יידישער ליטעראַטור. פון זיינע סיבירער לידער, דורך זיינע דראַמעס איז לייוויק געווען סאַמע עטישער פּאַטאָס. אויך פּערזענלעך. איך דערמאָן זיך אונדזער באַגעגעניש אין פּאַריז, אויגוסט 1937, אויף אַ שפּאַציר אין איינעם מיט אָפּאַטאָשון, מיט זייער וואַרעמער באַציִונג צו אַ (דעמלט יונגן) יידישן שרייבער. חרץ שרייבט וועגן לייוויקן: "זיין קול איז שטיל געשטיגן אין די הייכן, / אַראָפּגעגאָסן זיך ווי יאָד אויף אָפענע וווּנדן / און אויפגעגאַנגען ווי פייערן אָן רויכן, / ווי ווייסע פייערן פון שנייען אַנגעצונדן" (שטערן אויפן הימל, ז. 146).

די קרוין פון דער הייטצייטיקער יידישער דיכטונג א. סוצקעווער, שיינט אין איר פולן גלאַנץ אין די שורות, וואָס חרץ ווידמעט אים אין "דאָס פיפטע ראָד": "איצטער טראָג איך מיין פּאַרמעג צוריק / אינעם וואַלד פון שטיינערנע גראַניטן, / ליידיק אויס דעם זאַק און

האָק מיר אָפּ אַ שטיק, / פֿונעם מינדסטן זעמדל כ'האָב אַ שטיין מיר אויסגעשניטן. / און פֿון טויזנט שטיינער האָב איך דאָרט / אויפֿגעבויט, צונויפֿגעקלעפּט אַ זעמדל / און פֿון אותיות־מופֿתים אויפֿגעבויט אַ וואָרט / צווישן ווערטער טויזנטער, יעדעס וואָרט אַ רענדל" (דאָס פֿיפֿטע ראָד, ז. 139־140).

יאָסל לערנערס לירישע פֿאָלקסטימלעכקייט, האַרציקע באַסאַראַבישקייט און גראַדליניקע פּאָעטישקייט און דעם אַקטיוון עסעיִסט און פּראָזאַיקער פֿול מיט באַסאַראַבער אידיאָמאַטיק יאַנקל יאָקיר שאַצט חרץ מיט סימפּאַטישער איראָניע. מאַטעלען, דעם דיכטער מאָטל סאַקציִער, דעם בכור פֿון שטערנבערגס תּלמידים, האָט חרץ געפּרוּווט אַרײַנכאַפּן דורך אַ ריִרנדיק אידיליש בילד, וואָס דערוואָרעמט מיט אינטימקייט. דער בעלצער זעליק באַרדיטשעווער, דער באַסאַראַבער סאָציִאַל־באַוווּסטער ממשיך פֿון די אַמאָליקע פֿאָלקס־זינגער דערוועקט אין חרצן אַ ראָמאַנטישע וויִזיע פֿון אַ שיפֿל אויפֿן ים: "דו ביסט מיט אַ געזאַנג אַ גרויסן / אין טיפֿעניש ערגעץ פֿאַרשווומען" (שטערן אויפֿן הימל, ז. 158). מיר געדענקען די באַגעגענישן מיט זעליקן אין יאָס, 1927, זײַנע ערשטע טריט און אין 1939 זײַן ערשט, אײַנציק ביכעלע, וואָס אַזאַ דערהויבענע נשמה ווי הערש סעגאַל ז"ל מיט דער בײַהילף פֿון לײַבו לעווין, דער פֿלאַמיקער אויסרופֿער און זינגער פֿון יידישער פּאָעזיע, שוין אויך ליידער אַ ז"ל, האָבן אָפּגעדרוקט אין טשערנאָוויץ. וועגן הערש סעגאַלן, דער אויסנעמלעכער פּערזענלעכקייט, מאַטעמאַטיקער און דענקער, אײַדעלער קענער און ליבהאָבער פֿון ליריק בכלל און פֿון יידישער בפֿרט, טיפֿער עסעיִסט, לעקטאָר, שטילער און ווירקזאַמער מענטשן־ליבהאָבער און העלפֿער, האָבן מיר שוין אויבן געשריבן, ציטירט שורות פֿון חרצעס פּאָרטרעט "דער פֿרײַנד פֿון פּאָעטן" און וואָלטן נאָך געדאַרפֿט אַ סך מאָל זיך ווידער און ווידער אומקערן און דאָס הייסט, אַז וועגן אים דאַרף מען אָנשרײַבן אַ באַזונדער און אַ גאַנץ בוך. זײַן ענִיוות וואָלט אונדז נישט צוגעלאָזט. איצט אָבער, נאָך זײַן אָפּלעבן (1982) וואָלט אַזאַ בוך באַלויכטן אַ הויך עטישע פּערזענלעכקייט אין אַן אומרויִקער עפּאָכע. ווי שוין דערמאָנט האָט סעגאַלן חרץ געווידמעט אַ צאָל לידער און אָט זענען נאָך עטלעכע שורות פֿון זײַן ליד "דער פֿרײַנד פֿון פּאָעטן": "ווו האַלט זיך אויף אין מענטשן די נשמה? / ווו וואַכט אין אים זײַן שומר, דאָס געוויסן? / עס ליגט בײַם פֿרײַנד צעגאָסן אויפֿן פּנים / און שײַנט מיט שטילקייט און מיט קלאָרן וויסן".

דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון שמואל אבא סופֿר הי"ד, דער רעדאַקטער פֿון די "טשערנאָוויצער בלעטער", ווו עס האָבן זיך געדרוקט אַזוי פֿיל יונגע שרײַבערס, היילִיקט מאיר חרץ אַ דאַנקבאַר אָרומנעמענדיק ליד, 40 יאָר נאָך דעם ווי סופֿר האָט אים אָפּגעדרוקט אַן ערשט ליד: "עס איז דער גוטער מענטש שמואל אבא / פֿאַרשלעפּט געוואָרן פֿון בײַזן דײַטש / און ס'איז מיר פֿאַרבליבן זײַן אדרבא / און פֿונעם ציטערדיק גרעזל די טײַטש" (דאָס פֿיפֿטע ראָד, ז. 162). דער פּריצײַטיק פֿאַרשניטענער פּראָזאַיקער ה. ל. קאַזשבער (הערש ווײַנשטיין), אונדזער טעמפּעראַמענטפֿולער מיטאַרבעטער און ביסיקער חבר, דערוועקט וואַרעמע געפֿילן. חרץ מאָלט אַ גײַסטיקן פּאָרטרעט דורך פֿיזישע, דינאַמישע שטריכן: "ער האָט בײַ די פּעדעם געפּאַרבטע רויט / פֿאַרלויִרן דעם טעם צו זאַלץ און צו ברויט / און ווען אויפֿן הימל האָט עטוואָס געבלויט, / איז ער קרומערהייט אַריבער דעם פּלויט / און געבעטן אַזיל בײַם טויט" (שטערן אויפֿן הימל, ז. 160). חרצעס "פּאָרטרעט

פון אַ רעציטאַטער״ (לייבו לעווין) איז גערעדט אויפגעצייכנט אין געציילטע שאַרפע שטריכן, מיט אַ ליריש־פילאָזאָפישן פאַן: ״די גרעסטע דיכטער פון דער שווערסטער צייט / האָט ער ביי אונדז אויף זיך ווי אַ פּאַראַם גענומען און געטראָגן קעגן שטראָם / און אָפּגעגעבן זיי דער אייביקייט״ (שטערן אויפן הימל, ז. 164). אויף זיך אַליין פּרוווט ער מיט שפּילעוודיקן, גאַליקן הומאָר זעלבסט־איראָניש אָנשרייבן אַ בילד, וואָס מע דאַרף ציטירן אין גאַנצן, ווייל עס שפּיגלט אָפּ אַ סך קראַפט און שאַרפקייט געוויסע גרונטיקע שטריכן פון זיין שאַפן און . . . כאַראַקטער. ער לייגט אַוועק זיין פּאַרטפעל אויף אַ שוועל, זיין פּאַרטפעל מיט לידער. יעדער שפּאַנט זיי אַריבער, לייגט ער דעם פּאַרטפעל מיט די לידער העכער אַוועק אויף דער שוועל און אויפן שטיין אונטן שרייבט ער זיך אונטער: ״ווער סע קומט אַצינד צו דער טיר, / טרעט אויף די לידער און אויף מיר״ (שטערן אויפן הימל, ז. 166).

אויפן ערשטן בליק קען זיך דאַכטן, אַז די לידער צו בעלאַן (לידער צו אייגענע, פון זייט 93 און ווייטער) זענען צו קאָנקרעט, פּערזענלעך; אָבער באַלד ווערט מען פּאַרכאַפּט פון דער מוזיקאַלישקייט און עכטקייט פון געפיל און מע לעבט איבער מיטן דיכטער יעדן ווײ פון דער נשמה, פון דער בענקעניש נאָכן פּאַרשטאַרבענעם לעבנס־באַגלייטער בעלאַ: ״אַ האַלב — דו און האַלב — אַן אויסגעטראַכטע, / אַט זיצן מיר אין טעג אין שוין פּאַרבראַכטע, / איך רעד צו דיר און ענטפער מיר פאַר דיר — / און גוט איז מיר, בשעת איך פאַנטאַזיר — / דער טאָוול פאַר מיין דמיון איז די אייזערנע טיר״ (לידער צו אייגענע, ז. 118).

שואה, האָלאָקאָוסט, ווי מע רופט עס לעצטנס, איז פאַר מזרח־אייראָפּעישע יידיש־דיכטערס נישט קיין טעמאַטיק, נאָר אַ טיף פּערזענלעכע טראַגעדיע, אין קאָסמישע דימענסיעס. אַט ביי חרצן בילדער פון אומקום: ״פּאַרבליבן איז נאָר אין זכרון פון פעלדער / אַ ברענענדיק פאָלק אין אַ שטאָט אַ פאַרברענטער״ (אין פרעמדן גן עדן, ז. 117). מיר פילן — נישטאָ אין דער מענטשלעכער שפּראַך קיין ווערטער צו קענען מאָלן דעם היטלעריסטישן גרויל. דאָס, וואָס היטלער האָט געפּרעדיקט האָט ביז היינט פאַרסמט אַ סך מוחות און הערצער. אַנדערע ווילן פאַרגעסן דאָס געשעענע, עס איז אומבאַקוועם פאַר זייער געוויסן, אפילו, ווען זיי זענען נישט דירעקט שולדיק. איבערן חרצישן שאַפן פלאַטערט דער שאָטן פון שואה: ״ווייל ווייטער און ווייטער לויפן די יאָרן / מיט אויפ־געהויבענע הויכע הענט. // די וועלט איז אונטערגעצונדן געוואָרן, / דאָס יידישע פאָלק האָט אָפּגעברענט״ (דאָס פיפטע ראָד, ז. 79).

און איצט לאָמיר זיך אַ קער טאָן צו חרצעס כלי זין (כלי זמר . . .), צו זיין קוק אויפן תוך פון פּאָעזיע. דער דיכטער פילט זיך ווי אַ רינג אין אַ גאָלדענער קייט פון דורות שעפעריש שיינקייט: ״מיין ליד איז אַ טראָפּן אין ים פון געזאַנג, / אין ים, ווו די כוואַליעס רוישן, / מיין ליד איז געזונגען געוואָרן שוין לאַנג / ביים ניל נאָך, אין ארץ גושן״ (אין פרעמדן גן עדן, ז. 236). שאַפן מוז ער אפילו קעגן זיין ווילן, ״איך קען נישט אַרויס פון פאַרכישופטן קרייז פון די לידער״, כאָטש ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ״פאַר לידער צאָלט מען נאָר מיט שטיינער, שטיקער אייז״. די מקורות פון ליד זענען זייער פאַרשידנאַרטיקע, צו מאָל, אפילו, מאָדנע: ״פון קידער־ווידער בויען זיך די לידער״.

דער דיכטער איז אַ צויבערער. פון וואַכעדיקייט קען ער שאַפן פּאָעזיע. יעדער דיכטער איז אַן אוניקום, אַ יחיד במינו; צו מאָל ווייסט ער אַליין נישט דעם מיין פון זײַן שאַפן: "וואָס באַדייטן אַט די ווערטער, אַט די ווערטער, וואָס איך רייד, / אַט די ווערטער, וואָס איך רעד זיי זינגענדיקערהייט" (שטערן אויפן הימל, ז. 59). דעם גאַנצן פּראָצעס פון שאַפן זײַנעם פּרוווט ער פאַרפיקסירן אין ליד "איינגעראַמט און פאַרבליבן" ז. 62).

די סטיכישקייט פון שאַפן דרוקט ער אויס עקספּרעסיוו, קורץ און שאַרף: "די ווערטער רוישן שטאָלץ אין אונדזערע געפילן / און ס'פעלט אַן איינציק וואָרט די ווערטער איינ־צוזשטילן" (שטערן אויפן הימל, ז. 192). ער ווייסט, אַז צו מאָל דרייען זיך די פליגל פון דער ווינט־מיל און זיי מאָלן... ווינט, ווייל עס פעלן זערנעס צווישן די מילשטיינער. בכלל איז דער גאַנצער ציקל "ווערטער" אין דעם בוך "שטערן אויפן הימל" אַ באַלעם צווישן געדאַנק און שפּיל. צווישן אָפּוועגן דאָס וואָרט אויף אַ גאָלד־וואָגשאָל און זיך דערבײַ פרעגן — וואָס מע איז אויסן מיטן וואָרט, מיט יעדן אות... צווישן גריבלעניש און איראָניע, צווישן טרויער און פרייד און ער פאַרענדיקט אַ ביסל אויטאָ־איראָניש: "דער דיכטער מיינט, ס'איז יעדער ליד אַ שטערן" (דאָס פינפטע ראָד, ז. 104). ער מעג אַ מאָל זײַן קריטיש צו זיך, נאָר אַזוי לאַנג אַ דיכטער לעבט, ווײַל ער, מוז ער, קען ער נישט אַנדערש ווי שאַפן אַלץ נײַע און נײַערע לידער, אַפילו, ווען: "איך קען זיך אַליין נישט דערקענען, בשעת די פּען מײַנע זינגט" (שטערן אויפן הימל, ז. 204). און דאָך ווערט באַשאַפן אַ לידערבוך. עס וואָלט געווען אומגערעכט צו פאַררעכענען די פריערדיקע פערזן פאַר חרצעס אַ זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק. זײַן פּאַליטרע איז ברייטער, רײַכער, מער ניואַנסירט, פילזײַטיק און פילזאַגנדיק. אַ ראיה איז זײַן לויבגעזאַנג פאַרן ווייסן פערד. זײַן פילקלאַנגיקייט. אויב איר ווילט, וועט איר בײַ אים טרעפן אַ היפּש ביסל באַלאַדע און פאַנטאַסטיק, צו מאָל פאַרפלאָכטן מיט איראָניע, ביטערן שמייכל ביז אָפּשפּעטונג (סאַטירע בלע"ז) און זעלבסט־איראָניע. טיפּיש אין דעם פּרט אין דאָס ליד "די נאַכט איז צוגעפאַלן" פון דעם בוך "אין פרעמדן גן עדן". עס פעלט נישט קיין גראָטעסק אין חרצעס באַלאַדישן סקלאַד, ווי, למשל, די פאַראַדיע אויף אַ מעלאַדראַמאַטישן עפּיזאָד. אַ בחור ראַטעוועט אַ מיידל פון דערטרונקען ווערן, זי וואַרפט אָבער אָפּ זײַן ליבע און גייט און טרענקט זיך "ערשט אויף אַן אמת" (הימל און ערד, ז. 223). אַ שווינדלדיקע פאַנטאַסטיק דרייט זיך ווי אַ צעווילדעוועטער קאַרוסעל אין דעם ליד "הייסער זומער" (גרינער ווינטער, ז. 70). זייער דינאַמיש, חלומדיק מיט אַ פּאָעטיזירטער וואָכעדיקייט קלינגט: "שפּעט בײַ נאַכט, שפּעט בײַ טאָג" (גרינער ווינטער, ז. 94).

איך רעכן, אַז דער עיקר־דיקער שטריך אין מאיר חרצעס פּאָעזיע איז דאָס דערשפּירן די פּאָעזיע פון טאָגטעגלעכקייט, דאָס פּאָעטיזירן דיווירקלעכקייט, דאָס שאַפן אַן אָרגאַנישן געפלעכט פון טרוים מיט וואָר, פון שבת מיט חול. פון צענדליקער לידער ווי דאָס איז בולטער, שטאַרצן אַרויס יענע פון דעם בוך "שטערן אויפן הימל". איך וואָלט אויסגעצייכנט אַזאַ ליד ווי "צי הערט איר ניט?": "צי הערט איר ניט, ווי אַלצדינג רעדט / און איינס דעם צווייטן שרייט נישט איבער?" (שטערן אויפן הימל, ז. 44). עס שטערט אַפילו נישט דער צופעליקער נאַטוראַליסטישער רעקוויזיט, אַז עס זאָל אויפקומען פּאָעזיע און טרוים ווי אין דעם ליד "שלאָפלאָזיקייט" (שטערן אויפן הימל, ז. 111). אַפילו

אינטימיטעטן, וואַכעדיקע, באַנאַלע, קענען אַזוי קינסטלעריש פּאַרוועבט ווערן, אַז עס זאָל זיך באַקומען אַ פּאָעטישע גאַנצקייט: "מיין לייב איז מיד פון קליידער טראָגן, / פון קליידער טראָגן, ליגן זאָגן" (שטערן אויפן הימל, ז. 180). מע דערגייט דאָ צו אַ מין פילאָזאָפיש געפיל פון מידקייט צוליב טאָגטעגלעכע התחייבותן. איבעריקנס איז דער דיכטעריישער אינערלעכער אמת פון פּאָעזיע אַ סך ווירקלעכער איידער די נאַקעטע ווירק־לעכקייט גופא. דער דיכטער פילט עס באַשיינפּערלעך, ווען ער זאָגט: "דער דרויסן, וואָס בליט אין מיין געמיט, / איז ניט דער דרויסן אַרום דעם הויז. / דער דרויסן אַרום דעם הויז איז גרויס, / נאָר גרעסער איז דער, וואָס רייפט און גליט / אין מיין געמיט און קען נישט אַרויס" (דאָס פיפטע ראָד, ז. 110). ביי אַזאַ צוגאַנג צו די שייכותן צווישן וואָר און טרוים איז קיין וווּנדער נישט, וואָס קלאָרקייט, פּשטות, חן און באַטעמטקייט פון פּאָלקס־נוסח שיינט אַרויס פון זיינע שורות, ווי די כמעט כעלעמישע אַנעקדאָטישקייט אין ליד "דער בעסטער דאַך" (הימל און ערד, ז. 208).

וואָלט איך מיך געוואָלט פּוצן מיט פרעמדע פעדערן, וואָלט איך ציטירט דאָס גאַנצע שפּילעוודיק־מייסטעריש "רוסיש־יידיש ווערטערביכל פּאַר אירקעלען", האָט מען שוין אָבער פאַר מיר אַנגעוויזן אויף אָט דעם ליד (דאָס פיפטע ראָד, ז. 36). די וואָרצלען פון דעם ביטערן הומאָר שטעקן אויך אין פּאָלקלאָר, אין דעם "פריילעכן" קבצן, אין דעם "טאַטע, דו לאַכסט? אַ קלאָג צו דיין געלעכטער", ווי עס קומט ביי אים אַרויס אין "גאָט הייבט אויף די רעכטע האַנט / און רעדט צו מיר דורך אַלע וועלטן, / איך וועל דיך בענטשן מיט טאַלאַנט, / דיין לשון אָבער וועל איך שעלטן" (שטערן אויפן הימל, ז. 119). מער שפּילעוודיק איז דאָס ליד "גראַמען" (דאַרט, 195) און — "מע קען מיט אַ מויל אָן ציין / פאַררעדן דער וועלט די ציינער / און נאָך דעם בלייבן אַליין, / און נאָך דעם בלייבן איינער" (גרינער ווינטער, ז. 86).

די פּאָלקסטימלעכע לעבנס־חכמה און סתם קלוגשאַפט קוקן אַרויס פון אומצאָליקע פּאָעטישע שורות פון חרצעס דיכטונג. סאַטירישקייט, איראָניע איז אַן אָרגאַנישער שטריך ביי אים. קודם כל פירט ער אַ חשבון מיט גיריקע שרייבערס, וועלכע אייגענען זיך צו פרעמדע שעפערישע מי. אַ צווייט מאָל רופט ער צו די פּסיידאָ־פּאָעטן: "און אייער געוויין איז נישט קיין געוויין, / נאָר אַ קוועטשן מיט די אויגן" (שטערן אויפן הימל, ז. 79). איבעריקנס פעלט אויך נישט קיין זעלבסט־איראָניע. צי שטעקט נישט דערין אַ ביסל פּאָזע איז מיר שווער צו זאָגן. אפשר ענטפערן דערויף די שורות: "איך טונק די פען אין אינעם טינטער / און גיי פאַרריכטן די וועלט, / געוווּג האָט געפעלט ביז אַצינדערט, / אַצינדער נאָך מערער פעלט" (שטערן אויפן הימל, ז. 215).

אויך אין די פּאַרטרעטן איז חרץ אַ פרעגנאַנטער צייכענער, שטעקט אַ סך מאָלעריי און מאָלערישקייט אין זיינע בילדער, דער עיקר אין דעם ציקל "בילד און מעשה" פון דעם בוך "שטערן אויפן הימל". עס ציט מיך צו ציטירן על פּי טראַף דאָס ליד "איך און די וויטקייט" (ז. 115). רירנדיק איז דער צמצום פון "די לאַנדשאַפט בליט" (ז. 215).

מע קען נישט זאָגן, אַז ליבע־לידער זענען אַ נאָווינע ביי פּאָעטן. מיט וואָס זשע צייכענען זיך אויס חרצעס ליבע־לידער? ראשית, מיט דער כלומרשטער איינפאַכקייט און דירעקטקייט. זיין סענסיביליטעט, זיין פילעוודיקייט שמעקט מיט באַפרייטקייט, אויס־

געשפּאַנטקייט, ליכטיקייט ווי, למשל, אין זיין ליד ״אַלע ווייסע הייזער״ (לידער צו אייגענע, ז. 145). כמעט תנכיש איז דאָס ליד זיינס ״אַ ליבע״ (הימל און ערד, ז. 264). עס שמעקט מיט ראַקאַקאָ־פּאַסטאַראַל דאָס אידילישע ליד ״גייט אַ מיידל צו דעם ברונעם״ (שטערן אויפן הימל, ז. 15). לאָז איך אָבער דעם לייענער דאָס פאַרגעניגן פון אַליין אַנטדעקן.

ווי יעדער יידישער דיכטער איז חרץ באַזאָרגט וועגן גורל פון יידיש, וואָס איז אים אַזוי ליב און טייער. געגוג צו דערמאָנען די טראַגישע וויי־געשרייען זיינע ביז 1972. אָבער אויך איצט זאָגט דער דיכטער: ״איך האָב זיך מיט יידיש פאַרחברט, / מיט אייביקן אונטערגאַנג״ (דאָס פיפטע ראָד, ז. 168). אין אַ וויסנשאַפטלעכן סעמינאַר וואָלט אַ סטודענט געקענט אָנשרייבן אַ שיינע אַרבעט וועגן מאיר חרצעס שפּראַכמייסטערשאַפט. איך וואָלט אים אָנגעוויזן אויף דעם ליד ״דער אויבערמענטש״ (דאָס פינפטע ראָד, ז. 56).

איך ווייס, אַז אין מיין מאמר זענען פאַראַן נישט־דערזאָגטקייטן, נישט געגוג פאַר־טיפטע אַנאַליזן, נישט אונטערגעשטראָכענע מאָמענטן, אָבער פאַר אַן אונטערצי מעג איך זאָגן אין איינעם מיט חרצן: ״סוף כל סוף האָט די שיינקייט געזיגט״ (גרינער ווינטער, ז. 126). איך ווינטש אויף האַף, אַז עס וועלן קומען יונגע פאָרשער און זיי וועלן אַריבער־טרעטן איבער מיין אַרבעט ווי אַריבער אַ טרעפּ און אַרויפשטייגן... אַ שטאָק העכער. אמן.



## נייַע ביכער

**דוד ספאַרד** — ״מיט זיך און מיט אַנדערע״. אויטאָביאָגראַפיע און ליטעראַרישע עסייען. הקדמה פון עלי שעכטמאַן. פאַרלאַג ״ירושלימער אַלמאַנאַך״, 1984. אַרויס־געגעבן פון דוד ספאַרד־בוך־קאָמיטעט אין ירושלים. 540 ז׳.

**שלמה וואָרזאָגער** — ״אַזוי צו זאָגן״. עסייען. י. ל. פּרץ פאַרלאַג, תל־אביב, תשמ״ה—1985. 368 ז׳.

**שלמה רויטמאַן** — ״לירישער אָטעם״, צווייטער באַנד. סאָנעטן. י. ל. פּרץ פאַרלאַג, תל־אביב, תשמ״ד—1984. 123 ז׳.

## שמעון קאַנץ

# „אָראַנזשן אין שניי״ פון נחמן ראַפּפּ

נחמן ראַפּפּ איז שוין העכער 50 יאָר באַקאַנט ווי אַ ליריקער בחסד עליון און ביז היינט זענען שוין דערשינען אַ צען זאַמלונגען פון זיינע לידער און פּאָעמעס און עס איז דערפאַר גישט קיין וווּנדער, וואָס אויך זיין פּראָזע לאָזט זיך נישט צעשיידן פון זיין פּאָעזיע, איז מיט איר אַזוי געקניפּט און געבונדן, אַז יעדע דערציילונג איז דורכגענומען מיט פּאָעטישע איבערלעבונגען, בריט מיט עכט דיכטעריש געמיט און האָט אויך אַזאַ אומגעריכטע פרישקייט און איינפאַלן פון אויסדרוק. דאָס איז שייך נישט בלויז די לירישע נאַטור־שילדערונגען, נאָר אויך דעם קלאָרן דערציילן און מאָלן מענטשן, ווי דעם אַראָפּלאָזן זיך אין פּסיכאָלאָגישע טיפענישן. דאָס לירישע איז ביי אים נישט קיין אָרנאַמענטיק, נאָר אַ נאַטירלעך אויסשטראַלן פון אַ פולער נשמה ווען די פולקייט גיסט זיך אַריבער די ברעגן, גיסט זיך צונויף מיט דער אַקציע, ווערט מיט איר איינס און דערהויבט קאָנקרעטן פאַקט צו אַ סימבאָלישער הויך. ראַפּפּ שעפּט די סימבאָלן פון דער טיף און אָטעמט אין זיי אַריין רעאַליסטיש לעבן און אויך די סימבאָלישקייט ווייזט אונדז ווי שטאַרק ראַפּפּ איז אַנגאַזשירט אין זיינע העלדן ווי אַ דיכטער און דערציילער. ער קוקט זיך איין אין זיי, הערט זיך צו צו זייערע רייד, אָבסערווירט זייערע האַנדלונגען און שוין אין גופא שילדערן איז פאַראַן אַזאַ שטאַרקע אָנגעלאָדנקייט פון געפיל, אַז ביים לייענען האָט מען דעם איינדרוק ווי די ווערטער צעלויפן זיך איבערן חוט השדרה ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. מען פילט זיין איבערגענומענקייט מיט דעם וואָס עס איז געשען און געשעט ווייטער מיט זיינע העלדן; דעם גאַנצן טרויער פון זייער דורכגעמאַכטן תהום אויך נאָכן מוראדיקן אומקום. מען פילט עס אויך דאָרט ווו ראַפּפּ ווייזט אונדז בלויז זייערע טראַנספּאָרמירטע שאָטנס אויפן האָריזאָנט פון זיין דיכטערישער איבערלעבונג. ער פירט אונדז איבער די גיהנומס, וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט זיינע מענטשן, אויף די פאַרשיקונגס־ערטער, און מיר הערן ווי אין יעדער שורה וויינט דאָס האַרץ, אַ גרויס דיכטעריש האַרץ, וואָס מאָנט עפּעס פון אונדז און מיר וויינען מיט.

זיין טיף איבערלעבן גייט אָפט איבער אין אַ געוויסן ראָמאַנטיזם, אָבער דאָס שוואַכט נישט אָפּ דעם רעאַליזם. ראַפּפּ איז אין זיינע דערציילונגען דורכויס רעאַליסט. די אַלע דיכטערישע ערטער אין די דערציילונגען האַלטן זיך צוזאַמען אויף רעאַליסטישער שילדערונג פון דער סביבה און פון כאַראַקטער. נעמט אַזאַ שילדערונג ווי אין דער טיטל־דערציילונג „אָראַנזשן א ן שניי״, ווו ער הייבט אָן אין אַ פּאָעטישן טאָן: „נישט קיין צוגן און נישט קיין שנעל־פליענדיקע עראָפּלאַנען האָבן מיך געפירט צו מיין ווייטער דערמאָנונג. צו אַ גערעכעניש פון מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק קאָן מען דערגיין בלויז מיט אַ

ציטער פון האַרץ, און אַזוי איז עס געשען, אַז אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען די זון האָט געוואָרפן אירע שטראַלן אויף די אַלטע מויערן פון ירושלים, אָנגעצונדן מיט בלענדיקן גינגאָלד די שמאָלע קלויסטער־פענצטער און זיך געגומען אָנגליען דעם פרעמד־גאָטיקן קופּאָל אויפן הר הבית, בין איך געבליבן שטיין אין מיטן דער שטאָט און זיך דערפילט ווי אַ פון ווייט פאַרבלאָנדזשעטער, אַן אָנגעקומענער אויף אַ ווייל, וואָס האָט פאַרלוירן דעם וועג אויף צוריק. פאַרביי מיר זענען דורכגעפאָרן אויטאָבוסן, וואָס האָבן צעפירט דאָס לעבן אין אַלע אָדערן פון דער הויפּטשטאָט, סיי אין די אַלטע קוואַרטאַלן, וואָס וואַכט אויף יעדן אינדערפרי, כדי ווייטער צו שפּאַנען מיטן טראָט פון אייביקייט, און סיי אין די ביי־אויפגעבויטע שטיינערנע שכונות, וואָס הייבן אָן זייער טאָג מיט יונגן געלעכטער און וואַכעדיקער פרייד".

מיר האָבן דאָ דעם דיכטערישן צוגאַנג צו דעם, וואָס ראַפּפּ רופט אָן געדעכעניש, אַזאַ סאָרט געשען וואָס איז אָוועקגעלייגט אין זכרון, כמעט ווי פאַרגעסן, אָבער מיט אַזאַ פאַר־וואַנדלטער פּאָעטישער בענקעניש, וואָס דערפירט די איבערלעבונג זאָל ווערן נישט נאָר ראָמאַנטישער, נאָר אויך נאָך ווייטער, און אויב דאָס איז ווייניק, ציט ראַפּפּ ווייטער דעם דיכטערישן סטיל, וואָס אויבן אויף קען עס אויסזען ווי אַ מין לייכטער מעטאָד פון סענטימענטאַלער פּראָזע, וואָס אַ מאָל האָט עס געהייסן פּאָעזיע אין פּראָזע. אַ סך דיכטער און אויך פּראָזאַיקער האָבן אַ מאָל געשריבן פּאָעזיע אין פּראָזע. אין די ייִנגלערישע יאָרן האָבן מיר עס אפילו ליב געהאַט, אָבער מיט דער צייט האָבן מיר עס שוין איינגעזען ווי אַ צעגאָסנקייט פון געפילן, וואָס האָט מיט פאָרם גאָרנישט געהאַט צו טון. אַנדערש איז עס ביי ראַפּפּן, ווייל נישט געקוקט אויפן פּאָעטישן נאַראַטיוו איז אָבער די גאַנצע דער־ציילונג געבויט לויט די געזעצן פון אַ פּראָזע־ווערק, מיט אַ געמאָסטענעם אָטעם פון וואָרט, מיט אַ געצוימטער מוזיקאַלישקייט, אַזוי אַז די ראָמאַנטישע שטעלן צעלויפן זיך איבער די האַנדלונגען און צעמענטירן דעם רעאַליסטישן שטאָף פון דער דערציילונג. ראַפּפּ קען זיך דערלויבן אַלע פרייהייטן פון פּאָעזיע, שרייבן מיט פרייע הענט און אויסניצן די פּאָעזיע מיט אַן אינערלעכער גראַציעזקייט, אָבער ער שפּאַנט זי גלייך איין אין דער פּראָזע, אין דער דערציילערישער אַקציע, וואָס איז געפירט מיטן ריטם פון לעבעדיקער האַנדלונג.

כ'האָב נישט די כוונה צו באַהאַנדלען דאָ דעם רייכן אינהאַלט פון ראַפּפּס דערציילונגען, אָבער איך וויל באַטאָנען, אַז זיינע דערציילונגען, הגם זיי זענען דורכגענומען מיט פּאָעזיע, פאַרלירן זיי אָבער נישט דעם פּראָזאַישן נערוו און זענען דורכויס רעאַליסטיש. אמת זיין פילבאַר אויער כאַפּט אויף די שטילע אומעטיקע מעלאָדיעס, וואָס ער הערט אינעם גורל פון זיינע העלדזן, ווי מאַריע, די פּוילישע פרוי מיטן יידישן מאַן; דער שומר פון פרדס, וואָס מאָלט אָראַנזשן־ביימער און איז פאַרליבט אין דער יונגער לערערין. ראַפּפּ פילט זיי אין זייער זינגעדיקער שטילקייט און צווינגט אונדז איינצוהערן זיך אין איר, ווי אין זיין דערציילן, ווי אין זייערע רייד און אין זייער שווייגן. די מענטשן זיינע רירן אונדז, נעמען אונדז דורך מיט דער שטימונג, אָבער דערביי באַקענט אונדז ראַפּפּ, אין גאַנג פון דער אַקציע, מיט אַ וועלט, וואָס איז אונדז טאַקע נאָענט, אָבער פריער האָבן מיר געהאַט נאָר אַ שוואַך בילד וועגן די מענטשן, וועגן זייער אינעווייניקסטן גאַנג אין לעבן.

ראַפּפּ ווייזט זיי אונדז אין רעאַליסטישע האַנדלונגען און גלייכצייטיק זינגט ער ממש אויס דאָס טראַגישע געפיל פון די מענטשן, איינזאַמע און בענקענדיקע, אָבער ער ברענגט זיי אַרויס לעבעדיק, ווי אַ בעלעטריסט פון גרויסן שניט, מיטן כוח צו פאַרפלאָנטערן און אויפפּלאָנטערן אַן ענין, צו פירן אַ דיאַלאָג און דעררעדן זיך צו תוכיקע זאַכן, שאַפן קאָנפליקטן און אַרויסברענגען טראַגישע אמתן.

געטע האָט אין זיינע שמועסן מיט עקערמאַנען איינגעטענהט, אַז עס איז אַ גרויסע ריזיקע פאַר אַ פּאָעט צו נעמען שרייבן פּראָזע, אָבער אַלע שאַנסן אַרויסצוגיין גאַנץ פון דער געפאַר האָט דער פּאָעט, וואָס זיינע לידער זענען אַנגערעגט פון צוזאַמענשטויסן, און אינצידענטן אין רעאַלן לעבן. דער וואָס פליט אין די הימלען, האָט נישט קיין צייט צו לעבן, נאָר דער פּאָעט, וואָס האָט דעם קאָנטאַקט מיטן וואָכעדיקן לעבן, פילט בעסער דאָס לעבן און אים שרייבט זיך בעסער. מען קען מיינען, אַז געטע האָט געהאַלטן פּראָזע פאַר אַ מער וואָכעדיקן ענין פון פּאָעזיע, אָבער אין די זעלבע שמועסן מיט עקערמאַנען איז געטע בכלל מבטל דעם אונטערשיד צווישן פּאָעזיע און פּראָזע. ער זאָגט, און מען דאַרף עס נישט אָננעמען פאַר אַ פּאַראַדאָקס, אַז דאָס איינציקע, מיט וואָס פּראָזע איז טאַקע עפּעס אַנדערש, איז מיט דעם וואָס שלעכטע פּראָזע האָט מער באַרעכטיקונג פון שלעכטער פּאָעזיע . . . פּראָזע קאָן בלייבן נאָר אַ מיטל צו פאַרשטענדיקן זיך. פּאָעזיע נישט. אין דער ערגסטער פּראָזע קאָן מען עמעצן וואָרענען פאַר אַ געפאַר, מען קען אינפאָרמירן, איבערגעבן ידיעות. דאָקעגן שלעכטע פּאָעזיע איז לגמרי נישט צום נוצן, איז אַבסאָלוט שעדלעך. דאָס איז ריכטיק, אָבער נאָר לגבי שלעכטער פּראָזע און שלעכטער פּאָעזיע. צווישן די ביידע איז זיכער דאָ אַן אונטערשיד. דאָקעגן איז נישטאָ קיין אונטערשיד לגבי פּראָזע, וואָס איז עכטער און ריינער אויסדרוק פון גייסט און פאַרברויכט דעם זעלבן שטאָף וואָס פּאָעזיע.

עס וועט אָבער זיין נישט ריכטיק אין גאַנצן צו נעגירן דעם אונטערשיד צווישן פּאָעזיע און פּראָזע. עס איז אינטערעסאַנט היינעס זאָג: „פּאָעזיע אַנטפּלעקט יעדעס מאָל די וועלט אַ נייע, זעט זי אין אַלץ נייע אַנטפּלעקונגען, פאַריונגערט זי. פּראָזע, פאַרקערט, מאַכט בולטער יעדן קנייטש פון דער וועלט, וויל זען די פעלערן. וואָס מער מען קוקט זיך איין, אַלץ מער קנייטשן און אַלץ מער פעלערן זעט מען, אַלץ וויניקער שיינקייט". זיכער איז פאַראַן אַ געוויסער אמת אין דעם וואָס היינע זאָגט, אָבער אמת איז אויך, אַז עס זענען פאַראַן ווערק, אין וועלכע פּאָעזיע און פּראָזע זענען אַזוי צונויפגעגאָסן, אַז זיי ווערן כמעט איינס און דעמאָלט האָבן זיי אין זיך די מעלות פון ביידע, אי פון פּאָעזיע אי פון פּראָזע. נישט איין מאָל טרעפן מיר זיך אָן אויף גוטע פּראָזע־ווערק און מיר פילן ווי זיי אָטעמען מיט פּאָעזיע. דאָס איז די פּאָעזיע וואָס קומט פון אינעווייניק, פון אינעווייניקסטער שיינקייט.

דערפאַר איז אויך די פּאָעזיע פון נחמן ראַפּפּס דערציילונגען נישט קיין צופעליקע און אפילו נישט אַן ענין פון בלויז ליטעראַרישן טאַלאַנט. ראַפּפּ געהערט צו די שרייבער, וואָס פּאָעזיע איז ביי זיי אַ דבר שבקדושה און וויפל ער זאָל נישט אָפּגעבן זיך מיט דער רעאַליסטישער שילדערונג, פילט מען אַלץ דעם פּאָעט, דעם פּאָעזיע־קינסטלער, און דאָס איז נישט אויף צו מינערן די פּראָזע, נאָר פאַרקערט, געבן איר מער קראַפט און פאַר־

שענערן דאָס געשילדערטע. אין רעזולטאַט איז עס גוטע פּראָזע. לאָמיר עס אָננעמען פֿאַר אַ כּלל, אַז אַן פּאָעזיע קאָן מען נישט זיין קיין גרויסער פּראָזאַיקער און אַז די ווערט פֿון פּראָזע ווערט געשאַצט מיט דער מאָס פֿון אירע פּאָעטישע עלעמענטן. וויפֿל פּאָעזיע דאָס פּראָזאַישע ווערק פֿאַרמאָגט אין זיך — און דאָך זאָל איר קינסטלערישע סובסטאַנץ בלייבן עכטע פּראָזע. מיר האָבן עס אין ראַפּפּס דערציילונגען. ביי דער גאַנצער פּאָעזיע און ראָמאַנטישע שלייערן איבער די שילדערונגען איז דאָך ראַפּפּס פּראָזע אַ פֿולע און געזונטע. יעדע געשטאַלט, יעדע סיטואַציע איז אויפֿגעבויט מיט האַנדלונג, מיט אַקציע, מיט שרייבערישן פֿאַרנעם, מיט די שריפֿטשטעלערישע מעגלעכקייטן אַ שווים צו טאָן סיי אין ווייטן עבר, אין די תּנ״כישע צייטן און פֿון דאָרט אַרויסברענגען נאָענטע געשטאַלטן, און סיי אין דער קעגנוואַרט, אין דער גרויער ווירקלעכקייט, און געפֿינען אין איר די פֿונקען פֿון גרויסע וויזיעס, ווייזן די מענטשן אַזוי ווי זיי זענען, אָבער מיט אַ פּאָעטישער פֿילבאַרקייט און מיט דער איבערצייגנדיקער קראַפֿט פֿון אמת.

נחמן ראַפּפּ האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער פּראָזע ווי צו אַ קוואַל מים חיים, מיט מער דיסטאַנץ צו זיך, מיט ישוב הדעת און חכמה, און זיינע דערציילונגען האָבן אַן אינעווייניקסטע געבונדנקייט, זעצן פֿאַר איינע די אַנדערע און שאַפֿן אַ געוויסע גאַנצקייט, וואָס דורך איר גייען פֿאַרביי אַפּגעראַטעוועטע לעבנס און טראָגן אין זיך דעם אומקום אין אַלע סיטואַציעס, עס איז דאָס, וואָס דער דיכטער האָט אין זיך לאַנג אַרומגעטראָגן און האָט געקראָגן אַ קינסטלערישן תּיקון אין פּראָזע, אָבער ווי אין זיין פּאָעזיע פֿילט מען אויך אין די דערציילונגען דעם גלי, וואָס שמעלצט איבערלעבונגען און פֿאַרוואַנדלט זיי אין דראַמאַטישע בילדער, און וויפֿל דער אינעווייניקסטער טאָן זאָל נישט זיין דורכגענומען מיט עלעגיע, בלייבן אָבער די זאַכן, וואָס ער שילדערט, רעאַליסטיש־קאָנקרעט. מען דאַרף צוגעבן, אַז אַן אויג פֿאַר רעאַליטעט, חוש פֿאַר דער ערד ווי פֿאַר דעם הימל, באַווייזט ראַפּפּ אויך אין זיינע לידער. אין דער פּראָזע איז די רעאַליטעט שטאַרקער, אינטענסיווער און די קאָנטורן פֿון די פּאַסירונגען ווערן נישט צעשווימען אין דער שטימונגס־פֿולער אַטמאָספֿער. די מענטשן, אפֿילו די זייטיקע, בלייבן אָנזעעוודיק. זיי ווערן געשילדערט פֿאַרביק, מיט אַ שיין פֿון דערהויבנקייט, אָבער דאָס איז נישט סותר דעם מעטאָד פֿון עכטן רעאַליזם און די געשטאַלטן זענען אַ דאַנק דעם נישט קיין ראָמאַנטישע שאָטנס, נאָר מענטשן פֿון בלוט און פֿלייש, עכטע, לעבעדיקע.

די מעלה פֿון ראַפּפּן דעם דערציילער איז נישט בלויז, וואָס ער זעט אפֿילו דאָס ווייט־פֿאַרגאַנגענע ווי לעבעדיק פֿאַר די אויגן, נאָר אויך דאָס וואָס ער קאָן דאָס קעגנוואַרטיקע דערווייטערן, כּדי אַרויסצוכאַפּן דעם סאַמע עיקר אין אַ מין פּאָעטיש־אויפֿגעלויכטענעם רעאַליזם.

די גוטע פּראָזע, טאָקע אַזאַ פּראָזע ווי ״אָראַנזשן אין שניי״, איז אויך אַן אויסגעצייכנטע באַשיצערן פֿון פּאָעזיע. אַזעלכע דערציילונגען, אין וועלכע דער שרייבער געפֿינט יענע ליניע, ווו פּאָעזיע און פּראָזע קומען זיך צונויף, ווערן איינס, זענען די בעסטע גאַראַנטיע פֿאַרן קיום און פֿאַרן אייביקן דורשט נאָך פּאָעזיע.

## מ. וואַלדמאַן

# לזכר צוויי שרייבער פון פּאַריז

### 1. באַרווין פרענקעל — דער שרײַבער און קינסטלער

ווי״ל איז די יעניקע וועלכע קענען זײַן פרײַנד. געבן פון זיך דאָס וואַרעמע געפיל, וואָס פאַרוואַנדלט זיך שפּעטער אין — בענקשאַפט. מיר זענען אַלע עמפּינדלעך אויף דער דאָזיקער געבענטשטער מתנה, וואָס דערנענטערט איינעם צום אַנדערן.

באַרווין פרענקעל האָט געקענט זײַן אַ פרײַנד. און ער איז עס געווען צו די וואָס ער האָט אויסגעוויילט.

דער ערשטער קאָנטאַקט מיט עמעצן איז אָפט באַשטימענדיק — פאַר נאָענט־קייט, אָדער דערווייטערטקייט. איך מיין דאָס אינעם זין פון פרײַנדשאַפט. באַקאַנטשאַפט האָט שוין אַן אַנדערן מעסטער.

געדענק איך גוט יענע ערשטע באַגעגעניש, אין רעדאַקציע פון ״אונדזער שטימע״, ווען איך בין געקומען אין פּאַריז — אין דעצעמבער 1948. אַ פרעמדער איז געזעסן פאַר אַ פרעמדן. אָבער יעדע פרעמדקייט איז פאַרשוווּנדן דורך דעם אינטערעס פונעם גאַסט־אויפנעמער, צום געקומענעם פון פּוילן. באַרווין ב. פרענקעל האָב איך געוווּסט איז זײַן נאָמען. און ער האָט געוואָלט וויסן פון מיר, דעם גאַסט, וואָס מערער. דער אײַנגעוואָרצלטער אין פּאַר״ז, האָט געוואָלט הערן, וועגן דעם וואָגל־וועג; וועגן די איבערלעבונגען; געוואָר ווערן און וויסן וועגן מײַן שרײַבן וואָס ער האָט נישט געקענט; און דער עיקר — וועגן די פּלענער שרײַבע־ריש צו קומען צום אויסדרוק. וואָס וועל איך דאָ טון?

יאָ, מען קען אַן ערשט באַגעגנטן דערקענען — אינעם אופן פון זײַן אַנטקעגן גיין, דעם אַנטקעגן געקומענעם.

באַרווין פרענקעל איז איבער דער יידישער וועלט געבליבן מערער באַקאַנט ווי אַ שרײַבער. דורך זײַן יאָרן־לאַנגער נאָענטער מיטאַרבעטער פון ״אונדזער שטימע״. דאָרט איז ער געווען דער ליטעראַטור און קונסט־קריטיקער. ער איז פאַר דער יידישער וועלט געווען אַן אַדרעס צו וועמען שיקן אַ נײַ בוך. שרײַבער האָבן געוואַרט אויף זײַן וואָרט — איך צווישן זיי. און זײַן אָפּשאַץ איז געווען אָנגעלייגט. מען האָט אָנגעשטעלט דאָס אויער צו הערן זײַן מיינונג.

ווי אַ שרײַבער מיט אַ פּאַרטיפּטן טראַכטן האָט ער געהאַט זײַנע אייגענע מאָסן. נישט אַלצדינג האָט ער אויפגענומען אָביעקטיוו, מיט אַ דיסטאַנץ פאַר

באַטראַכטונג. ער איז געווען דווקא סוביעקטיוו, וואָס כמעט יעדער פון אונדז איז עס. אין דעם פאַל קומט מען אָבער אויך צו אַן איבערוואָג, וואָס קאָן פירן צו אַ טעותדיקן אָפּשאַץ. זעלטן טאַקע, אָבער עס איז מעגלעך.

אין אַלגעמיין איז באַרווין פרענקעל געווען פון די פּאָזיטיווע אָפּשאַצער. ער האָט מיט וואַרעמקייט און אָנערקענונג צוגעטראָגן זײַן וואָרט צו יעדן שאַפער — אין דער וואָרט־קונסט, ווי אין דער פּלאַסטישער קונסט.

איך לאָז פאַרבײַ לויפן פאַר מײַן אויג יענע אַלע פּאָזיטיווע אָפּרופן וועגן אָנפאַנגערישע טאַלאַנטן, אָדער אומבאַקאַנטע שאַפערס. שרײַבער און מאַלער, זינגער אָדער אַקטיאָרן. אומיטלבאַר, לויט דעם רושם פון געהערטן אָדער געזעענעם — האָט ער געשאַצט, אָפּגעשאַצט און מיט וואַרעמקייט געזאָגט זײַן וואָרט. און זײַן קריטישער חוש איז געווען אַן אַנטוויקלטער. איך וואָלט געקענט אויס־רעכענען אַ סך אַזעלכע יונגע וועלכע ער האָט מזל־ברכהדיק געהאָלפן קלעטערן אויף זייערע אייגענע לייטערס — צום קינסטלער־ישן אויסוואַקסן. אָבער זײַן אויפנעם־וועלט איז געווען נאָר "יענע" וועלכע האָט אים געפירט, עמאָציאָנעל, צו איבערלעבן, געניסן. במילא — צו טראַכטן און באַטראַכטן.

ערלעך צו מײַן נאָענטן־חבר־פרײַנד, מיט וועמען גישט ווייניק שרײַבער און קינסטלער "באַרעדט" — צום תוך פון זייער שאַפן — האָבן מיר נישט ווייניק מאָל, נישט גלײַכמאָסיק אויפגענומען. אָבער זײַן מיינונג איז געווען באַקרעפטיקט מיט אַ פאַרטיפטער אַרגומענטאַציע.

באַרווין פרענקעל איז דער מחבר פון צוויי קלענערע ביכער. "אין שאָטן פון מעטשעטן", אַ רעפּאָרטאַזש וועגן אַ רײַזע קיין מאַראָקאָ. און דאָס בוך "מיט ייִדישע קינסטלער". איינס ווי דאָס אַנדערע פון אַן ערנסטן ווערט און באַדײַטונג. ביידע ביכער וואָלטן מערער געדאַרפן צו זײַן באַקאַנט צוליב דעם באַהאַנדלטן שטאָף, וואָס אין ביידע קליינע ווערק איז פאַראַן דאָס באַזונדער אַנטפּלעקערישע און באַלערנדיקע. אין ביידע ווערק, כאָטש אינהאַלטלעך־סיוזשעטיש באַהאַנדלען זיי אַנדערע טעמעס און אַנדערע פּראָבלעמען, ווערן מיר אָבער באַרײַכערט דורך באַרווין־פרענקעלס זען און באַטראַכטן. דורך זײַן זוכן אַן ענטפער אויף זײַן אַליין געזוכטן ענטפער פאַר די פּראָבלעמען מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט.

מיר איז געבליבן טיף אין זכרון יענע ערשטע רײַזע קיין ישראל, ווען מיר זענען פאַרבעטן געוואָרן — זעקס שרײַבער — קיין ישראל: ד״ר יעקב צינעמאַן, לייזער דאַמאַנקעוויטש, בער קוטשער, באַרווין פרענקעל — און אויך איך און דר' מיכאל באַרוויטש. מיט באַרווינען בין איך געווען מערער צוזאַמען. און איך האָב אים אָבסערווירט. מיט אַלע חושים איז ער געווען וואַך. דער שרײַבער און דער מאָלער אין אים האָבן אי בילדעריש־אָפּטיש און אי רעפלעקסיוו־אָבסערוואַ־טאָריש זיך כסדר דערגאַנצט אין אַ טיפערן באַטראַכטן — דאָס אַלט־שטייגערישע און היסטאָרישע ווי דאָס נײַ־אויפקומענדיקע וואָס האָט געגרינט פאַר אונדז.

אין זײַן "אין שאָטן פון מעטשעטן" דערקענען מיר שוין בײַם סאַמע אָנהייב

פון דערציילטן דעם דאַזיקן כאַראַקטער־שטריך. מאָלן אַ לאַנדשאַפט, צייכענען אַ בילד — ווי אַרײַנפירן אין דער היסטאָרישער אַטמאָספערע פון די ייִדן אין די "מעללאָס".

ווען באַרווין־פּרענקעל האָט געשריבן וועגן ייִדישע קינסטלער האָט ער געזוכט ביי אַלעמען די תשובה וועלכע האָט אים געמאַטערט. ווען ער האָט פאַר זיך גופא געזוכט די תשובה: איז פאַראַן אַ ייִדישע קונסט? מיט וואָס דריקט זיך דאָס אויס — אויב יאָ? וועלכע זענען די סימנים? — און דאָס קליינע בוך פון אַ גרויסן ווערט, האָט אונדז דורכן מויל פון אַ גאַנצער ריי באַדײַטיקע קינסטלער געגעבן אַ תשובה. יאָ. פאַראַן אַ ייִדישער חותם.

ווייסן מיר דאָך אויך, אַ באַרווין־פּרענקעל איז געווען אַ קונסט־שאַפער. אָנגעהויבן ווײַט־ווײַט צוריק, נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן. אין יענער צײַט איז דער "צײַט־מאָטיוו" אַן אינספּיראַציע פאַר זײַן שאַפן. אָבער די האַרבע צײַט פון חורבן, פון "שואה", האָט צו שטאַרק אויפגערודערט דעם קינסטלער. די רויטע פײַערן פון ברענענדיקע הײַזער און שטעט, די אויסגעליידיקטע פאַרשטומטע היימען, האָבן באַרווינען געמאַטערט, אַרײַנזינגענדיק אין זײַנע נעכט דעם געוואַי פון ווינטן איבער ליידיקע פעלדער. נאָר דער איינזאַמער נע־ונדער ייִד איז "דאָרטן" פאַראַנען. און דעם דאַזיקן נע־ונדן וואַנדערער האָט ער געבריינגט פאַר אונדז אין אַ פּלאַסטישן אויסדרוק, וואָס צערודערט אויך אונדזער געמיט. שאַפט דעם אומרו.

אַ סך מערער איז פאַראַנען צו זאָגן וועגן באַרווין־פּרענקעל. דעם מענטש און קינסטלער. דעם איבערגעגעבענעם חבר־פרײַנד, וואָס די לאַנג־שעהיקע שמועסן פעלן, פעלן — און וועלן שוין פעלן ביז תמיד.

## 2. אַ באַגלייט־וואָרט דעם באַגלייטער — יחזקאל קאַרנהענדלער

אַ באַשיידענער מענטש איז ער געווען. מיט וואַרעמקייט, פרײַנדשאַפט צום מיט־מענטש. אין זײַנע יונגע יאָרן האָט די דאַזיקע מעלה אים געפירט צו די אַנאַרכיסטן. שאַפן אַן אידעאַלע געזעלשאַפט, ווו איינער זאָל נישט זײַן דער באַלעבאָס איבערן צווייטן.

ווי שיין עס איז דער חלום. אויך מיר האָבן דאָך ענלעך געטרוימט.

און אַז יחזקאל קאַרנהענדלער, נאָך אַלע שווערע איבערלעבונגען, וואָס ברענגט מענטשן צו פאַרביטערונג, איז אַוועק פון אונדז — אַ גלייביק־בלײַבנדיקער. געטראָגן אין זיך טיף שיינע ירושות, דערהויבן־ייִדישע מידות.

ער איז געווען אַ שרײַבער מיט אַ ברייטער גאַמע פון פאַראינטערעסירטע טעמעס. איין טעמע ספּעציעל אָבער איז געווען זײַן שוואַכער־פּונקט. די פאַר־אינטערעסירונג וואָס האָט אים קיין רו נישט געגעבן — די געשיכטע פון ייִדן אין פּאַריז". אויף די דאַזיקע שפּורן איז ער געגאַנגען, זייער לעבן אין ווײַטן אַמאָל,

דאָס האָט אים אַמשטאַרקסטן פאַרנומען. מען מעג אפילו זאָגן — פאַסיאָנירט. ער האָט געזוכט אין ווײַטן עבר און אַנטדעקט די געבליבענע מאָנומענטן, ווו ייִדן, אין פאַרשידענע צײַטן, האָבן געלעבט, פּלעצער ווו זיי האָבן אויך נישט ווייניק געליטן. דורך די יאָרהונדערטער, דאָרט געהאַט אויסצושטיין נישט ווייניק פּײַן און מאַטער, נגישות פון פאַרשיידנסטן כאַראַקטער.

יחזקאל קאַרענהענדלער, אַליין אַ ווילּיקער צו דערקענען דעם יחוס פון פראַנצויזישן ייִדנטום, האָט געזוכט מצבות. געניִשטערט צווישן אַלטע חפצים, זיך געגריבלט אין אַלטע ספרים אויך מיט לאַטייניִשע אותיות געשריבן. אָבער מערער — געזוכט די ממשותע איבערבלײַבן פון אַ פאַרשוווּנדן לעבן. אַרויסהייבן די ליכטיקע געשטאַלטן — וואָס אויך מאַרטירער זענען עס געווען — וועלכע האָבן דעם ישוב באַשײַנט.

און אַזוי איז קאַרענהענדלער געוואָרן אַ וועגווײַזער צו פאַרשאַטנטע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן געפּירט צו פאַרשאָטענע איבערבלײַבענישן.

אין אַ הספד־מאמר פון שמואל איזבאַן, אַ נאָענטער פרײַנד, האָט דער שרײַבער טרעפלעך באַצייכנט קאַרנהענדלערן: „דער באַזינגער פון די פאַרשטויבטע שיינקייטן פון פּאַריז". שמואל איזבאַן, וועלכער איז אין פּאַריז געפירט געוואָרן דורך קאַרענהענדלערן איבער די אומבאַקאַנטע גאַסן און געסלעך, ווו אין ווײַטן אַמאָל האָט עקזיסטירט ייִדיש לעבן — האָט ריכטיק אָפּגעפילט און אָפּגעשאַצט קאַרענהענדלערס ירושה.

עטלעכע אַזעלכע פאַרליבטע וועגווײַזערס האָט דאָס ייִדישע פּאַריז געהאַט און האָט ביז הײַנט. צווישן זיי, אויף לאַנגע יאָרן, דעם עסעיסט מ. ליטווין. אַליין, קודם־כל, פאַרליבטע אין דער פּאַריזער שיינקייט.

יחזקאל קאַרענהענדלער וועלכער האָט אין פּאַריז געלעבט אַרום זעכציק יאָר, האָט ליב געהאַט די שטאָט. ער האָט זיך געגערט מיט איר שיינקייט, וואָס האָט אים געגעבן דאָס געפיל פאַר עסטעטיק; וויסן און קולטור. דאָס געפיל פאַר קונסט. יאָ, פאַראַן זיך וואָס צום לערנען אין פּאַריז — און פון די פראַנצויזן, וועלכע האָבן זייערע שיינקייטן באַשאַפן און אַנטוויקלט. געגעבן דעם בײַשטײַער פון גרויסע גייסטיקע ווערטן.

דער זוכער פון שיינקייט, וועלכע פּאַריז פאַרמאָגט — און גערטנער און סקווערן; פּלעצער, וואָס צעשטראַלן זיך איבער די אַוועניס און בולוואַרן; גאַסן און געסלעך אפילו — אויסער די מוזייען — די דאָזיקעווירקלעכקייט האָט קאַרענהענדלערן אויף אַזוי פיל באַגייסטערט, אַז ער איז געוואָרן אַ „גיד". אַ מדריך, אַ לעקטאָר אויף עקסקורסיעס, וואָס ייִדישע געזעלשאַפטן האָבן אָרגאַניזירט פאַר „נײַ־געקומענע" — צו באַקענען די ייִדן פון מזרח־אייראָפּע, מיט די היסטאָרישע מאָנומענטן — און ייִדישע באַזונדער — ווי אויך די אוצרות פון קונסט־שאַפונג.

דאָס איז דער אָנהייב־קאַפּיטל אין קאַרענהענדלערס שעפערישן גאַנג אין פּאַריז און וועגן פּאַריז. האָט ער טאַקע דאָ אָנגעהויבן?

ניין. זיין דעביוט איז גאָר געווען מיט אַ פּאָלעמישן עסיי וועגן י. ל. פּרצן.

שפּעטער מיט אַ נאָוועלע וועגן „ישי". אין גאַנג פון דער צײַט, זענען געקומען די פּאַרצײכענונגען וועגן פּאַריז און וועגן ייִדישע מאָנומענטן.

יחזקאל קאָרענהענדלער איז פאַר דער ייִדישער וועלט געווען אַן אַדרעס. צו אים האָט מען זיך געוואַנדן אין די ענינים, בשעתו — ייִדן און פראַנקרײַך. און ווען מען פון די חשובע געסט — שרײַבער, קינסטלער, עסקנים, אָדער סתם נײַגעריקע ייִדן, האָט יח. קאָרענהענדלער נישט געפירט ווײַזן — וואָס עס איז פאַראַן צו זען און פון וואָס צו לערנען. וואָס נייטיק צו קענען און דערקענען. מיט זיי אַלע האָט ער זיך געטיילט זײַן באַגײַסטערונג. די באַלױנונג איז געווען — די געוווּנענע פרײַנדשאַפט. אומעטום האָט מען מיטגענומען די דאַנקשאַפט פאַר קאָרענהענדלערן, וועלכע האָט פאַר זײַנע „געסט" געעפנט די טויערן פון שיינקייט, וואָס פּאַריז פאַרמאָגט. „געעפנט" די פאַרבאָרגענע היילן, וווּ אין שטויב ליגט באַהאַלטן דער ייִדישער עבר.

יחזקאל קאָרענהענדלער איז געווען אַ שרײַבער וועמען עס האָבן אינטערעסירט פאַרשידענע טעמעס און ס׳ויזשעטן, אָבער קודם־כל — די געשיכטלעכע עפּיזאָדן פון ייִדן אין פראַנקרײַך. אָבער אויך די נאָוועלע איז אים געווען נאָענט. און דער עסיי. די פאָרטרעט־צײכענונג פון שרײַבער, און מאָלער. ווי אַ זאַמלער פאַר „ייוואָ", האָבן אים פאַרשידענע „קוריאָזן" פאַראינטערעסירט.

דער שטיל־באַשיידענער יח. קאָרענהענדלער האָט זיך אויך געקענט אָנהייצן צו אַ פּאָלעמישן געפעכט, מיט דער האַרבקייט פון אַ קנאי. די גרויסע פרייד זײַנע איז אָבער געווען, ווען ער האָט דערציילט וועגן די וועמען ער האָט פאַרערט. דאָס פילט מען אַרויס אין זײַנע ביכער וועגן ראַשעל, די גרויסע טראַגיקערין אויף דער פראַנצויזישער בינע, ווי סאַראַ בערנאַרד, וועלכע האָט איבערגעלאָזן אַ טיפע השפּעה אין דער טעאַטער־קונסט בכלל.

אויסער זײַנע „בריוו פון לעקטור", וועלכע ברענגען אַרויס פּערזענלעכע איבערלעבונגען בעת דער אָקופּאַציע אין אַ פּאַרוואָרפן ווינקל אין פראַנקרײַך, האָבן דעם שרײַבער אינטריגירט געוויסע „אויסטערלישע טעמעס", וואָלט איך געזאָגט, אַ פאַנטאַסטיק וועלכע האָט גערייצט זײַן פאַנטאַזיע. און פאַראַן ביי אים אַזאַ בוך פון „אויסטערלישע געשיכטעס", וואָס פאַראינטריגירט דעם לייענער. איין אינטערעסאַנטע מעשה, וואָס ער האָט מיר מיט יאָרן צוריק דערציילט, האָט ער, צום באַדויערן, קיין מאָל נישט אויפגעשריבן. דאָס האָט געפאָדערט, ווײַזט אויס, אַ ברייטערע ראַם. וויפל מאָל איך נישט דערמאָנט וועגן דעם, האָט ער געענטפערט: ס׳וועט נאָך קומען, אַ מעשה מיט אַ פעלד, ביי אַ ברעג פון ים.

אין 85סטן יאָר איז ער אַוועק פון אונדז. נאָכן טויט פון זײַן איינציקער טאָכטער, שרה, אַן אַרטיסטן אין פראַנצויזישן טעאַטער (וועלכע האָט גערן געוואָלט שפּילן אין ייִדיש — און נישט געהאַט קיין בינע) — האָט קאָרענהענדלער אָנגעהויבן קרענקען. זיך געלאָשן, געלאָשן — און אויסגעגאַנגען.

צוויי טעג פאַר זײַן פאַרגיין, האָב איך אים געזען. אָפּגעשוואַכט, אַ קוים־זיך־האַלטנדיקער. זײַן קול אַ זינגעוודיקס. פּלוצים דערזען זײַנע בלייכע, ליכטיקע

הענט, אַזעלכע איידעלע, ווי פון אַ מוזיקער, אַ פידלער אָדער פּיאַניסט, שמאָלע הענט, מיט לאַנגע פינגער. צום ערשטן מאָל זײַנע הענט דערזען.

איז גוט געשען, וואָס צו קאָרענהענדלערס 80 יאָר, האָבן פרײַנד אין פּאַריז צוגעטראָגן דעם שרײַבער אַ מתּנה, זײַנעם אַ ביוסט, וואָס דער סקולפּטאָר מיכאל מילבערגער האָט געשאַפן. אַ פּרעכטיקער פּאָרטרעט.

אויף דער מסיבה בײַם שרײַבער י. פינער־בורשטין, האָב איך געהאָט דעם כבוד צו דערעפענען און פירן דעם יום־טובדיקן צוזאַמענקום. איך האָב אין דעם ווערק דערזען אַז דאָס איז געשאַפן אין אַזאַ פּאַרעם, וואָס דערמאָנט אַ פידל. וויפל מאָל געזען דעם ביוסט, האָט עס זיך מיר מערער באַשטעטיקט. ווײַזט אויס, אַז מילבערגער האָט אַרויסגעפילט דאָס לירישע ניגונדיקע בײַ קאָרענהענדלערן.

ווען כ׳האָב צום לעצטן מאָל געזען זײַנע דורכזיכטיק בלאַסע, שמאָלע הענט, איז מיר קלאָרער געוואָרן דאָס תּוך־דערהויבענע, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך.

דערפאַר אפשר האָט ער זיך אַזוי פּאַסיאָנירט אויך מיט שיינקייטן וועלכע ער האָט געזוכט אין פּאַריז; געזוכט איבעם עבר פון יידישן זײַן אין פראַנקרײַך. און געלאָזט האָט ער אונדז ווערק, וואָס פירן אַרײַן אין אַט דער פאַרשווונדענער וועלט. דערמיט איז געליכטיקט זײַן נאָמען.



## באַס, דוד

געבוירן דעם 10טן יוני 1914 אין האַראַדישטש, מינסקער גובערניע (פאַר די פאַליאַקן נאַוואַרעדקער וואָיעוודזטווע). געענדיקט אַ העברעישע עלעמענטאַרע שולע אין מייטשעט (מאַלטשאַד אין דער זעלבער סביבה).

פון 1928 ביז 1932 געלערנט אין העברעישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. פון דאַן ביז 1939 געאַרבעט ווי אַ לערער אין העברעישע שולן.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין סאָוועטישן אוזבעקיסטאַן. אין 1946 זיך עוואַקואירט פון רוסלאַנד, פאַרבראַכט אַ קורצע צייט אין פוילן און אָנגעקומען, מיט דער הילף פון דער "בריחה", קיין עסטרייך. געאַרבעט דאָרט אין די שארית־הפליטה־לאַגערן ווי אַ לערער ביז 1951. אין דעם יאָר אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. געאַרבעט אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן ווי אַ ניט־קוואַליפיצירטער אַרבעטער. דורך דער צייט באַזוכט און גראַדואירט דעם ניו־יאָרקער יידישן לערער־סעמינאַר.

אין 1954 אָנגעהויבן אַרבעטן אין די בשותפותדיקע דאָקומענטאַציע־פּראָיעקטן פון ייוואָ און יד־ושם. מיטגעאַרבעט אין די 10 בענדער פון דער ביבליאָגראַפיע פון יידישע ביכער וועגן חורבן און גבורה, וואָס די פּראָיעקטן האָבן אַרויסגעגעבן. אַזוי ביז 1970.

אין 1971 געקומען קיין ישראל, דאָ געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק פון יד ושם אין קלאַסיפיקאַציע־אָפּטייל. געאַרבעט ביז 1980, פון דאַן — אַ פּענסיאָנער.

**פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן:**

1) ביבליאָגראַפיע פון יידישע ביכער וועגן חורבן און גבורה. ניו־יאָרק, בשותפותדיקע דאָקומענטאַציע־פּראָיעקטן פון ייוואָ און יד ושם. ביבליאָגראַפישע סעריע נומער 11, 1970. 54 זז. 456 ביבליאָגראַפישע איינסן.

2) רשימת ספרי זכרון שיצאו לאור בשנים 1943־1972. תדפיס מתוך יד ושם, קובץ מחקרים בפרשות השואה והגבורה [ט'], ירושלים. 342 ביבלאָגראַפישע איינסן.

3) דערציילונגען. אַרויסגעגעבן פון מחבר; ירושלים, 1982, 208 זז.

אין די יאָרן 1960־1970 געדרוקט ליטעראַרישע סקיצן אין די ניו־יאָרקער צייטשריפטן "פרייע אַרבעטער שטימע" און "יידישער קעמפער".

## באַסמאַן-בן-חיים, רבקה

געבוירן אין ווילקאָמיר (ליטע), 1925. געלערנט אין אַ יידישער פאָלקס־שול און אַ ליטווישער גימנאַזיע. אין צייט פון קריג אין ווילנער געטאָ און אין צוואַנגס־לאַגערן פאַר פרויען. נאָך דער באַפרייונג זיך באַטייליקט אין דער "בריחה"־באַוועגונג אין אייראָפּע. זומער 1947 עולה געווען קיין ארץ ישראל, זיך באַזעצט אין דעם נאָר וואָס געגרינדעטן קיבוץ המעפיל.

נאָך דעם באַפרייונגס־קריג פאַרענדיקט אַ לערער־סעמינאַר און געאַרבעט ווי אַ לערערין אין קיבוץ.

מיטגרינדערין און מיטגליד פון דער גרופּע "יונג־ישראל".

אין 1962 זיך באַזעצט אין הרצליה.

1963־1965 געוויילט אין ראַטן־פאַרבאַנד מיט איר מאַן דעם מאָלער מולה בן־חיים, וואָס איז געווען דער קולטור־אַטאַשע אין דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע.

ביז היינט פאַרעפנטלעכט פיר לידער־זאַמלונגען.

אירע לידער זענען איבערזעצט אין עברית, פלעמיש, פּאָרטוגעזיש, פּויליש, פראַנצויזיש.

באַקומען פּרייזן א.נ. פון אריה שמרי ערשטע פאַרטיילונג, 1980; פּרס פיכמאַן, 1983; מאַנגער־פּרייז, 1984.

## בעלאָוו, אברהם (עלינסאָן)

באַקאַנטער רוסיש־יידישער שרייבער, זשור־נאַליסט, איבערזעצער און רעדאַקטאָר.

געבוירן אין מאָליעוו אויפן דניעפּער (ווייסרוסלאַנד) אין יאָר 1911. באַקומען טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג (חדר, ישיבה), שפּעטער זיך באַזעצט אין לעני־גראַד. פאַרענדיקט די מוזיקאַלע קאָנסער־וואַטאָריע.

15 יאָר געאַרבעט און געדרוקט זיך אין דער סאָוועטיש־רוסישער פּעריאָדיק, בעיקר אין לענינגראַד. מחבר פון אַ ריי וויסנ־שאַפטלעך־פּאָפּולערע ביכער, וועלכע באַ־האַנדלען די געשיכטע פון אשור, בבל, מצרים, איבערזעצטע אויך אין אַנדערע שפּראַכן. זייענדיק נאָך אין רוסלאַנד אָנ־געשריבן אַ בוך וועגן די אַנטדעקטע כתבים ביים ים המלח, פאַרעפנטלעכט שוין אין ישראל. איבערזעצט 15 ביכער פון דער העברעישער ליטעראַטור. אין רוסלאַנד באַ־רימט מיט זיינע רוסיש־איבערזעצונגען פון שלום־עליכמס ווערק און פון אַ ריי פּראָזע־ווערק פון דער עברית־ליטעראַטור. מיט־רעדאַקטאָר פון דעם רוסיש־שפּראַכיקן זשורנאַל "מנורה" (ירושלים).

## הויכמאַן, חיים

געבוירן אין 1908 אין יידישן שטעטל ווער־טיוזשען (באַסאַראַביע). געענדיקט די העב־רעישע גימנאַזיע אין בעלץ. נאָך דער מלחמה — דעם סאָוועטישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין קעשענעוו.

שרייבט אין ביידע שפּראַכן — העברעיש און יידיש. געדרוקט מיניאַטורן און נאָוועלן אין די פאַרשידענע אויסגאַבעס פון פאַר־מלחמהדיקן רומעניע "שורות" און "אודים" (בעלץ), "מן הצד" (קעשענעוו), "נתיב" (בוקאַרעסט), ווי אויך אין "אונדזער צייט" און "צייט־פראַגן" (קעשענעוו).

עולה געווען אין 1973. דאָ געדרוקט נאָ־וועלן אין "דבר", "מאזניים", "על המשמר" און אַריין אין דער אַנטאָלאָגיע פון די באַ־סאַראַבער שרייבער "ערבות ברוח" (תל־אביב, תשמ"א). אין די יידישע אויסגאַבעס געדרוקט אין: "ביי זיך", "בעסאַראַבער יידן", "יידיש־וועלט", "נייע יידישע צייטונג" (תל־אביב) און אין "די צוקונפט" (ניו־יאָרק).

אין 1980 איז אין תל־אביב דערשינען זיין בוך "שקיעת מרחקים"; אין 1985 איז אין תל־אביב דערשינען זיין בוך "סופה ותפניות".

אין 1981 האָט חיים הויכמאַן באַקומען די יעקב פיכמאַן ליטעראַטור־פּרעמיע.

## וואַלדמאַן, משה

געבוירן אין יאָר 1910 אין אָזאָרקאָוו, פּוילן. דעביוטירט אין יאָר 1932. דאָס ערשטע בוך

לידער "פּאַרטונקלטע פּרימאַרגנס" דערשינען אין וואַרשע, 1938. ווען די נאַציס אָקופּירן פּוילן, אין 1939, אַוועק פון וואַרשע צום סאָוויעטיש־אָקופּירטן ביאַליסטאָק, פון וואַנען פאַרשיקט אין קאָמי ס.ס.ר. שפּעטער געלעבט אין בוכאַרע, אוזבעקיסטאַן, ביז דער רע־פּאַטריאַציע קיין פּוילן אין יאָר 1946. מיט־געאַרבעט אין דער יידישער און יידיש־פּוילישער פּרעסע. רעדאַגירט די אויסגאַבע פאַר דער יידישער שול "לאָמיר, קינדער, לערנען".

פון סוף 1948 אין פראַנקרייך — פּאַריז. אַ לענגערע צייט ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פונעם "אַרבעטער־וואָרט". זייט 1950 רע־דאַגירט "פאַר אונדזערע קינדער". ווי דער סעקרעטאַר פון פּאַריזער אָפּטיילונג פונעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אי־ניציִרט און אָנגעפירט מיט דער אויסגאַבע "מיניאַטור־ביבליאָטעק".

אין די יאָרן געדרוקט לידער און עסייען: "יידישע שריפטן", "קיום", "די צוקונפט", "די גאָלדענע קייט", "סביבה" א.א. אַ ריי פון זיינע לידער איבערגעזעצט אין פּויליש, דייטש, פראַנצויזיש, שפּאַניש און העברעיש.

אַרויסגעגעבענע ביכער: "פּאַרטונקלטע פּרימאַרגנס", לידער, 1938; "גאַנג אַרויף צו ירושלים", פּאָעמע, 1976; "איינער פון מאָנפּאַרנאַס", מאָנאָגראַפיע וועגן קינסטלער ז. שרעטער, 1976; "פון אַלע וייטן", לידער, 1980. אין העברעאיש — "כוכבים שקפאו", 1985.

רעדאַגירט אַ זאַמלבוך "ה. לייוויק", 1963; אַ בוך אין פראַנצייזישער איבערזעצונג "ה. לייוויק — פּאָעט יידיש", 1967; אַ קליינע זאַמלונג לידער "אריה שמרי — לזכרון", 1979.

אין 1982 באַקומען דעם "מאַנגער־פּרייז". אין 1983 — אַן אויסצייכענונג פון דער שטאָט פּאַריז.

## פורמאַן, ד"ר ישראל

געבוירן אין 1890 אין שטעטל סערעט (בו־קאָווינע), ווו ער האָט פון זיינע יינגסטע יאָרן זיך פאַרנומען מיט זאַמלען יידישן פאָלקלאָר, דער עיקר גלייכווערטלעך און שפּריכווערטער ווי אויך שטילערהייט גע־שריבן לידער.

נאָך זיינע שטודיעס אין ווין זיך באַזעצט אין טשערנאָוויץ ווי אַן אַדוואָקאַט. אין יאָר 1918 איז בוקאָווינע געוואָרן צו רומעניע. אליעזר שטיינבאַרג איז פון באַ־סאַראַביע געקומען קיין טשערנאָוויץ און ישראל פורמאַן איז געווען איינער פון זיינע מקורבים און מיטאַרבעטער אויפן געביט פון יידישן קולטור־בוי. ער איז געווען דער באַגרינדער און יאָרנלאַנג פאַרזיצער פון טשערנאָוויצער יידישן שולפאַראיין.

אין 1922 אָפּגעדרוקט 66 גלייכווערטלעך אין אַלמאַנאַך, רעדאַגירט פון אליעזר שטיינ־באַרג; אין 1933 אָפּגעדרוקט אַן אַרבעט איבערן עקאָנאָמישן לעבן אין שפּיגל פון פאָלקסווערטל אין "אויפגאַנג" — סיגעט־מאַראַמורעש.

אין 1965, לכבוד זיין 75 יאָריקן יובל איז דאָ אין "ידע עם" דערשינען אַ קורצע אויטאָ־ביאָגראַפיע פורמאַנס מיט אַ צולאָג פון אַ בינטל גלייכווערטלעך.

אין זעלבן יאָר עולה געווען (פון באַקוי, רומעניע), זיך באַזעצט אין ירושלים און מיט באַזונדערן אייפער זיך אַריינגעוואָרפן אין אַרויסגעבן זיין אוצר אויפן געביט פון פאָלקלאָר.

דעם אַרכיוו אין חיפה אונטער דער לייי־

טונג פון דב נוי האָט ער בשעתו איבער־געגעבן איבער פערציק סיפּורי־מעשׂיות און באַרייכערט אונדזער פאָלקס־מעשׂה.

אין קול ישראל האָט ער געהאַט שמועסן איבערן פאָלקסווערטל ווי אויך אָפט רע־ציטירט פון זיינע לירישע לידער.

אין 1967 געשטאָרבן אין עלטער פון 77 יאָר.

אין 1968 איז אַרויס פון דרוק זיין בוך „יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן", וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן און צוגרייטן צום דרוק. מיט זיינע לידער, וואָס ער האָט פּאַראַלעל צו זיין פאָלקלאָר־טעטי־קייט געשריבן, האָט ער שוין נישט באַוויזן זיך מטפּל צו זיין און זיי בילדן היינט זיין עזבון.

## קאַנץ, שמעון

געבוירן אין טשעכאָסלאָוואַקיע (1914), אויפ־געוואַקסן אין קראָקע (פּוילן), געלערנט אין ישיבות. געאַרבעט אין אַ לאָדזשער טעקס־טיל־פאַבריק.

זיין ערשטע דערציילונג פאַרעפנטלעכט אין 1936 („לאָדזער פאָלקס בלאַט"). גע־דרוקט דערציילונגען און אַרטיקלען אין לאָדזשער „קוואַלן", „אות" און וואַרשע־ווער „פאָרויס". בעת דער 2טער וועלט־מלחמה — אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, שפּע־טער — צוריק אין פּוילן. מיטרעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „נידערשלעזיע" (וראָצלאַוו) מיטגעאַרבעט אין „דאָס נייע לעבן" (לאָדזש־וואַרשע), „פאָלקס־שטימע", „יידישע שריפ־טן".

פון 1957 — אין מדינת ישראל. רעדאַק־טאָר פון „טאָג־איין טאָג־אויס" און „אי־לוסטרירטע וועלט־וואָך" (תל־אביב), שפּע־טער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון „לעצטע נייעס". איצט רעדאַקטאָר פון „יידישע צייט־טונג". רעדאַקטירט 15 יזכור־ביכער. פאַר־עפנטלעכט 10 ביכער נאָוועלן, גרעסערע דערציילונגען, רעצענזיעס און עסייען.

## קאָפּע, רבקה (קאָפּעלאָוויטש)

געבוירן אין יאָר 1910 (וואַרשע) — דיכטע־רין, דערציילערין, עסייאיסטין. באַקומען טראַדיציאָנעלע דערציונג, געענדיקט אַן אַרט־שול. פון 1931 — אין פּאַריז.

צום ערשטן מאָל זיך געדרוקט אין דער פּאַריזער „נייע פּרעסע". פאַרעפנטלעכט לי־דער, דערציילונגען, עסייען אין „אונדזער וואָרט", „אונדזער קיום" (פּאַריז), ווי אויך אין פאַרשידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער אין ניו־יאָרק, דרום־אַפריקע, ישראל.

אין בוכפאָרעם: „טוי פון שטילקייט" (לידער, 1951); „אַ נײַ לעבן" (דערציילונ־גען, 1959); „שטערן אין מיין שויב" (לי־דער, 1961); „קאָלירן און קלאַנגען" (לי־דער, 1967); „אינטים מיטן בוך" (עסייען, 1973, צווייטער באַנד — אין יאָר 1983); „סימפאָניע אין ווינט" (לידער, 1978).

## קאַראַ, י. (איציק שוואַרץ)

געבוירן אין פאַדעלוי, רומעניע, אין יאָר 1906. באַקומען טראַדיציאָנעל־יידיש דער־ציונג. אין יאָר 1936 געענדיקט דעם טשער־נאָוויצער אוניווערסיטעט (פילאָלאָגיע). דע־ביוטירט מיט אַ דערציילונג אין אי. פאַנערס „קאַנטשיק" (1929). בעת דער אַנטי־נאַצי מלחמה געקעמפט אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי.

פאַרעפנטלעכט עסייען און פאָרש־אַרבעטן וועגן יידישן טעאַטער און פאָלקלאָר אין

פאַרשידענע יידישע צייטשריפטן אין טשער־נאָוויץ, סיגעט, בוקאַרעשט, וואַרשע, ניו־יאָרק, פּאַריז, תל־אביב.

מיטרעדאַקטירט די קליינע אַנטאָלאָגיע "נייע יידישע ליטעראַטור" מיט לאַטייניש אותיות (טשערנאָוויץ, 1934), אַרויסגעגעבן אַ ריי ביכער דערציילונגען, בילדער און סקיצן, קאַטאַלאָג פון אַלטע ביכער אין יאַסער שטאָט־ביבליאָטיק (צוויי בענד), אַ לערנהעפט פאַר יידישער גראַמאַטיק און אַנד.

ווינט אין בוקאַרעשט.

## שוואַרץ, שלמה (טשאַרני)

געבוירן אין יאָר 1907 (קאָבלין, לאָמזשער גוב.). יידיש־ענגלישער דיכטער. געלערנט אין חדר און אין אַ פּוילישער שול. פון 1920 — אין פש"א. געענדיקט ספּעציעלע קורסן פאַר זשורנאַליסטיק און ליטעראַטור אין שיקאַגער אוניווערסיטעט. צום ערשטן פאַרעפנטלעכט לידער אין "יידישער זשור־נאַל" (טאָראָנטאָ, 1925).

באַטייליקט אין שיקאַגער "יידישער קו־ריער", ניו־יאָרקער "צוקונפט", "אידישער קעמפּער", "וועקער", "אין זיך" און אַנד. צייטשריפטן. מיטרעדאַקטאָר שיקאַגער "מיט־וועסט־מיירעוו אַנטאָלאָגיע", "בריקן", "לי־טעראַרישע זאַמלונגען" (1943־1948).

מחבר פון 5 לידער־זאַמלונגען אין יידיש און 5 — אין ענגליש. (ענגלישער נאָמען — סעלווין).

## שקליאַר (שקליאַרעק), משה

געבוירן אין וואַרשע, געלערנט אין באָראָ־כאָוו־שול. מלחמה־צייט געלעבט אין סאָוועטן פאַרבאַנד. פון 1946 צוריק אין פּוילן. דע־ביוטירט מיט לידער אין וואַרשעווער "אויפ־גאַנג". געדרוקט זיך אין "דאָס נייע לעבן" (1949־1950). אין דער "פאָלקס־שטימע", פון 1950 ביז 1968 געווען דאָרט שטענדיקער מיטאַרבעטער. מחבר און מיטרעדאַקטער פון די "יידישע שריפטן" (וואַרשע, 1962־1968).

פאַרעפנטלעכט לידער אין "סאָוועטיש היימלאַנד", "צוקונפט", "וועקער", "חשבון" (לאָס־אַנדזשעלעס), איצט רעדאַקטאָר פון זעלבן זשורנאַל. ווינט אין לאָס־אַנדשעלעס פון יאָר 1969.

מחבר פון 5 לידער־זאַמלונגען אין יידיש און איינע — איבערזעצט אין עברית דורך חיים רובינזון — מילים פשוטות, שירים (1972־1975).

## צום אָנדענק פון די שרייבער-קדושים

דעם 12טן אויגוסט 1985, האָט זיך דאָס יאָר ווי אַלע יאָר צונויפגעקליבן אַן עולם פון עטלעכע הונדערט מענטשן בײַם מעמאָריאַל-שטיין לזכר די אומגעבראַכטע ייִדישע שרײַבער אין סאָוויעט-רוסלאַנד. דער מעמאָריאַל-שטיין, ווי באַוווּסט געפינט אין איינער פון די שענסטע פּלעצער פון ירושלים, וווּ ס'קרייצן זיך איבער די גאַסן טשערניכאָווסקי און הערצאָג, אין גן תשי״ב (1952).

געעפנט די טרויער-פאַרזאַמלונג האָט דער דיכטער יוסף קערלער. מיט ווערטער זענען אַרויס-געטראָטן מאַניע שמידער — פון דער רוסלענדישער לאַזשע אין תל-אביבער בני-ברית און דער שרײַבער פּײַזול זינגלבוים.

מיט לידער פון די אומגעבראַכטע דיכטער, ווי אויך לידער געווידמעט די קדושים זענען אַרויסגעטראָטן נחמה ליפשיץ, רחל בוימוואַל, מאיר חרץ, זיאַמע טעלעסין, יוסף קערלער און דער גאַסט פון יוגאָסלאַוויע — דער סערביש-כאָרוואַטישער דיכטער א. פּעטראָוו, וועלכער האָט פאָרגעלייענט זײַנע איבערזעצונגען פון קוויטקאָ און מאַרקישס פּאָעזיע.



## צו די מחברים:

כתב-ידן ווערן אָנגענומען נאָר געדרוקט אויף אַ שרײַב-מאַשינקע (דעם ערשטן עקזעמפּלאַר).

כתב-ידן שוין געדרוקטע אין וועלכער ס'איז אויסגאַבע — טעגלעכע אָדער פּעריאָדישע — ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט.

נישט קיין אָנגענומענע כתב-ידן ווערן נישט צוריקגעשיקט.

ס'ווערן אָפּגעמערקט אָדער רעצענזירט בלויז אַזעלכע בי̇כער, וואָס מע שיקט אַרײַן דירעקט אין רעדאַקציע — ירושלים, שד' אשכול 12/6.

## אונדזער האַרציקן דאַנק

אַלע אָרגאַניזאַציעס און פּערזאָנען, וועלכע האָבן מיט זייערע ביי־שטייַערונגען געהאָלפן אַרויסגעבן דעם 16טן נומער פון "ירושלימער אַלמאַנאַך":

1. דעם ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע — 300 דאָל.
2. דעם ייִדישן קולטור־געזעלשאַפט צוותא בייִדיש אין ירושלים — 250 דאָל.
3. דעם צענטראַלן ייִדישן קולטור־קאָמיטעט אין מעקסיקע — 200 דאָל.
4. פרוי עמאַ שייווער (ירושלים) — 250 דאָל.
5. שרה און משה פרידמאַן (דעטרויט) — 100 דאָל.
6. זעליג בערקאָוויטש (שטאָקהאָלם) — 50 דאָל.

ר ע ד א ק צ י ע